# אָרעַ די באָרד

ר אָ מ אַ ן

אוים דעם לעבען פון אידישע אימיגראנטען, וואָס
האָבען אויפגעבויט אַ נייע שטאָדט אין אַמעריקאַ.

פ ו ן

## לעאָן קאָברין.

---

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס“
175 איסט בראדוויי, ניו יארק
1918

געווידמעט מיין פרוי, וואָס האָט באַלד
אַ פערטעל-יאָהרהונדערט צוזאַמען
מיט מיר דורכגעלעבט, דורכגעפיהלט
און דורכגעליטען דאָס לעבען.

# אינהאַלטס פערצייכנים.

# אַרע די באָרד.

.1

## אַרע די באָרד, יאַכנעטשיק און דער אָדעסער פּראַנטעל.

דאָס איז געווען אין'ם יאָהר 1903, בעת אין בראָנזוויל האָט זיך נור וואָס געהאַט אָנגעהויבען דעם בעריהמטער „בום" פון הייזער און לאַנד־אייגענטהום. דאַמאָלט איז נאָך בראָנזוויל ניט געווען די היינטיגע גרויסע אידישע שטאָדט מיט אַ בעפעלקערונג פון איבער צוויי הונדערט טויזענד אידישע נפשות. די דאָזיגע שטאָדט האָט נאָך ניט געהאַט אַזוי פיעל פערבויטע גאַסען, וועלכע ציהען זיך אויף מיילען ווייט, אַזוי פיעל גרויסע טענעמענט־הייזער מיט די נייעסטע איינריכטונגען, און פון די גרויסע עלעקטרישע לאַמפּען, וואָס בע־לייכטען דאָרט היינט די נעכט, ווי פולע לבנות, האָט בראָנזוויל דעמאָלט נאָך אויך ניט געוואוסט.

די דאָזיגע שטאָדט האָט דעמאָלט מעהר אויסגעזעהן ווי אַ דאָרף און געהאַט אַ בעפעלקערונג פון אַן ערך פינף און צוואַנציג טויזענד נפשות.

מחמת דעם שווערען פערקעהר מיט ניו יאָרק — דער נייער וויליאַמסבורג בריק מיט זיינע בראָנזווילער קאַרס און עלעווייטעד־צוגען איז נאָך דעמאָלט ניט געווען — איז בראָנזוויל דעמאָלט פיר אַ ניו־יאָרקער געלעגען ערגעץ וואו הינטער די „הרי־חושך"

די הייזער זיינען געווען קליינע, הילצערנע, ס'רוב בלויז־גע־פאַרבטע; די פענסטער מיט ווייסע ראַהמען; די גאַסען, ס'רוב ניט ברוקירטע, זיינען געלאָפען אויף אַ גאַנץ קורצען שטח און האָבען

זיך פון איין זייט פיטקין עוועניו באַלד אָנגעשטויסען אויף גרויסע שטרעקעס לאַנד, פעלדער און זומפען, און בערגלאַך, וואָס האָבען זיך געצויגען ווייט־ווייט ביז דער וואַלד דאָרט האָט זיי דעם וועג פערשטעלט מיט זיין מעכטיגער דונקעלער ברוסט... דאָ און דאָרט האָט אַ ווייסע פאַרם־הייזקע אַרויסגעקוקט פון דער ווייטען און די ווייסע פליגעל פון אַ ווינד־מיהל האָבען געווינקט. אַ בילען פון אַ הונד האָט זיך אַמאָל פון דאָרט געהערט, אַ הירזשען פון אַ פערד, אַ רעווען פון אַ בהמה...

ווינטער האָט דאָרט אַלסדינג אויסגעזעהען גרוי, און ווען אַ שנעע האָט געשאָטען — ווייס; און זומער האָט דאָרט אַלסדינג אויסגעזעהן פון ווייטען גרין, אַזוי פרעהלאַך גרין...

פון נאָהענט אָבער האָט דאָרט אויסגעזעהן ניט אַזוי יום־טוב׳דיג. גריבער און גרויסע זומפען זיינען דאָרט געווען, וואָס זיינען פערצויגען געווען מיט אַ דיקען, גרינעם הייטעל פון שימעל, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגען אַ מורא׳דיג שווערער גערוך פון צו־פוילטקייט. און אין די זומערדיגע נעכט איז די לופט דאָרט פער־הילכט געווען מיט דעם איין־טאָניגען קוואַקען פון זשאַבעס און גאַנצע וואָלקענס מיט מאָסקיטאָס האָבען זיך דאָרט געדרעהט...

פון דער אַנדערער זייט פיטקין עוועניו האָבען זיך די גאַסען באַלד אָנגעשטויסען אויפ׳ן פרעכטיגען, ברייטען און פער׳חלום׳טען בולוואַר, הינטער וועלכען עס האָבען זיך שוין ווידער געצויגען לעדיגע שטרעקעס לאַנד מיט בערגלאַך, גרעסערע און קלענערע, כמעט אַזוי ווייט ווי ביז אַטלאַנטיק עוועניו. זומער האָבען זיך אויף די דאָ־זיגע בערגלאַך געפּאַשעט ציגען, און אַמאָל אַן אויסגעדאַרט פער־דעל אויך. און ווינטער, ווען אַ שנעע איז אַרויסגעפאַלען, האָבען זיך קינדער דאָרט אויף זייערע שליטלאַך געגליטשט. איבער די גאַסען זיינען דאַן אַרומגעגאַנגען פראַנק און פריי ציעגען, גענז און היהנער מיט ציפּליאַטקעלאַך.

אין אַ רעגענדיגער צייט האָט זיך בראַנזוויל דאַן געטרונקען אין בלאָטעס, און ווען אַ גוטער שנעע איז אַרויסגעפאַלען, איז זי מאַנ־כעס מאָל וואָכען־לאַנג געלעגען פערזונקען אין׳ם שנעע, ביז ער איז ניט צוגאַנגען... אין זומער האָבען זיך דאָרט איבער די גאַסען געהויבען ווייסע וואָלקענס שטויב, ווען אַ וואַגען איז דורכגעפאָהרען.

און ווען די נאַכט איז צוגעפאַלען, האָט די דונקעלהייט פון די נאָענטע פעלדער, בערגלאַך און וואַלד אויף די גאַסען זיך אָנגערוקט, אויף די קליינע הייזלאַך, פון וועלכע קליינע פייערלאַך האָבען דורך די פענסטער מיט די ווייסע ראַהמען, ווי פייערדיגע אויגלעך ארויסגעווינקט. דאַן איז אויף די גאַסען געווען שטיל און דונקעל. דאָס ביסעל עלעקטרישע לאַנטערנעס, וואָס זיינען געשטאַנען צואוואָרפען און ווייט איינע פון דער אנדערער, האָבען געלויכטען אזוי ווי פויל און פערשלאָפען. די מעהרסטע פון די איינוואָהנער האָבען שוין גערוהט אויף זייערע געלעגערס. די ציעג איז שוין געלעגען אין דעם דונקעלען פיהר־הויז, די גענז און די היהנער האָבען זיך שוין פערקוקט ערגעץ אויפ'ן דונקעלען הויף...

נור איין קליין געסעל האָט נאָך ניט גערוהט — בעלמאָנט עוועניו, דער דאַמאָלסדיגער הויפּט מאַרק פון בראָנזוויל. דאָרט זיינען די קראָמען נאָך לאַנג געווען אָפען און אין דרויסען, אין די גאַנצע לענג פוןביידע טראָטואַרען, זיינען געשטאַנען אידען און אידענעס מיט סחורה אויף וועגלאַך, וואָס זיינען בעלויכטען געווען פון רויכיגע בלעכענע לעמפּלאַך. ווען אימיצער האָט זיך דאָרט בעוויזען, האָבען די דאָזיגע אַלע אידען און אידענעס זיך אַ כאַפּ געטהאָן, אויסצורופען זייער סחורה אין דער הויך, און זייערע קולות האָבען געוועקט די נאַכט פון'ם שלאָף...

די איינוואָהנער פון בראָנזוויל זיינען דעמאָלט בעשטאַנען פון קליינע אידישע געשעפטס־לייט, פון אידישע פּעדלערס, פון אידישע קליינע קאָנטראַקטאָרס, וואָס האָבען ארויסגענומען ארבייט, ס'רוב העמדער און ראַפּפּערס, פון ניו יאָרקער שעפּער, פון ארבייטער, וואָס האָבען געארבייט ביי די דאָזיגע קאָנטראַקטאָרס, פון אַנדערע בעלי־מלאכות, פון עטליכע אידישע דאָקטוירים, דענטיסטען און לאָיערס אויף סטאָון עוועניו, און פון עטליכע צעהנדליג אירלענדישע און דייטשע פאַמיליעס...

* * *

אַט אין דער דאָזיגער צייט, דאָס הייסט אין'ם יאָהר 1903, איז איינמאָל אין אַ שענעם פאַרנאַכט, דריי וואָכען נאָך פּסח, געגאַנגען אַ אידישער פּעדלער איבער פּיטקין עוועניו, ארויף צום בולוואַר צו, מיט אַ שווערען פּאַק, וואָס איז ארומגעבונדען געווען ביי

איהם מיט רימענס ארום דער ברוסט. ער איז געווען א הויכער, ברייטער, שטאַרקער איד מיט א משונה'דיג־גרויסער, שווערער, קאָל־טענעוואַטער שוואַרצער באָרד, ווי אַן אויפגעטרייסעלטער בעזים... דער גאַנצער פנים איז ביי איהם משונה'דיג געווען פערוואַקסען פון ביידע זייטען ביז אונטער די סאמע אויגען, וואָס האָבען געקוקט מיעד און פערטראַכט, און די דיקע, רויטע, פליישענע נאָז איז דאָרט געזע־סען ווי אויף א געדיכטען דונקעלען קוסט. ער האָט אויסגעזעהן א יאָהר פופציג אַלט, איז אַנגעטהאָן געווען אין א קורצען, אַלטען לייוועגטענעם רעקעל, אין אַלטע שוואַרצע הויזען און אין אַלטע צוקרימטע, פערשטויבטע שיך. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געטראַגען אַן אַלטען שוואַרצען קאַפּעליוש מיט צושפּאַלטענע ראַנדען. ער איז גע־גאַנגען אביסעל איינגעבויגען אונטער דעם שווערען פּאַק, אָבער מיט פעסטע טריט, און אין גאַנג האָט ער געוואָרפען מיט ביידע אָרעמס הין און צוריק. צייטענווייז האָט ער צוגעטראָגען זיין האַנד צום שטע־רען און מיט די רויטע, קאָראַווע פינגער אַרונטערגעשליידערט פון דאָרט גרויסע טראָפּענס שוויים.

אין דער לופט האָט דער יונגער פריהלינג געשוועבט און גע־אָטהעמט ארום זיך מיט וואַרימקייט, ליכט און גרינקייט. אויף די דעכער פון די קליינע, בלוי־געפאַרבטע הייזקעס מיט הויכע גאַניקעס, האָט אַרונטערגעקוקט א טיעף־בלויער הימעל. דאָ און דאָרט איז גע־שטאַנען א ציעג און זיך געריבען דאָס בעררדעל אָן א וואַנד. דאָ און דאָרט איז געלעגען אויף א גאַניק א קאַץ, צונויפגעדרעהט ווי א קנויל, און האָט געזשמורעט די אויגען. פון די זייטיגע, ניט־ברוך־קירטע געסלאַך האָט זיך געטראָגען א קינדערשער ליאַרם און א ווייסער שטויב, וואָס מסתמא דער קינדערשער געלאַף האָט דאָרט אויפגעהויבען.

דער פּעדלער איז געגאַנגען ווייטער. די קליינע הייזלאַך זיינען געבליבען הינטער איהם און פאַר איהם האָט זיך געעפענט פון איין זייט דער ברייטער בולוואַר, וואָס האָט גע'כשופ'ט פון ווייטען מיט זיינע גלייכע און דונקעל־גרינע רייהען בוימער, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געצויגען ווייסע זאַמדיגע וועגען, און פון דער אַנדערער זייט — א ברייטער שטויביגער וועג, וואָס איז געלאָפען באַרג אַרונ־טער, איז אריינגעפאַלען אין א טהאָל און האָט זיך פון דאָרט ווידער

ארויסגעקאראבקעט אויף א בערגעל און איז דערנאָך געלאָפען גלייך, ווי א סטרונע, פערביי גרינע פעלדער און גערטנער, פערביי א ווייסע פארם־הייזקע, ביז ער איז דאָרט פערשוואונדען געוואָרען הינטער דעם דונקעלען וואלד...

דער פעדלער האָט זיך פערקירעוועט לינקס און גענומען געהן מיט'ן שטויביגען וועג ארונטער. פלוצים האָט ער דערהערט הינטער זיך א בעקאַנטען, הייזעריגען קול:

— זעה, אָט איז דאָך אָרע די באָרד!...

און גלייך א רופען פון דעם אייגענעם קול:

— ר' אָרע! ר' אָרע!...

ער האָט זיך אָפגעשטעלט, און אומגעקוקט זיך. פון דער זייט פון'ם בולוואר זיינען געלאָפען צו איהם צו פערהאוועט צוויי אידען, איינער אן עלטערער, א קורצער און א דיקער, מיט א גרוי, שפּיציג בערדעל, פערזשמורעטע אויגען און אין א שוואַרצען ליוסטרינענעם רעקעל. ער איז געלאָפען און האָט געסאָפּעט, ווי אן אלטע קאַץ. דער צווייטער, א יונגער מאַן, א בלאָנדער און א שלאַנקער, מיט העלע, פרעהליכע אויגען, א ווייסען, רונדען, בעוועגליכען פּנים און מיט בלאָנדע, קאָקעטיש־פערדרעהטע וואָנצעס. דער יונגער מאַן איז אָנ־געטהאָן געווען ווי א פראַנט, אין א נייעם העלען אנצוג, און פון דער אויבערשטער קעשענע האָט קאָקעטיש ארויסגעקוקט די וויים־ראָזע ברעגעם פון א טיכעל. ער איז געלאָפען לייכט און גראַציעז, אַזוי ווי ער וואָלט געטאַנצט, און אונטער זיינע וואָנצעס האָט זיך געשפּיעלט א פרעהליכער און כיטרער שמייכעל.

ער האָט זיי ביידען געקאָנט. דער עלטערער איד איז געווען אברהם'ל יאַכנעטשיק, אן אלטער תושב פון בראַנזוויל. א סטאָליער פון דער היים, פון דעם רוסישען שטעדטעל סמארגאָן, האָט ער דאָ, אין דעם משך פון די פופצעהן יאָהר, זייט ער איז אין אמעריקא, אויס־געפּרובט א צעהנדליג אנדערע בעשעפטיגונגען: געפּרובט ארבייטען אין א שאָפּ אַלס העמדער־נייהער, דערנאָך א שטיקעל צייט געווען א קאָנטראַקטאָר פון העמדער, דערנאָך אן אַגענט פון קויהלען, פער־קויפט אליין קויהלען אין א קעלער, דערנאָך ווידער געאַרבייט ביי זיין אייגענער מלאכה, ביי סטאָלערייי, און איז צום סוף גאָר אוועק פּעדלען מיט שליסלען. זייט א יאָהר איז איהם אוועק בעסער: זיינע

צוויי אינגסטע טעכטער (די אנדערע קינדער זיינע, א זוהן און א טאָכטער, זיינען געווען פערהייראַט) זיינען אונטערגעוואַקסען, האָבען געארבייט ביי פרויען־מאַנטלען אין ניו יאָרק און איהם ארייגעבראכט צוואַנציג דאָלאר יעדע וואָך. אויסער דעם, האָט ער, אין דער לעצטער צייט, זינט מען האָט גענומען בויען נייע הייזער אין בראָנזוויל, אָפט געכאַפּט א פינף און צוואַנציגער, צי א פופציגער, פיר אויסמעקלערען א הויז, צי א „לאָט“.

דער אנדערער, דער יונגער מאַן, איז געווען סעם'קע בלום, אַן אַגענט פון זינגערס נעה־מאַשינען.

איהם האָט אָרע די באָרד ניט געקאָנט אַזוי נאָהענט ווי יאַכנעטשיק'ען. ער האָט נאָר געוואוסט וועגען איהם, אז ער הייסט סעם'קע בלום, איז אַן אדעסער יונגער מאַן, א יאָהר פינף אין אַמעריקא, האָט א צינגעלע פּעך און שוועבעל, רעדט ענגליש „ווי א וואַסער“, איז פריהער געווען אַן אַגענט פון די פייער און לעבענס פערזיכערונגס קאָמפּאַניעס און היינט פון זינגער'ס נייה־מאַשינען, און כאָטש ער איז ערשט א פּאָר יאָהר פערהייראטה, כאַפּט איהם אַן די נכפּה, ווען נור ער דערזעהט א שענע נקבה. ער קלייבט ניט אויס, א אידישע, צי א גוי'אישע, אַבי א שענע. אָרע האָט איהם עטליכע מאָל געטראָפען ביי זיינע גוי'אישע און אידישע קונדען, אפילו ביי די אָרומיגע פאַרמערס אין די הייזער. און יעדעס מאָל האָט ער, סעם'קע, דאָרט פערבראַכט מיט דער פרוי פון'ם הויז, מיט דער יונגער טאָכטער און אמאָל אפילו מיט דער דיענסט, אויב זי איז נור א יונגע געווען. האָט געמאָלען מיט דער צונג, געלאַכט און געמאַכט צו זיי זיינע פרעהליכע שטיק. ער האָט אַפּנים ביי זיי דערמיט אויסגענומען, ווייל כמעט אַלע די דאָזיגע פרויען, צו וועמען ער האָט געמאַכט זיינע פרעהליכע שטיק, האָבען ביי איהם נייה־מאַשינען געקויפט. אפילו דער שטיפערין רייטשלען, וועלכע וואָהנט ביי איהם, ביי אָרע'ן, האָט ער, סעם'קע, אויך א מאַשין ארייגעשפּאַרט, כאָטש זי האָט דאָס געדאַרפט האָבען, ווי אויגען־וועהטאָג. און ווען ער, אָרע, האָט איהר דעמאָלט פאָרגעוואָרפען: סטייטש, ווי נעהמט עס אַן אָרימע מיידעל און וואַרפט ארויס געלד אויפ'ן ווינד, זי איז עפּעס א ראָטשילדיכע, וואָס? זי פערדיענט דאָך אין גאַנצען זעקס דאָלאַר א וואָך אין שאָפּ. האָט זי געענטפערט: „ווי זאָגט מען אָפּ אַזאַ שענעם

געבילדעטען קאַוואַליער מיט אַזוינע שענע וואָנצעס?" און זי, די שטיפערין, דאָס מיידעל בראַנד־פייער, האָט נאָך דערביי אויסגעשטעלט איהרע ליפּען, אַ שמאָקצע געטהאָן מיט זיי די לופט איינמאָל, צוויי מאָל און אַ דריטען מאָל, און צוגעלעגט, פּאַסמאַקעווענדיג זיך ווי פון אַ געשמאַקער נאַשעריי און לאַכענדיג מיט די שוואַרצע, פייערדיגע אויגען: „אוי איז דאָס אַ זיסער דזשענטעלמען!" אפילו זיין אינג־סטע טאָכטער עטעל האָט זיך דעמאָלט אויך אָנגערופען צו איהם: „ווען ער וואָלט ניט געווען פערהייראַטה, און איך וואָלט געלד גע־האַט, וואָלט איך ביי איהם אויך גענומען אַ נעה־מאַשין, צי איך וואָלט זי געדאַרפט, צי ניט". קורץ, אַט אויף אַזוי פיעל האָט אָרע וועגען איהם געוואוסט, אַזוי פיעל האָט ער איהם געקאַנט.

— אַ סמן מזל — האָט אַרויסגעסאָפּעט הייזעריגלאַך יאַכנעטשיק און קוים אָבגעכאַפּט דעם אָטהעם.

— טאַקע אַ גוטער סמן! — האָט סעם'קע אונטערגעכאַפּט מיט אַ פרעהליכען שמייכעל אין זיינע העלע אויגען.

— וואָס איז? — האָט אָרע געפרעגט מיט אַ מיעד קול.

— מיר געהען דאָך דאָס צו אייך אַהיים, ר' אָרע, וועגען יענער מעשה. איז דאָס ניט אַ גוטער סמן, אַז מיר האָבען אייך געטראָפען אויפ'ן וועג? — האָט געזאָגט יאַכנעטשיק — אַ גוטער סמן, זיכער אַ גוטער סמן, ר' אָרע!

אָרע האָט געשוויגען און געקוקט מיט מיעדע אויגען פאַר זיך איבער יאַכנעטשיק'ס קאָפּ.

דאַן האָט ער אַ זיפץ געטהאָן, אָפּגעווישט מיט דער לענג פון'ם אַרבעל דעם שוויים פון'ם שטערען, און אַרויסגערעדט צוטראָגען:

— כ'וויים?... אַמאָל קען זיין איז דאָס אַ סמן פון מזל און אַמאָל, חלילה וחס...

— פון מזל, פון מזל! — האָט סעם'קע זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט היץ, נערוועז אַרויסגעשלעפּט זיין טיכעל מיט די ברעגעס פון דער אויבערשטער קעשענע, האָט עס אויפגעטרייסעלט, ווי אַ פאַכער, אויס־געווישט זיך מיט דעם די הענד, דעם נאַקען, אַ פיהר געטהאָן מיט דעם אונטער דער רונדער ווייסער מאָרדע, ווידער עס זאָרגפעליג צונויפ־געלעגט און אַריינגעשפּאַרט אין די אויבערשטע קעשענע מיט די ברעגעס אַרויס. דערביי האָט ער די גאַנצע צייט אונרוהיג בעוועגט

די פּיס, די הענד, די אַקסלען, געדרעהט דעם קאָפּ אויף אַלע זייטען און, עס איז קאַנטיג געווען, אַז ער איז זעהר נערוועז.

— נו, ר' אָרע, זייט איהר שוין פּארטיג? האָט איהר שוין אייער געלד ארויסגענומען פון דער באנק? — האָט יאַכנעטשיק אַ פרעג געטהאָן.

— דאָס געלד האָב איך ארויסגענומען נאָך נעכטען, נור פּארטיג בין איך נאָך ניט — האָט אָרע געענטפערט.

— וואָס הייסט?...

— איך וואָלט וועלען פּרובען מזל, נור איך האָב מורא — האָט אָרע ארויסגערעדט ווי צו זיך אַליין.

— איהר האָט נאָך אַלץ מורא? — האָט סעמ'קע זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט אַ טאָן פון ענטוישונג — גוואלד, מיסטער יאַכנעטשיק— האָט ער זיך געווענדעט צו דעם אַנדערען, וואָס איז איצט געשטאַנען מיט אַן אויסגעפּוטשעטען בויך געגען אָרע'ן און האָט געקוקט אויף איהם צוטומעלט: — גוואלד, מיט וועמען האָבען מיר זיך דאָ אָנגעהויבען? ער וועט אונז קיין געלד ניט געבען און דערווייל וועלען זיך אַנדערע דערוויסען פון דעם „פּארסעל" און מען וועט איהם פון אונז אַוועקנעהמען. לאָזט איהם צופריעדען, מיר וועלען געהן צו שמערלען, יענער וועט אפילו קיין מינוט ניט טראַכטען...

— אָט האָסטו דיר! — האָט יאַכנעטשיק ארויסגעמורמעלט — פיהרט אונז ארום אַ גאַנצע וואָך... דאָ גיט ער, דאָ ניט... ערשט נעכטען אין דער פריה האָט ער צוגעזאָגט, אַז ער גיט געוויס און איצט... איצט... נאַ דיר, מזל טוב! ער גיט שוין ווידער ניט!... וואָס איז? וואָס איז? וואָס איז שוין ווידער? — האָט ער אויסגעשריען, אויסגעפּוטשעט נאָך העכער דעם בויך פון וועלכען, דאכט זיך, זיין קול האָט זיך געטראָגען ווי פון אַ פּוסטער פּאַס, און אויסגעשטעלט צו אָרע'ן זיינע ביידע הענד מיט די קורצע, דיקע פינגער: — אדרבה, ערקלעהרט מיר... מיר וועלען ביי אייך עפּעס ארייננכאַפּען אייער געלד? מיר גיבען דאָך אויך געלד און איהר וועט דאָך זיין אַ שותף...

— יאָ, אבער... — האָט אָרע ארויסגעמורמעלט צוטראָגנען.

— וואָס „אָבער", וואָס? — האָט זיך יאַכנעטשיק אַ כאַפּ געטהאָן שוין מיט כעס — איהר ווילט דען ניט פערדיענען קיין געלד?...

אָדער גאָר — אפשר איז אייך שווער זיך צו שיידען מיט די הינט וואָס בעפאַלען אייך, בשעת איהר האַנדעלט? צי איהר האָט מורא, אַז איהר וועט ניט קענען לעבען אָהן די שטיינער פון די שקצים, ווען גאָט וועט אייך העלפען און איהר וועט פערדיענען אַ סך געלד?

— איך האָב מורא איינצושטעלען מיין ביסעל אַרימקייט — האָט אַרע געזאָגט און ווידער אַ זיפץ געטהאָן.

סעמ'קע איז צוגעשפרונגען צו איהם, האָט איהם אָנגעכאַפּט ביי אַ לאַץ און אריינגעשריען איהם גלייך אין פּנים:

— איהר זייט גערעכט, גערעכט, אַ קלוגער איד, אַ חכם! געלד זאָלען פערדיענען שמעריל פינקעלשטיין, בן ציון גולאַש, דאָקטאָר זילבערשטיין, סעמועלסאָן דער לאָיער, חיים־זוסע פּליוך, אייך אָבער קען דאָס געלד פערשאַדען. איהר זייט גערעכט! קומט, מיסטער יאַכנעטשיק. גיכער וועט איהר קענען קריגען ביי אַ באָק מילך, ווי ביי אַרע די באָרד אַ פּעני!... קומט, מיר וועלען געהן צו שמעריל פינקעלשטיין!...

— וואַרט, לויפט ניט, אפשר וועט ר' אַרע זיך פאַרט בערעכענען — האָט יאַכנעטשיק געזאָגט און זיך ווידער געווענדעט צו אַרע'ן:

— האָט איהר געהערט, ר' אַרע, אַז שמעריל פינקעלשטיין האָט נעכטען פערדיענט צוועלף הונדערט דאָלאַר פון „לאָטס"? פון האַנד צו האַנד האָט ער דאָס פערקויפט. ערשט געקויפט, געגעבען האַנד־געלד און אין אַ ווייל ארום איז געקומען דאָקטאָר זילבערשטיין און איהם דערלאַנגט צוועלף הונדערט דאָלאַר פערדיענסט. האָט איהר דאָס געהערט?

— איך האָב דאָס געהערט.

— און שמעריל איז אויך געוועזען אַ פּעדלער, ווי איהר, און היינט פעדעלט ער שוין ניט מעהר... און איהר האָט מורא, טאָמער וועט איהר שפּעטער ניט דאַרפען שלעפּען מעהר דעם שווערען זאַק אויף די פּלייצעס, האַ, ר' אַרע?

אַרע האָט ווידער אַ זיפץ געטהאָן און דערנאָך אויסגערעדט:

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, מיסטער יאַכנעטשיק: איך וויל און איך האָב עפּעס מורא. און מיין אידעם פינע רעדט מיר אויך אָפּ פון דעם. און די מאַמע מיינע זאָגט מיר אויך, איך זאָל דאָס ניט טהאָן.

— טאַ מעגט איהר געהן צו אייער באַבען! — האָט סעמ'קע אויסגעשריען.

— אהין וועלען מיר אַלע געהן — האָט אָרע בעמערקט מיט פּערדרוס אין'ם קול — איהר, מיסטער בלום, אויך, כאָטש איהר זייט אַזאַ חכם. דער מלאך המות וועט זיך גאָר ניט דערשרעקען פאַר אייער גלאַט צינגעלע...

סעמ'קע האָט זיך צולאַכט:

— נו, נו, אַי בעג יור פּאַרדאָן, זייט ניט בייז, עס איז נור געווען אַ וויטץ!...

— געפונען אַ צייט, ווען זיך מיט איהם צו וויצלען! — האָט יאַכנעטשיק אַ בורטשע געטהאָן און קרום אַ קוק געטהאָן אויף סעמ'קען. דערנאָך האָט ער זיך וויעדער געווענדעט צו אָרע'ן:

— ר' אָרע, גאָלד וואַלגערט זיך אין די גאַסען, שטיקער גאָלד... מענשען ווערען יעדען טאָג רייך. מען בויט אויס הייזער און מען פּערקויפט זיי גלייך. מען קויפט „לאָטס" און מען פּערקויפט זיי גלייך. די שטאָדט וואַקסט פון טאָג צו טאָג. נייע מענשען קומען אַן, גרינע און אויסגעגרינטע. די באַנקען גיבען געלד און באָלד, זאָגט מען, וועלען נאָך נייע קאַרס אַנהויבען צו לויפען פון בראָנזוויל אין ניו־יאָרק. גוואַלד, ר' אָרע, עס וועט אייך דערנאָך פּערדריסען!...

— אָבער, וואָס רעדט איהר איהם איין? — האָט סעמ'קע אויסגעשריען — אז ער האָט מורא, טאָ זאָל ער לייענען קריאת שמע און זיך לעגען שלאָפען. פאַר אונזער „בארגען" וועלען מיר קריעגען געלד ביי אַנדערע אויך.

— איך האָב מורא צו דערצעהלען וועגען אונזער „פּאַרסעל" אימיצען, מען וועט איהם צונעהמען און אונז נור געבען „קאָמישאָן"... ווען איהר וואָלט וויסען, ר' אָרע, וויפיעל געלד מען קען אָן איהם פּערדיענען — האָט יאַכנעטשיק אויסגעשריען — אָן אַלטע גוי'ע, איהר „פּאַרסעל" איז אַ מציאה ווי פון אַ גנב...

— טויזענדער קען מען מאַכען אָן איהם, פאָר גאָד'ס סייק... — האָט סעמ'קע אויסגעשריען און מיט היץ אַ פּאַטש געטהאָן אַ האַנד אָן אַ האַנד.

— איך קען אייך קיין ריכטיגע תשובה נאָך ניט געבען — האָט אָרע

פלוצים ארויסגערעדט, ווי צו זיך אליין — איך האב אינגאנצען עטליכע הונדערט דאלאר, אפגעשפארט פון מיינע צעהן יאהר פעדלען. יעדער דאלאר איז מיר מיט בלוט און שוויים אנגעקומען. געשלעפט די פעקלעך מיילען ווייט אין שנעע און אין שטורם, אין היץ און אין קעלט. פאר א הונד האב איך מורא אימת מות, פונדעסטוועגען בין איך געגאנגען וואו הינד זיינען געוועזן. און שטיינער האב איך אויך גענוג געקראגען. אודאי וואלט איך וועלען פטור ווערען פון דער דאזיגער פרנסה — און אפשר טאקי וואלט מיר גאט אויך געהאלפען ווי שמערלען און די אנדערע, נור ווי קען איך איינשטעלען מיין גאנץ ביסעל אפגעשפארט געלד, אזא בלוטיג געלד. בפרט נאך, ווען איך דארף האבען נדן פאר מיין עטעל'ען?... קלעהר אהער, קלעהר אהין, איך קען זיך קיין עצה ניט געבען. כ'וויים?...

— און מיר זיינען דאך אויך ניט קיין ראקעפעללערס — האט סעמ'קע זיך געהיצט — מיר גיבען דאך אויך אונזער לעצט געלד איך האב פערזעצט מיין ווייב'ס ציערונג, אויסגעלעדיגט די קעשענעס ביז דער לעצטער פעני, ביז איך האב צוזאמענגעקלאפט די זיעבען הונדערט דאלאר. איך וועל געבען מעהר פון אייך און מעהר פון מיסטער יאכנעטשיק'ן. ער גיט דריי הונדערט, איהר פינף הונדערט און איך — זיעבען. איהר קענט זיין זיכער, ווען איך זאל ניט זיין „שור", וואלט איך אויך ניט געקראכען מיט מיין געלד. ר' ארע לייט מאכען געלד, מאכט אויך געלד. פאר גאד'ס סייק, האט א ביסעלע „ספאנק"!

— אבער מיין גאנץ פערמעגען זיינען דאך די דאזיגע פינף הונדערט דאלאר! — האט ארע ארויסגערעדט.

— טא קייט שטרוי! וואס פארפיהרט איהר מענשען? וואס דרעהט איהר זיי א מוח? איהר האט גלייך געדארפט זאגען, אז איהר ווילט ניט, און ניט מעקען: יא! ניין! ניין! יא!... טפוי! — האט סעמ'קע א שפיי געטהאן מיט כעס.

— ר' ארע — האט יאכנעטשיק זיך דאן אנגערופען — אי, איהר זייט טאקי עפעס א מאדנער איד! ווען אייער פרוי וואלט געלעבט, וואלט זי שוין אייך דאס געהייסען טהאן. זי איז געוועזן קליגער פון ...... יאהר — האט ער צוגעלעגט — מיט מיין שוועסטער דער

אלמנה וועט איהר שוין ניט חתונה האבען. איך וועל איהר זאָגען, אַז איהר זייט אַ קמצן שבקמצן, אַז איהר וועט איהר זשאַלעווען אַ פּעני, וועט זי אייך ניט וועלען קאָנען.

אָרע האָט מיעד אַ שמייכעל געטהאָן און געזאָגט:

— נו, דאָס זעהט איהר, אָרט מיך גראָד אַ סך. קיין שידוך וועל איך סאַי ווי סאַי ניט טהאָן, ביז איך וועל ניט חתונה מאַכען מיין עטעל'ען.

— אָט באַלד גלויבט מען אייך — האָט סעם'קע אונטערגעכאַפּט. אַלץ נאָך אין כעס — איהר וועט אַזוי לאַנג אויסקומען אָהן אַ ווייב? איך קען אייך, נעוועך מיינד!

און ער האָט צו איהם אַ מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט וועלען איהם זאָגען: „נישקשה, איך ווייס, וואָס פאַר אַ מין פויגעל איהר זייט!"

— איך בין ניט אַזאַ הולטאַי, ווי איהר, מיסטער בלום — האָט אָרע זיך אָנגערופען — איך בין, ברוך השם, ניט איין יאָהר אויסגעקומען אָהן אַ ווייב.

— וואָס הייסט? אייער ווייב איז דאָך ערשט פאַראַיאָהרען געשטאָרבען? וועמען דערצעהלט איהר דאָ מעשיות?

— זיין ווייב איז געוועזען אַ קראַנקע — האָט יאַכנעטשיק בעמערקט.

— סטיימש, אַ קראַנקע! — האָט אָרע געזאָגט — קראַנק צו קראַנק איז ניט גלייך. האָט נעבעך צוועלף יאָהר נאָכאַנאַנד זיך אַליין געמוטשעט און אונז אַלעמען. מילא!

ער האָט אַ זיפץ געטהאָן און איז אַנשוויגען געוואָרען.

— אָה, אָט דערפאַר וואַרפט איהר אַמאָל אַ קוק אין צימער פון אייער באָרדערקע? — האָט סעם'קע זיך צולאַכט — אָה, איך ווייס אַלסדינגג. רייטשעל האָט מיר דערצעהלט....

אָרע איז צומישט געוואָרען.

— וואָס האָט זי דערצעהלט? פּע, איהר זייט אַ הולטאַי. מען קען דאָך טאַקי מיינען...

— וועגען וואָס האָט איהר גענומען ריידען? — האָט יאַכנעטשיק זיך אַריינגעמישט — ר' אָרע, הערט ניט וואָס ער זאָגט אייך. ער מאַכט שפּאַס.

— אַ הולטאַי ליעגט הולטאַיסטווא אין'ם זינען — האָט אָרע מיר אָן אויפגערעגט קול געזאָגט.

סעס'קע האָט ווידער אָנגעהויבען:

— מילא, ר' אָרע, איהר מאָגט עס טהאָן. איך אַליין האַלט עס דוקא פאַר אַ מצוה צו טהאָן. אזא שענע מויד, ווי רייטשעל, און גאָט האָט געגעבען דעם מענשען אויגען און אַ יצר הרע. שטעלט זיך פאַר, ר' אָרע, ווען גאָט העלפט אייך, איהר ווערט רייך, האָט איהר דערנאָך חתונה מיט אַ געזונדער, שענער מויד און איהר האָט הנאה פון דער וועלט. נעוועך מיינד, איהר זייט נאָך גאָר אַ נישקשה'דיגער איד...

— שקץ! — האָט אָרע אַרויסגעמורמעלט און געשמייכעלט צומישט.

— גענוג אייך צו רעדען דברים בטלים — האָט יאַכנעטשיק אויסגעשריען מיט אונגעדולד אין'ם קול — הקיצור, ר' אָרע, וואָס איז אייער תשובה — יאָ? ניין? אויב ניין, געהען מיר גלייך צו שמעריל פינקעלשטיין. מאָרגען מוזען מיר צונעהמען דעם „פּאַרסעל" ביי דער גוי'ע, אַניט האָב איך מורא, וועט מען איהם אַרויסכאַפּען. איך האָב שוין פריהער געזעהן סאַמועלסאָן דעם לאָיער אַרום איהר הויז. ער האָט דאָרט געשמעקט. און אַז ער וועט דעם „פּאַרסעל" דער־שמעקען, וועט ער מאַכען דאָס געלד.

— מוז איך אַריינלעגען דוקא די גאַנצע פינף?

— מען דאַרף האָבען פּופצעהן הונדערט דאָלאַר, ניט איין פּעני ווענינער. גיט מיסטער בלום זיבען, איך דריי און איהר מוזט געבען די גאַנצע פינף.

אָרע האָט זיך פאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער געענטפערט:

— גוט. קומט אַריין צו מיר שפּעטער אַ ווײַלע, איך וועל אייך געבען אַ קלאָהרע תשובה.

— ווען וועט איהר זיין אין דער היים?

— אַט איך וועל צוגעהן צום פאַרמער, וועל איך פאַרטיג ווערען מיט מיין טאָג און געהן אַהיים.

— וועט איהר, הייסט עס, שפּעטער געבען אַ בעשטימטע תשובה?

— יאָ, יאָ...

— א גוטען, מיר װעלען זײן בײ אײך.

**און זײ זײנען אװעק, יאַכנעטשיק מיט סעמ'קען צו פּיטקין װועניו צו, און אָרע מיט'ן שטױביגען װעג, װאָס איז געלאָפען באַרג אַרונטער.**

---

### .2

## אָרע און זײן שונא דער הונד.

— װאָס טהוט מען ? — האָט אָרע געטראַכט, אַרונטערלאָזענדיג זיך פון'ם באַרג מיט'ן שטױביגען װעג: — געדאַרפט פּרובען מזל, אפשר... אמת, מען קען, חלילה, דעם קאָפּ פערלירען, אָבער אַט האָט דאָך שמעריל און בן ציון אײנגעשטעלט און זײ זײנען הײנט נגידים. און אפשר װעלען זײ נאָך גאָר רײך װערען. אַז מען קען פערדיענען צװעלף הונדערט דאָלאַר אין אײן טאָג, איז דאָך אַלסדינג בײ גאָט מעגליך. ער האָט געהערט, װי דער לאַיער סאַמועלסאָן און דאָקטאָר זילבערשטײן האָבען גערעדט, אַז מען דאַרף ערװאַרטען גרױסע געשעפטען פון „ריעל עסטײט" אין בראַנזװיל, מחמת נאָך'ן קישינעװער פּאָגראָם און די קלאַנגען װעגען מלחמה מיט יאַפּאַן קומען אַן פון רוסלאַנד אַ סך מענשען אין אַמעריקאַ. ניו יאָרק איז ענג געװאָרען, מוזען זײ קומען װאָהנען אין בראַנזװיל. דאַרפען זײ האָבען װאָהנונגען, מעג מען בױען הײזער, מעג מען קױפען „לאָטס"... אַזױ האָבען גערעדט סאַמועלסאָן, דער לאַיער, און זילבערשטײן, דער דאָקטאָר. און זײ זײנען דאָך ניט קײן קלײנע קינדער, זײ װײסען דאָך מסתמא, װאָס זײ רײדען. אַ סמן, װאָס מען בױט יעדען טאָג אַזױ פיעל נײע הײזער און אַלע װערען באַלד פערנומען. װאו האָט עס בראַנזװיל אַמאָל געזעהען ?...

ער איז איצט געגאַנגען אױף אַ זאַמדיגען בערגעל, װאָס איז בײ די זײטען געװען מיט יונגען גראָז בעװאַקסען. פון ערגעץ האָט זיך געהערט אַ פּאָהרען פון אַ װאָגען....

און אפשר װאָלט איך אױך רײך געװאָרען ? — האָט ער געטראַכט װײטער—אַי, װען גאָט װאָלט רחמנות געהאַט! פאַר עטלעך'ן װאָלט ער אַ װאױלען חתן געקראָגען... אַ סך נדן װאָלט ער איהר

געגעבען... און זיין עלטסטע טאכטער שרה'קען מיט איהר מאן פינע'ן וואלט ער אויך פערזארגט... ער אליין וואלט דערנאך אויך חתונה געהאט עפעס מיט א לייטישע פרוי... מיט זיין ווייב חוה־דוואשען האט ער זיך די לעצטע אלע יאהרען נור געמוטשעט... און ער איז דאך ניט מעהר ווי א זינדיגער בשר ודם... האט ער טאקי א סך מאל געזינדיגט אין די מחשבות... בפרט נאך ווען אזא געזונדע מויד, ווי זיין בארדערקע, טאנצט שטענדיג פאר די אויגען... פון וואנען ווייסט סעם'קע, אז ער קוקט אמאל אריין צו איהר פער'גנב'עט דורכ'ן שליסעל־לאך?... ער זאגט, אז רייטשעל האט דאס איהם דער־צעהלט. כזב ושקר! זי ווייסט דאס ניט, קיינער ווייסט דאס ניט! זאל איהם טאקע גאט מוחל זיין! היינט אין דער פריה נאך האט ער צו איהר פער'גנב'עט אריינגעקוקט. אי, וואס פאר א פארשוין! וואס פאר א ארעמס, וואס פאר א פלייצעס! היינט די אויגען, גאַ־טעניו, די מלכה שבא האט דאך ניט געקענט זיין שענער, לילית, להבדיל אליין, קען דאך ניט זיין קיין גרעסערע פארשוין!...

ער האט זיך א כאפ געטהאן: וועגען וואס טראכט ער? און האט מיט כעס אויף זיך אליין א שפיי געטהאן.

ער איז ארויף אויפ'ן בערגעל. אנטקעגען איז געפאהרען א וואגען. הינטער'ן וואגען האט זיך געטראגען א ווייסער וואלקען שטויב, און ביי דער זייט איז געלאפען א גרויסער, שווארצער הונד.

ער האט דערזעהן דעם הונד, האט ער זיך א צאפעל געטהאן און זיך אפגעשטעלט מיט צושראקענע אויגען. ער האט געקענט דעם הונד און דער הונד איהם, און ביידע האבען זיך איינע די אנדערע שטארק געהאסט. טאקי צוליעב דעם דאזיגען הונד האט ער אויפגע־הערט צו געהן צו א פארמער, זיינעם א גוטען קונד, וואס האט דארט געוואהנט הינטער'ן וואלד...

דער הונד האט איהם דערזעהן, האט ער אויפגעשטעלט זיינע אויערען און גענומען בורטשען. ארע האט אנגעהויבען צו טרעטען הינטער־וויילעכץ און אן א זייט, ניט ארונטערנעהמענדיג די צושראַ־קענע אויגען פון איהם.

פלוצים האט דער הונד זיך אווארף געטהאן אנטקעגען איהם מיט אן איינגעבויגענעם קאפ, ווייסע, אויסגעשצירעטע צייהן און ברע־נענדיגע אויגען.

אָרע האָט זיך ראַפּטאַם אַ וואָרף געטהאָן אַן אַ זייט, גענומען זיך דרעהען אויף אַלע זייטען מיט אויסגעגלאצטע אויגען, אָפּענעם מויל, מיט'ן שווערען פּאַק אויף די אַקסלען און געזוכט אַ שטעקען.

דער הונד האָט זיך אויך געדרעהט אַרום איהם, אַרויסגעוויזען נאָך מעהר זיינע ווייסע, שפּיציגע צייהן און נאָך מעהר צורייצט געבולען.

קיין שטעקען איז ניט געווען אונטער דער האַנד. דאַן האָט אָרע אַ כאַפּ געטהאָן אַ הויפען זאַמד פון דער ערד — דער הונד האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צוריק — אָרע האָט גענומען מורמלען שנעל און צו־שראָקען דעם פּסוק, מיט וועלכען ער האָט אַלע מאָל על פּי געוואָהנהייט בעגעגענט די הינד:

— איך בין יעקב, דו ביזט עשיו, וועסטו מיך בייסען, וועלען דיך שדים צורייסען...

אָבער אין דער אייגענער רגע האָט דער הונד זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם אַזוי האַסטיג, דאָס אָרע האָט אַ געשריי געטהאָן: — אַי! — און אַ שמיץ געטהאָן אויפ'ן הונד דעם הויפען זאַמד. דער הונד האָט נור אַ טרייסעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און איז גאָר ווילד געוואָרען. פאַר צורייצטקייט איז ביי איהם אונטער דער נאָז אַזש ווייס געוואָרען און די אויגען ביי איהם האָבען זיך מיט בלוט אָנגעגאָסען...

אָרע האָט זיך געוועהרט געגען איהם מיט די הענד און מיט די פיס, און זיינע אויסגעגלאַצטע אויגען, זיין אָפּענער מויל און זיינע משונה'דיגע, קאַלטענעוואַטע באָרד, וואָס איז איצט נאָך מעהר צופּאַ־טעלט געווען, האָבען טויט־שרעק אויסגעדריקט.

דער הונד האָט איהם אַ כאַפּ געטהאָן ביי דער פּאָלע. אָרע האָט גענומען שרייען. און פּלוצים האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ ווילדען געשריי, פול מיט העכסטער פערצווייפלונג, און אַזוי אַריינגעפּאָהרען דעם הונד מיט'ן פוס אין בויך אַריין, דאָס דער הונד האָט זיך עטליכע מאָל איבערגעדרעהט אויפ'ן רוקען און איז דערנאָך אויפגעשפּרונגען מיט אַ סקאַוואוטשען.

איצט האָט זיך אָרע אַ וואָרף געטהאָן נאָך איהם, צורייצט און ווילד, שרייענדיג מיט אַזאַ משונה'דיגען וויינענדיגען קול, אָהן ווערטער...

אויף אַ רגע האָט זיך דער הונד דערשראָקען פאַר דעם צורייצטען מענשען, איז אַריבערגעשפּרונגען די קאַנאַווע ביים וועג, האָט זיך

אָבגעשטעלט, געקוקט אויף אָרע׳ן מיט צושראָקענע אויגען, שנעל געסאָפּעט און בעוועגט מיט ביידע זייטען.

אָרע האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויפ׳ן הונד און געסאָפּעט אַזוי, דאָס דער פּאַק אויף זיינע אַקסלען האָט זיך בעוועגט ארויף און אראָפּ.

דערווייל איז דער וואגען צוגעפאָהרען נעהעגטער, דער הונד איז געוואָרען ביי זיך סמעלער און האָט זיך ווידער א וואָרף געטהאָן איבער דער קאנאווע אויף אָרע׳ן. אָרע האָט ווידער גענומען זוכען ארום זיך א שטעקען.

אויפ׳ן וואגען זיינען געפאָהרען צוויי יונגע, שטארקע שקצים. איינער פון זיי איז ארונטערגעשפּרונגען מיט א פרעהליכען געלעכטער. האָט א כאפּ געטהאָן דעם הונד ביים קאָפּ און איהם אריינגעוואָרפען אין׳ם וואָגען. דערנאָך איז ער צוגעגאנגען צו אָרע׳ן מיט אויסגע־שטעלטע, געזונטע, ווייסע און לאכעדיגע צייהן, האָט געזאָגט: „העללאָ, וואהיסקערס!“ א צופּ געטהאָן איהם ביי דער באָרד, ארונטערגעשלעפּט איהם דעם קאפּעלוש איבער׳ן שטער׳ן, אנגענומען דעם פּאַק און א שטויס געטהאָן פון זיך, דאָס אָרע איז געפאלען מיט׳ן פּנים אראָפּ, מיט ביידע הענד איינגעגראָבען אין׳ם זאמד...

די ביידע שקצים האָבען זיך צולאכט אויפ׳ן קול און זייער הונד האָט גענומען ביללען...

אין א ווייל ארום, ווען אָרע האָט זיך אויפגעהויבען פון ד׳ערד, איז שוין דער וואָגען מיט די שקצים מעהר ניט געווען. אָרע איז געשטאַנען א צוטומעלטער מיט זאמד אויף דער באָרד און אויף די קליידער.

דערנאָך האָט זיך ביי איהם ארויסגעריסען מיט טיעפען וועהטאָג:

— רבונו של עולם, וועסטו שוין אמאָל רחמנות האָבען אויף מיר?...

אין׳ם קאָפּ האָט איהם געשווינדעלט פאר מיעדקייט און שרעק, און די פיס האָבען זיך אונטערגעבויגען. ער האָט בעשלאָסען, אז צו זיין קונד דעם פארמער וועט ער מאָרגען געהן.

ער האָט פערריכט אויף זיך דעם פּאַק, אָפּגעטרייסעלט די זאמד פון דער באָרד און קליידער און איז צוריק אוועק מיט׳ן שטויבינגען וועג אהיים...

דאָרט הינטער איהם איז די זון אונטערגעגאַנגען. איבער'ן וואַלד האָט געברענט און די בוימער האָבען אויסגעזעהן שוואַרצער און געוואָרפען פון זיך דונקעלע שאָטענס, פול כשוף...

---

.3

## די אַלטע פרומע און אָרע'ס אָרימע הויז.

אָרע האָט געוואָהנט אויף קריסטאָפער סטריט, אין אַ קליין הילצערן. צוויי שטאָקיג הייזקע מיט אַ גאַניק, אויף וועלכען עס איז שטענדיג געלעגען אַ ציעג, וואָס האָט געהערט צום בעל הבית פון'ם הויז. אָרע האָט געוואָהנט אונטען אין פינף צימערען. פיר זיין וואָהנונג האָט ער געצאָהלט זיעבען דאָלאַר אַ חודש. אויבען האָט געוואָהנט דער אייגענטהימער פון'ם הויז משה־איצע לעווין, אַ קליינער קאָנטראַקטאָר פון העמדער.

ווען אָרע איז אריינגעקומען אין הויז, איז די אַלטע פרומע, זיין מאַמע, אַן אַלטינקע, איינגעהויקערטע אידענע, דאָן געזעסען אויף אַ שטוהל נעבען פענסטער, מיט ברילען אויף דער נאָז און געצירעוועט אַ זאַק אויף אַ גלאָז. אַ שוואַרצע קאַץ מיט געלע אויגען און ווייסע וואָנצעס, האָט זיך פרעהליך געדרעהט ארום איהר, האָט דאָ אויסגעבויגט דעם רוקען, פעררייסען דעם עק און געדרעהט געגען פרומען דעם שוואַרצען, גלאַנציגען קאָפּ, און דאָ האָט זי געריבען איהרע ווייסע וואָנצעס אַן פרומע'ס קלייד. ווען די קאַץ איז שוין צופיעל צערטליך געוואָרען, האָט די אַלטע דאָן אַ מאַך געטהון אויף איהר מיט דער האַנד און ארויסגעלאָזט דורך די ליפּען אַ קלאַנג, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ שטיל פייפען:

— אפסיק! אפסיק!...

אויסער זיי איז אין'ם הויז מעהר קיינער ניט געוועזן. די באָרדערקע רייטשעל און די טאָכטער עטעל זיינען נאָך פון דער ארבייט ניט געקומען.

די צימערען זיינען געוועזן קליינע, אַהן גאַז, אָבער ליכטיגע, אַלע מיט פענסטער, וואָס האָבען ארויסגעקוקט אויף אַ ווייטען, פרייען

פּלאַץ. די גאַנצע מעבעל אין דעם פראָנט-צימער, וואָס איז אויך געווען דאָס עס צימער, איז בעשטאַנען פון עטליכע אַלטע שטוהלען, אַ קאַנאַפּע מיט אַ שוואַרצער, אָפּגעריסענער סאַראַטע, אַ טיש, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אַ לאָמפּ מיט אַ רויטען קאָלפּאַק און פון אַ קאָמאָדע, אויף וועלכער עס האָבען געבלישצעט אַ האַלב דוצענד מעשענע לייכטער און אַ היימישער סאַמאָוואַר, וואָס איז דאָ פיר די גאַנצע צייט, זינט מען האָט איהם אַהער געבראַכט, קיין איינמאָל ניט גענוצט געוואָרען. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען דריי בילדער: פון משה מאָנטיפיאָרע, באַראָן הירש און פון רבי יצחק אלחנן. אויף דער רעכטער האַנד האָט זיך געפונען רייטשעל'ס צימער, פיר וועלכען זי האָט אָרע'ן געצאָהלט דריי דאָלאַר אַ וואָך צוזאַמען מיט עסען. אויף דער לינקער האַנד האָט זיך געפונען די קיך, און אין איין לענג מיט'ן עס-צימער האָבען זיך געצויגען די איבעריגע צוויי צימערען, וואָס אין איינעם פון זיי האָבען געשלאָפען פרומע און עטעל, און אין דעם צווייטען — אָרע.

— גוטען אָבענד, מאַמע! — האָט אָרע געזאָגט, איז צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע און אַרונטערגענומען פון זיך דעם פּאַק: — זיי זיינען נאָך ניטאָ פון דער אַרבייט?

— זעהסט ניט, אַז עס איז שטיל אין שטוב? — האָט פרומע געענטפערט — ווען די טענצערקע וואָלט שוין געווען אין דער היים, וואָלט אַזוי שטיל אין שטוב ניט געווען, נשקשה!...

אָרע האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קאַנאַפּע און טיעף אָפּגע־זיפצט.

— פערמאַטערט, מיין זוהן, הא — האָט די אַלטע אַרויסגערעדט מיט רחמנות אין'ם קול און איהם אָנגעקוקט דורך די ברילען מיט טיעפען צער.

— איך האָב געהאַט איצט אַ בייזע בעגעגעניש — האָט אָרע געזאָגט מיט אַ מיעדער קול — אַ הונט איז מיך בעפאַלען און אַ גוי...

— וועה איז מיר! — האָט זיך די אַלטע אַ כאַפּ געטהאָן מיט שרעק — נו?...

— דאַנקען גאָט, אָפּגעקומען נור מיט שרעק...

— נו, אַ דאַנק גאָט כאָטש דערפאַר... אוי צו, אַז אַמעריקאַ! אין דער היים געווען אַ שטיקעל סוחר, געהאַנדעלט מיט'ן גוי אויפ'ן

מאַרק, און דאָ האָב צו טהאָן מיט הינט. כדאי געווען צו פערשלעפען די ביינער אהער!

— דער שד ווייסט די הינט, פאַרוואָס זיי בעפאַלען מיך אזוי. אנדערע פעדלער טשעפּען זיי ניט. אפשר דערפאַר, ווייל איך האָב מורא פיר א הונד, בעפאַלען זיי מיך אזוי?...

— דו דאַרפסט זיי זאָגען, מיין זוהן, דעם פסוק...

— איך זאָג, עס העלפט אָבער ניט... אוי, מאַמע, א ביטערע פרנסה! ווען גאָט זאָל מיר העלפען — האָט ער ארויסגערעדט צוטראָגען — ווען ער זאָל רחמנות האָבען אויף מיר. אָט האָט ער דאָך אויף אנדערע יאָ רחמנות געהאַט. און אפשר... אפשר... כ'וויים?

— ער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט און געדריקט מיט די אַקסלען

— כ'וויים? איך וועל פרובען, איך וועל איינשטעלען... וואָס גאָט וועט געבען, דאָס זאָל זיין!...

— וועגען וואָס רעדסטו, מיין זוהן?

— גאָר נישט, גאָר נישט — האָט ער געענטפערט צוטראָגענ.

ער האָט איצט געהאַט בעשלאָסען איינצושטעלען זיין געלד און ניט דערצעהלען וועגען דעם ניט זיין מאַמע'ן, ניט עטעל'ען און ניט זיין איידעם פינע'ן, וויסענדיג אפריהער, אז זיי וואָלטען איהם ניט געלאָזט דאָס טהאָן.

— נו, בין איך ניט גערעכט? — האָט זיך די אַלטע פלוצים א כאַפּ געטהאָן מיט כעס — אזא טרפה'נע האַלז... בראַמסק! בראַמסק!... אז פערוואַליען זאָל איהר!...

— ווער? — האָט אָרע געפרעגט צוטראָגען.

— אָט רייטשעלע! איך האָב היינט אין דער פריה זיך מיט איהר צוקריעגט. דו אַרבייטסט געבעך אזוי שווער, ביז דו פערדיענסט א סענט, האָסטו צו טהאָן מיט הינט, שקצים און זי, די טענצערקע, די טרפה'נע האַלז, מאַכט א תל פון דעם צוקער. זעצט זיך א וועק טרינקען טהעע, איז איהר גאָר קיין געגוג ניטאָ. פיער שטיקלעך צוקער אין א גלאָז, פיער שטיקלעך! און זאָגט מען איהר דאָס, טהוט זי נאָך אויף צו להכעים: שפּאַרט זיך אָן דעם מויל פול מיט צוקער, און בראַמסק, בראַמסק, בראַמסק, אזש די גאַל, זאָל ער אויסהיטען, קען פּלאַצען!...

— דו דאַרפסט זיך מיט איהר ניט קריגען, מאַמע. אַז גאָט וועט מיר העלפען און איך וועל קענען אויסקומען אַהין באַרדערקעס, דעמאָלט וועט זיין אַנדערש. דערוויילע אָבער איז אַ שאַד, ווען זי זאָל ארויס־מופען. דריי דאָלאַר אַ וואָך...

— אָבער זי פרעסט דאָך דיר אָפּ דעם קאָפּ. איך קען דאָס ניט צוזעהן. אַ זויפערין, אַ נאַשערקע, מען וואָלט איהר געלאָזען, וואָלט זי די גאַנצע שטוב איינגעשלונגען...

— אומשטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ „מאַרצעפּאַנעס" זי עסט ביי אונז — האָט אָרע געזאָגט.

— נאָך מיט „מאַרצעפּאַנעס" האָט מען זי געדאַרפט קאָרמענען, אַזוי איז זי נאָך ווענינ געזונד און גראָב! — האָט פרומע אויסגע־שריען און זיך אויפגעהויבען — דו וועסט טרינקען טהעע? — האָט זי פלוצים אומגעביטען דעם טאָן.

— ניין, איך וועל אַפריהער דאַווענען מנחה.

— געה דאַווענען מנחה אין דיין חדר. די טענצערקע קען נאָך אָנקומען און דו ווייסט דאָך, ווי מען קען דאַווענען, אַז זי איז אין שטוב. דערפאַר האָב איך זי אויך פיינט, וויל שטענדיג ברענט זי און קאָכט, ווי אַ שד, אַ מחבל, גאָר ניט ווי אַ אידישע טאָכטער...

אָרע איז אַוועק דאַווענען מנחה אין דעם צימער, וואו ער האָט געשלאָפען. ער האָט געוואָלט היינט דאַווענען מנחה מיט כונה, מיט'ן גאַנצען האַרצען, היינט, ווען ער האָט בעשלאָסען איינצושטעלען זיין גאַנץ געלד... ער האָט געוואָלט אין גאַנצען זיך איבערלאָזען אויף גאָט'ס רחמנות. זיין מאַמע איז געבליבען אין עס־צימער און ניט קוקענדיג, וואָס קיינער, אויסער איהר, איז דאָרט איצט ניט גע־ווען, האָט זי גערעדט ווייטער הויך אויפ'ן קול און אַלץ וועגען ריימ־שלען, די טענצערקע, וועגען די טרפה'נע האַלז...

זי איז געוועזען די גאַנצע בעל־הבית'טע אין הויז פון דעם ער־שטען טאָג אַן זייט זי איז געקומען צו איהר זוהן אין אַמעריקאַ פון איהר קליין ליטוויש שטעדטעל, נאָך איהר מאַן'ס טויט, מיט אַכט יאָהר צוריק. אין דער היים האָט זי געהאַט פיער טעכטער. אָבער נאָך איהר מאַן'ס טויט האָט זי געוואָלט זיין מיט איהר אָרע'ן, מיט איהר בן־יחיד, איהר איינציגען קדיש, און איהרע טעכטער האָבען זי אָוועקגעשיקט אין אַמעריקאַ. געקומען אַהער, האָט זי געטראָפען איהר

זוהן פער'צרה'ט, פערזאָרגט, זיין ווייב חוה־דוואָשע'ן, אַן אונגליקליך קראַנק בעשעפעניש, אַ הויפען ביינער, מיט אַ פּנים געל און טרויעריג, ווי אַ וואַקסענע יום־כּפּור ליכט, פעריאָמערט, און דאָס קינד עטעלע בלייך און פערמאַרעט. ארע'ס עלטסטע טאָכטער, שרה'קען, וועלכע איז שוין דאַ געוועזן פערהייראַט מיט פּינע'ן, אויך אַ פעדלער, איז אויך ניט געגאַנגען אַם בעסטען. דאָן האָט די אַלטע פרומע זיך אַ נעהם געטהאָן מיט איהרע אַלטע כּחות צו אָרע'ס הויז, געסקראָבעט די פּאָדלאָגעס, געוואַשען די וועש, געקאָכט און געראַמט. גאַנץ פריה האָט מען שטענדיג געקענט זעהען, ווי זי זיצט ביים טיש מיט די ברילען אויף דער נאָז און צירעוועט אַ זאָק, אָדער לאַטעט אָרע'ס אַ בגד, חוה־דוואָשע'ס אָדער עטעלע'ס אַ העמד. חוה־דוואָשע'ן, וואָס איז שטענדיג ארומגעגאַנגען איבער'ן הויז, ווי אַ שאָטען, און געקרעכצט און געקלאָגט זיך, אַז קיינעם אַרט ניט, וואָס זי איז קראַנק, אַז אַלע וואַרטען נור אויף איהר מיתה, האָט זי פיינד געקראָגען, פאַרוואָס זי פערפינסטערט איהר אָרע'ן די יאָהרען. זי האָט זיך תּמיד אָנגענומען פאַר איהם. ער איז פאַר איהר געוועזן דער גאַנצער חיות, די גאַנצע וועלט. זיינע קינדער זיינען ביי איהר געוועזן די אויגען פון קאָפּ. עטעלע'ן האָט זי צוגעזעהן, ווי אַ בת יחיד'קע, און ווען יענע האָט געגעסען, האָט זי נאָר איהר אין די אויגען אריינגעקוקט. און ביינאַכט, שלאָפענדיג מיט איהר אין איין צימער, איז זי אַ סך מאָל פון'ם בעט ארונטערגעגאַנגען, צו זעהן, אויב „דאָס קינד“, דאָס הייסט, די זיעבצעהן יאָהריגע עטעלע, איז גוט צוגעדעקט, צי די קישען ליגט גוט אונטער איהר קאָפּ. און ווען שרה'קע איז געלעגען געוואָרען, האָט די אַלטע פרומע אַ גאַנצע וואָך פון איהר בעט ניט אָפּגעטראָטען. און פאַר־אַ־יאָהרען, בעת חוה־דוואָשע איז געשטאָרבען, האָט זי פון זיך ניט געקענט פערטרייבען דעם געדאַנק, פאַר וועלכע זי האָט אפילו ביי גאָט מחילה געבעטען, אַז איצט וועט איהר אָרע אָפּכאַפּען דעם אָטהעם, וועט אפשר נאָך חתונה האָבען מיט אַ לייטישע פרוי און וועט נאָך אפשר אַ קדיש אויך האָבען... און דערנאָך, ווען רייטשעל האָט צו זיי אריינגעצויגען, האָט זי די ערשטע צייט בעדיענט יענע ווי אַ דיענסט, אַבי אָרע זאָל אריינקריגען די דריי דאָלאַר אַ וואָך. ערשט שפּעטער האָט זי רייטשלען פיינד געקראָגען פאַר איהר שטיפען און „טריפה'נע האלז“.

זי איז כמעט שטענדיג געזעסען אין דער היים, האָט געוואוסט נור פיער גאסען אין בראַנזוויל: די גאַס וואו זי האָט געוואָהנט; די גאַס, וואו שרה'קע מיט פינע'ן האָבען געוואָהנט; די גאַס וואו די שוהל איז געשטאַנען, וואוהין זי פלעגט יעדען שבת געהן דאַוונען, און בעלמאָנט עוועניו, וואו זי האָט איינגעקויפט פאַר דאָס הויז.

אין די גאַנצע אכט יאָהר, זייט זי איז אין אַמעריקא, איז זי נור דריי מאָל געוועזען אין ניו יאָרק: איינמאָל צו א חתונה און צוויי מאָל צו לויות ביי לאַנדסלייט...

---

## 4

## רייטשעל די טענצערקע.

די טהיר האָט זיך האַסטיג אָן עפען געטהאָן און אין שטוב איז אַריינגעלאָפען א יונגע מיידעל.

— גוט יום־טוב, פרומע! — האָט דאָס מיידעל פרעהליך געזאָגט.

— זאָל זיין גוט יום־טוב! — האָט פרומע אַרויסגעבורטשעט אונטער דער נאָז און קרום א קוק געטהאָן אויף דאָס מיידעל.

— ביי אונז אין שאָפּ איז היינט געווען יום־טוב, מען האָט א גאַנצען טאָג ניט געאַרבייט. עס האָט געדאַרפט אָנקומען אַרבייט פון ניו יאָרק און עס איז ניט אָנגעקומען — האָט דאָס מיידעל גערעדט ווייטער, אַרויסנעהמענדיג א קליין שפּיגעלע פון א פּאַרטמאָנע און אַריינקוקענדיג אין איהם: אוי, — מיר איז אזוי ניט גוט אין'ם מויל!...

זי האָט אַרויסגעשטעלט א שפּיץ צונג געגען דאָס שפּיגעלע און דערנאָך זיך א קעהר געטהאָן צו פרומע'ן, מיט אַן אַרויסגעשטעלטער צונג:

— פרומע, עפּעס וויים?...

— עס ניט אזוי פיעל, וועט ניט זיין וויים — האָט פרומע געענטפערט.

— איך האָב מורא, אַז עס איז דערפאַר ווייל איהר גיט ניט קיין פרישע עסען — האָט דאָס מיידעל געזאָגט און צוריק בעהאַלטען דאָס שפּיגעלע אין איהר פּאָרטמאָנע, וועלכען זי האָט דערנאָך אוועק־געלייגט אויפ'ן טיש.

— זאָל זיין ווי דו זאָגסט — האָט פרומע א בורטשע געטהאָן און ארונטערגענומען די ברילען פון דער נאָז.

— בורטשעט, בורטשעט, בורטשעט, הו־הו־הו! — האָט דאָס מיידעל נאָכגעמאַכט מיט א קאָמישער מינע אונטער דער נאָז, ווי אַזוי פרומע בורטשעט — גוואַלד, פרומע, וואָס האָט איהר צו מיר? פאַרוואָס האָט איהר מיך אַזוי פיינד?

— ווייל אין דיר, רייטשעלע, איז קיין אידישע האָאר ניטאָ, ווייל איך האָב פיינד, אַז אַ אידישע מיידעל שפּרינגט פון דער הויט, טאַנצט און קעהרט וועלטען.

— ווער דען זאָל טאַנצען, אַזאַ אַלטע אידענע ווי איהר, וואָס איהר קענט דאָך ניט. ווילט איהר איך זאָל אייך אויסלערנען טאַנצען? קומט!...

— טשעפּע זיך אָפּ. רוה איין. איך האָב קיין כוח ניט פאַר דיר!

— האָט פרומע זי אָבגעשטויסען פון זיך.

רייטשעל האָט זיך פרעהלאַך צולאַכט:

— אוי, מען קען שטאַרבען פון אייך... איז דאָ אַ גלאָז טהעע?

— נעה, נעהם טהעע, אָבי שווייג — האָט פרומע געזאָגט און גענומען גרייטען צום טיש.

— איך צאָהל געלד פאַר דאָס טהעע, — האָט דאָס מיידעל זיך אָנגערופען.

— אַ דאַנק דיר, רייטשעלע, אומזיסט נאָך האָט מען איהר גע־דאַרפט געבען עסען און טרינקען — האָט פרומע ארויסגעבורטשעט.

— הערט־זשע אויס, פרומע — האָט רייטשעל פּלוצים זיך אָנגע־רופען און אַ ברען געטהאָן די אַלטע מיט איהרע שוואַרצע אויגען — ווען איהר וועט ווייטער צו מיר אַזוי ריידען ווי היינט אין דער פריה, מוז איך ארויס פון דאנען אין גאַנצען. איך וויל דאָס ניט ליידען, איהר הערט?

פרומע, אַז זי האָט דאָס דערהערט, איז זי צומישט געוואָרען. דערנאָך האָט זי ארויסגערעדט:

— ווייס איך, איך האב גאר ניט געמיינט... עס און טרינק געזונדערהייט. דו צאהלסט פאר דעם. אט... איך גיס דיר אן א גלאז טהעע...

און זי איז ארויסגעלאפען, איינגעהויקערט, אין קיך.

רייטשעל האט נאך איהר א מאך געטהאן מיט'ן קאפ, אזוי ווי זי וואלט געזאגט: „אהא, האסט זיך דערשראקען?"

דערנאך האט זי ארויסגעשלעפט א בראנזענעם קאם פון איהר געדיכטע, שווארצע, הויכע קנופ האאר אויפ'ן נאקען, און זיי האבען זיך צושאטען אין לאנגע, שווארצע, קרויזענדיגע לאקען איבער איהר רוקען, איבער איהרע אקסלען און זיך בעוועגט ארום איהר שענעם, דונקעלען פנים פון ביידע זייטען, ווי שווארצע, לעבעדיגע שלאנגען. זי האט זיי גענומען קאמען מיט דעם אייגענעם בראנזענעם קאם און דערביי געזונגען: „מא־יא־בום־טי־יעי" — דאס ענגלישע גאסען־ליעדעל, וואס איז אין יענער צייט אזוי פאפולער געווען. זי האט געזונגען מיט א ברוסט־שטימע, אין וועלכער עס האט זיך געהערט אן עטוואס הייזעריגליכער, ליידענשאפטליכער טאן. זי האט אין גאנצען געשיינט צו זיין די פערקערפערונג פון דונקעלער, ליידענשאפטליכער שענקייט. א הויכע, א שלאנקע, מיט א לענגליכען דונקעלען פנים, לענגליכער נאז, א קליין מיילכעל מיט פולע, פרישע, ראזעווע ליפען, גרויסע, שווארצע, קאכעדיגע אויגען און מיט א בוזים, וואס האט זיך זודיג געריסען דורך דער רויטער בלוזקע, וואס זי האט געטראגען.

---

5

## רייטשעל'ס פערגאנגענהייט.

אין אמעריקא איז זי ערשט געווען צוויי יאהר. געקומען צו איהר שוועסטער אין בראנזוויל פון וויטעבסק, ווייס־רוסלאנד. זי האט זיך אויפגעהאדעוועט ביי ארימע עלטערען. איהר פאטער איז געווען א שניידער א לאטוטניק. ביז דרייצעהן יאהר האט זי זיך ארומגעשלעפט מיט איהרע חבר'טעס, אלע ארימע מיידלעך. די רייכערע קינדער

איז ניט אָנגעשטאַנען מיט איהר זיך צו שפּיעלען. דערנאָך איז זי אָנגעקומען אין אַ קראָם אַלס פּריקאַשטשיצע. אויף דער דאָזיגער שטע־לע איז זי אָפּגעווען גאַנצע פיער יאָהר ביז איהר אָפּפאָהרען נאָך אַמע־ריקאַ. די ערשטע צוויי יאָהר האָט זי פערדיענט איין זילבערנעם רובעל אַ וואָך. דערנאָך האָט זי זיך ארויפגעארבייט אויף גאַנצע זעקס רובעל אַ מאָנאַט. פאַר דער צייט וואָס זי האָט אין קראָם גע־אַרבייט, האָט זי זיך אביסעל אויסגעלערענט שרייבען אידיש און לע־זען אַ אידישען ראָמאַן. אין די פיער יאָהר האָט זי זיך אויך פיזיש ענטוויקעלט, איז געוואָרען מערקווירדיג שען און געזונד. די בחורים, אַלע איהר גלייכען, אַרבייטער און פּריקאַשטשיקעס, האָבען אָנגעהויבען זי צו פערפאָלגען. איצט האָט זי אָפּט געהערט זייערע צווייַדייטיגע רייד, געפיהלט אויף זיך זייערע ברענענדע בליקען, וואָס האָבען זי גע־צונדען. זי האָט געלאַכט מיט זיי, געשטיפּט מיט זיי, האָט אָבער געוואוסט, וואָס זיי זוכען ביי איהר און זיך געהיט. כאָטש זי איז ערשט אַלט געווען 17 יאָהר, איז זי שוין מעהר ניט געווען נאאיוו. דערצו נאָך איז זי פון נאַטור אויס געווען אַ לעבעדיגע, קאָכעדיגע מיי־דעל, אונטער וועלכער „די ערד האָט געברענט" — ווי איהר מאַמע'ס שכנות פלעגען וועגען איהר זאָגען. שבת נאָכמיטאָג פלעגט זי זיך פערקלייבען מיט איהרע חבר'טעס ערגעץ אין אַ הויז און האָט דאָרט געטאַנצט און געזונגען מיט די יונגע בחורים, געשטיפּט מיט זיי און אַליין דערצעהלט און געהערט צווייַדייטיגע מעשיות און וויצען. און ווען אַ בחור האָט דערצעהלט אַ פעפערדיגען וויץ, האָט זי געקוויטשעט פאַר פערגעניגען, געכאַפּט זיך קנייפּען איהרע חבר'טעס, איז אונטער־געשפּרונגען פאַר געלעכטער, אָדער גאָר אַ וואָרף געטהאָן זיך אויפ'ן בעט, וואָס איז דערביי געשטאַנען, געקייקעלט זיך, געדריגעוועט מיט די פיס, געלאַכט, געלאַכט, געלאַכט און געשריען: „אוי, איך חלש! אוי, איך שטאַרב! מאַמעלאך מיינע! כאַ! כאַ! כאַ"... גע־וועהנליך, האָט זיך שוין אַ געפונען אַ בחור, וואָס האָט זי שוין דאַן ארונטערגעשלעפּט פון'ם בעט, אַמאָל פאַר די פיס, אַמאָל פאַר די הענד און ס'רוב האָט ער זי אַראָפּגעטראָגען אין זיינע אָרעמס, אויפגעהויבען אין דער הויך, אריינגעדריקט זיין מאָרדע אין איהרע אויסגעשטעלטע לאַכעדיגע צייהן, אויסגעפּוטשעט טהירישע אויגען, געסאָפּעט און גע־בריהט זי מיט זיין אָטהעם.

אין די זומערדיגע שבתים האָט זי מיט חברה פערבראַכט אין'ם וואַלד, אויפ'ן שאָסעע. דאָרט האָבען זיי גאָר געקעהרט וועלטען און יעדעס מאָל האָט זי זיך צוריקגעקעהרט מיט צייכענס איבער'ן גאַנצען לייב, וואָס די בחורים מיט זייער ווילדען שטיפען האָבען איהר גע־מאַכט. נור דאָס האָט איהר ניט געאַארט. פערקעהרט, זי האָט הנאה געהאַט פון דעם, וואָס זי רייצט אויף די בחורים, וואָס זיי ווערען אַזוי ווילד. זי האָט אויך הנאה געהאַט, וואָס זי אַליין רייצט זיך אויף, האָט זיך אָבער אַלע מאָל געהיט, ניט צו פערגעסען זיך.

זי האָט געהאַט אַ פערהייראַטהע שוועסטער אין אַמעריקאַ, האָט זי, ווען זי איז אַלט געוואָרען 17 יאָהר, גענומען בעטען ביי איהר, זי זאָל איהר נעהמען אין אַמעריקאַ. איהר טאַטע האָט אויך נעבעטען רחמים זיין אַמעריקאַנישע טאָכטער, אַז זי זאָל נעהמען רחל'ען צו זיך, ווייל אין דער היים וועט פון איהר קיין תכלית ניט אַרויסקומען

און אַזוי האָט זי אַמאָל ערהאַלטען אַ שיפס־קאַרטע פון דער שוועסטער, און זי איז געקומען אין אַמעריקאַ, דאָס הייסט אין בראַנז־זוויל, וואו איהר שוועסטער האָט געוואָהנט.

די שוועסטער האָט איהר אַריינגעגעבען אין אַ ניו יאָרקער שאָפּ, וואו מען האָט געאַרבייט בלוזקעס. דאָרט האָט זי געאַרבייט אַ זעקס מאָנאַטען, האָט זיך אין'ם שאָפּ בעקאַנט מיט מיידלאַך און באָיעס, וואָס זיינען געגאַנגען אין אַ טאַנץ־שוהלע, און האָט אויך אָהין גע־נומען געהן. דאָרט האָט זי זיך געפיהלט ווי אַ פיש אין וואַסער. זי איז געוועזען איינע פון די בעסטע און די שענסטע טענצערינס, און די באָיעס זיינען איהר נאָכגעלאָפען, פּונקט ווי פריהער יענע בחורים אין איהר שטאָדט, נור ניט אַזוי גראָב, העפליך, ווי עכטע דזשענטעל־לייט. זי האָט דאַן געוואָהנט אין ניו יאָרק, צו דער שוועס־טער אין בראַנזוויל איז זי נור איין מאָל אין וואָך, זונטאַג, בעת זי האָט ניט געאַרבייט, געקומען.

די שוועסטער האָט דערזעהן, וואָס פאַר אַ ברען זי איז, האָט זי געוואָלט זי האָבען אויף די אויגען און איז צוגעשטאַנען צו איהר, זי זאָל אַריינציהען אין בראַנזוויל און דאָ זיך אַרבייט אויפזוכען. דייטשעל האָט ניט געוואָלט פערלאָזען ניו יאָרק. אין די איבעריגע אָבענדען, ווען זי איז ניט געגאַנגען טאַנצען, איז זי געזעסען אין איהר

פינסטערען צימער, וואו זי האָט געוואָהנט נאָך מיט אַ מיידעל, און האָט געלעזען ראָמאַנען פון אַלע אידישע צייטונגען, וועלכע זי האָט יעדען טאָג געקויפט, געהענדיג פון דער ארבייט אַהיים. די דאָזיגע ראָמאַנען האָט זי ממש פערשלונגען און געליטען און געליעבט צוזאמען מיט זייערע העלדען. אָפט, ליגענדיג אויף איהר בעט... האָט זי איהר פאַנטאַזיע געלאָזט זיך צו שפּיעלען, און דאַן איז זי געווען אליין די העלדין פון איינעם פון די דאָזיגע ראָמאַנען, אַ גרעפין, אַ באַראָנעסע, אַ מארקיזין און איין מאָל איז זי זאָגאר געווען די רוּסישע קייזערין, יעקאַטערינאַ די גרויסע אליין... דאַן האָט זי זיך אויך אָפט אויסגעקליבען אַ געליעבטען פון די באַיעס, וואָס האָבען געטאַנצט מיט איהר אין דער טאַנץ־שוהלע, האָט איהם געמאכט פ... אַ גראַף, אַ באַראָן, אַ מארקיז, און געלעבט מיט איהם אַ גוטען טאָג אין איהר פאַנטאַזיע.... פון די אַלע דאָזיגע באַיעס איז איהר בעזאָנדערס געפעלען געווען איינער מיט'ן נאָמען מאָריסקע, אַ פּראַנט, שטענדיג מיט אַ בלום אין דעם לאַץ, אין לאַקירטע שיכלאַך, און האַנד־שוה, מיט אַ ריין־געגאָלט, רונד, וויים, כמעט מיידעלש פּנים און קלוגע, ממזר'ישע אויגען.

ער האָט געטאַנצט נור מיט איהר, איז געווען אַזוי העפליך צו איהר און איז, דאכט זיך, אין איהר געווען אביסעל פערליעבט אויך. אָט דער דאָזיגער מאָריסקע איז שפּעטער אין איהר פאַנטאַזיע אָפט געווען אַ גראַף, אַ באַראָן, אַ פּרינץ, וועלכער האָט זיך געליעבט אין איהר, דער גרעפין, דער באַראָנעסע, דער פּרינצעסין, און האָט מיט איהר אַלע מאָל חתונה געהאַט...

צוליעב דעם זעלביגען מאָריסקע'ן האָט זי זיך שפּעטער גענומען מעהר פּוצען, בעת זי איז טאַנצען געגאַנגען. ער האָט איהר אָפט אוועקגעגעבען די בלום פון זיין לאַץ, זי מיט קאָנפעקטען מכבד געווען, מיט אייז־קרים, און אַלע מאָל מיט אַזא שענער בענעהמונג. ער האָט זי אויך אַ פּאָר מאָל גענומען אין טהעאַטער, וואו מיידלאַך אין טריקאָס פון לייב־קאָליער האָבען געטאַנצט... און איין מאָל איז זי מיט איהם געגאַנגען אין אַ טהעאַטער און פון דארט האָט ער זי געזאָלט נעהמען אין אַ קאַפע־הויז, וואו ער האָט אַ סאַפּער פאַר זיי ביידען בע־שטעלט. פּלוצים, ווען זיי זיינען שוין געווען נאָהענט צום טהעאַטער, האָט אַ רייך־אויסגעפּוצטע מיידעל מיט געפאַרבטע באַקען איהר אין

מיטען דערינגען דעם וועג פערשטעלט, געזאָגט איהר עפּעס אויף ענג־ליש מיט אַ הייזעריגען קול און איהר געגעבען אַ פּאַטש. זי איז צו־מישט געוואָרען. און נאָך מעהר איז זי צוטומעלט געוואָרען, בעת איהר פיינער קאַוואַליער האָט ארונטערגעלאָזט אַ פּאָר הילכיגע פּעטש יענער רייך־אויסגעפּוצטע מיידעל מיט די געפּארבטע באַקען... זי האָט זיך געלאָזט לויפען, געקומען אהיים, דערמאָהנט זיך אָן דעם סאַפּער, וואָס איז בעשטעלט געווען אין דער קאַפּע־הויז, האָט זיך אָנגעשטויסען, ווער דער מאַריסקע איז, און איז פערציטערט געוואָרען. פון יענער צייט אָן איז זי טאַנצען מעהר אהין ניט געגאַנגען.

יענעם זונטאג, ווען זי איז געקומען צו איהר שוועסטער אין בראַנזוויל און האָט עס איהר דערצעהלט, האָט יענע אַ פּאַטש גע־טהאָן אין די הענד און זי ניט אָפּגעלאָזען ביז רייטשעל האָט איהר געמוזט צוזאָגען, אַז זי ציהט אריין אין בראַנזוויל.

זי האָט אריינגעצויגען צו איהר שוועסטער און געקראָגען ארבייט ביי אַ קאָנטראַקטאָר פון העמדער. ביי איהר שוועסטער האָט גע־וואָהנט אַ באָרדער, אַ יונגער מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ ווייב און קינדער אין רוסלאַנד, האָט רייטשעל מיט איהם ארומגעשטיפּט און הנאה געהאַט, וואָס ביי איהם פלעגט ווערען דער פּנים „אזוי ווי אַ קעלבענער“ — ווי זי פלעגט זאָגען — בעת זי האָט מיט איהם אַ שטיף געטהאָן. איהר שוועסטער האָט דאָס ניט געוואָלט ליידען, און צום סוף האָבען זיי זיך צוקריעגט, און רייטשעל האָט זיך אויפגעזוכט אַ רום ביי אַ פרעמדען. אזוי איז זי אריינגעפאַלען צו אָרע'ן אין הויז.

ביי אָרע'ן אין הויז פיהלט זי זיך פריי. טהוט, וואָס זי וויל, טאַנצט און לאַכט און קעהרט וועלטען, ווארים זי ווייסט, ווי טהייער איז ביי אָרע'ן די דריי דאָלאר אַ וואָך, וואָס זי צאָהלט איהם. אויסער דעם האָט זי אין אָרע'ס מיידעל, עטעלע'ן, אַ פריינדין, מיט וועלכער זי קען לעזען איהרע ראָמאַנען און אמאָל ארויסגעהן שפּאַציערען. וואָס די אלטע פרומע פּאַלט אויף איהר אמאָל אָן, דאָס אַרט איהר ניט. און, חוץ דעם, ווייסט זי, אַז צו יעדער צייט קען זי יענע פערשטאָפּען דעם מויל, ווען זי וועט נור אַ סטראַשע טהאָן, אַז זי וועט ארויס־ציהען.

נור די לעצטע צייט איז זי ניט אַלע מאָל פרעהלאך. גאָר אָפט ווערט זי בעפאַלען פון אַ שווערען אומעט, פון אַ בענקעניש

און אַ נאָגעניש, און דעמאָלט קען זי זיך קיין אָרט ניט געפינען. און ווען זי לעזט דאָן איהרען אַ ראָמאַן, נעהמט אָן גאָר אָפט דער שענער העלד פון דעם ראָמאַן סעמקע בלום׳ס אויסזעהן, און זי קושט איהם אין איהרע געדאַנקען און זי ציהט זיך צו איהם מיט דער גאַנ־צער נשמה. און אַמאָל, אין אַזאַ צייט, כאַפּט זי אָן פּלוצים אַ פערצווייפלונג, ווען זי דערמאָהנט זיך, אַז ער איז אַ פערהייראַטהער מאַן. דאַן מיהעט זי זיך ניט צו טראַכטען פון איהם, זוכט צו פערטרייבען איהם פון איהרע געדאַנקען, זידעלט זיך, זידעלט איהם און אין דער אייגענער צייט ווערט איהר נשמה צוריסען פאַר בענקעניש נאָך איהם... זי האַלט עס פאַר אַ גרויס אונגליק און פיהלט, אַז זי איז צו שוואַך דאָס בייצושטעהן. זי האָט זיך אויף דעם גאָר ניט געריכט. די ערשטע צייט, ווען ער איז געקומען צו איהר איינקאָ־לעקטען די וועכענטליכע צאָהלונג פאַר די נעה־מאַשין, איז ער איהר געפעלען געוואָרען נור ווי אַ „פיינער דזשענטעלמאַן“, וואָס רעדט אַזוי שען, כמעט ווי דער גראַף, אָדער דער פּרינץ פון איהרען אַ ראָמאַן. זי האָט איהם אָנגענומען פאַר זעהר אַ געבילדעטען מענשען, ווייל אָפט האָט ער גערעדט צו איהר אין אַ דייטשמערישער שפּראַך, וואָס האָט געקלונגען אין איהרע אויערען ווי עכטע דייטש, און געברויכט גאַנצע פראַזען, וואָס זי האָט אפילו ניט פערשטאַנען, אָבער וואָס האָבען איהר דערפאַר קלאָהר בעוויזען, ווי הויך ער איז געבילדעט... דערפאַר טאַקע זיינען איהר זיינע קאָמפּלימענטען געוואָרען בעזונדערס אָנגענעהם. דאַן האָט זי זיך געהאַלטען אין זיין אַנוועזענהייט זעהר רוהיג, גאָר אַ שטיל טייבעלע, מיט אַ מינע פון גרויס דרך ארץ צו איהם. אָבער שפּעטער, ווען זיי האָבען אָנגעהויבען אונטערשטיפען, פערשטעהט זיך, ווען קיינער אויסער זיי איז אין איהר צימער ניט געווען, האָט זי איהם שוין מעהר אַזוי ניט רעספּעקטירט, דערפאַר אָבער האָט זי זיך גענומען פיהלען פרעהליכער מיט איהם און פרייער. וואָס ווייטער, האָט זי זיך אַלץ מעהר בעפריינדעט מיט איהם, אַלץ מעהר צוגעבונדען צו איהם, אַלץ פרייער און אָפענער זיך בענומען געגען איהם, כמעט ווי מיט יענע בחורים אין דער היים. און פּונקט ווי יענע, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו בענעהמען געגען איהר. און זיי האָבען זיך דערצעהלט צוויי־דייטיגע מעשה׳לאַך, ציניש אָנעקדאָטען, האָבען געשטיפט, אויפגערעגט זיך און ביידע האָבען גלייך

פון דעם הנאה געהאט. אַזוי ווי עטעל האָט זיי אָפּט געשטערט, האָבּען זיי זיך גענומען טרעפען אויסער'ן הויז, אַמאָל ערגעץ אין'ם וועלדעל, ווייט הינטער אָרע'ס הויז, און אַמאָל ערגעץ אויפ'ן בולוואר. אַזוי זיינע אַוועק קנאַפּע אַכט חדשים. רייטשעל האָט אָהן איהם מעהר ניט געקענט לעבען. די לעצטע צייט, אַז זי האָט איהם אַ פּאָר טעג ניט געזעהן, האָט זי זיך קיין אָרט ניט געפונען. און דאָך האָט זי געוואוסט, אַז זי טאָר איהם ניט זעהן, אַז זי דאַרף פון איהם אַנטלויפען. אַניט קען ער זי נאָך אונגליקליך מאַכען. בעזאָנדערס נאָך די מורא'דיגע ערפאהרונגען, וואָס זי האָט מיט איהם די לעצטע צייט געהאט אין'ם וועלדעל. זי האָט זיך קוים ארויסגעריסען פון זיינע הענד... און לעצטע וואָך האָט זי אליין איין מאָל זיך שיער ניט פערלאָרען אונטער זיינע ברענענדיגע לאַסקעס. זי האָט געמוזט צוזאַמענעהמען אַלע איהרע קרעפטען אום זיך צו וועהרען געגען זיך אליין... דאַן האָט זי זיך דערשראָקען, ארויסגעוואָרפען זיך אויף איהם מיט אַ יאָמער און זאָגאר איהם געסטראָשעט, אַז זי וועט איהם די אויגען ארויסקראַצען, ווען ער וועט ווייטער אַזוי זיך בענעהמען געגען איהר.

פונדעסטוועגען, אַז ער האָט זיך דערנאָך אַ צוויי טעג ניט בעוויזען, האָט זי זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען פאַר בענקעניש און אויפ'ן דריטען טאָג, אַז ער איז אריינגעקומען צו אָרע'ן אין הויז און זי האָט איהם דערזעהן, האָט איהר אַ האַק געטהאָן אין האַרצען און זי האָט דערפיהלט ווי איהרע באַקען האָבען זיך אָנגעצונדען. און שפּעטער, ווען ער איז אוועקגעגאַנגען, ניט זעהענדיג זי, איז זי גאָר צוטומעלט געוואָרען. און נעכטען, ווען ער האָט זיך אריינגע'גנב'עט צו איהר אין צימער און זי גראָב ביי די באַקען אָנגענומען, האָט זי געפיהלט ווי זי ציטערט אין גאַנצען. דערנאָך, בעוועגט פון אַן אינסטינקט איהם אויפצורייצען, האָט זי איהם מיט אַ בעזונדערען שמייכעל דערצעהלט, אַז זי האָט בעמערקט, ווי אָרע האָט אריינגעקוקט אין שליסעל־לאָך פון איהר צימער, בעת זי האָט זיך אָנגעטאָן, און זי האָט געענדיגט מיט די ווערטער: „כ'לעבען, מען האָט מיט איהם געדאַרפט אַ שטיעף טהאָן, זאָל זיין אַביסעל פרעהליכער", און זי האָט זיך נערוועז צולאַכט.

דאַן האָט ער זי ווידער גערופען מיט איהם געהן שפּאַציערען.

ער וועט אויף איהר ווארטען אויף סטאַון עוועניו. זיי וועלען זיך אַביסעל דורכגעהן. זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ: ניין! ניין! ערשט, ווען ער האָט איהר גענומען פּערזיכערען, אַז ער מוז מיט איהר היינט ריידען וועגען עטוואָס זעהר וויכטיגעס, האָט זי איינגעוויליגט צו געהן מיט איהם און איהם געהייסען ווארטען אויף סטאַון עוועניו. דערנאָך אָבער, ווען זי איז פון'ם הויז ארויס, האָט זי זיך באַלד צוריקגעקעהרט: ניין, זי האָט מורא. זי וועט ניט געהן. צו־וואָס? ער איז אַ פערהייראטהער מאַן. בעסער ניט טראַכטען פון איהם.

און זי איז אריינגעלאָפען צו זיך אין צימער, האָט זיך אַ וואַרף געטהאָן אויפ'ן בעט און אַ גאַנצע נאַכט געטראַכט און געמוטשעט זיך...

---

## 6.

## אָרע'ס זאָרג און רייטשעל'ס ליעבע.

פרומע איז אריינגעקומען מיט אַ גלאָז טהעע אין איין האַנד און מיט אַ צוקערניצע אין דער צווייטער.

— נאַ דיר טהעע! — האָט זי געזאָגט און אוועקגעשטעלט די גלאָז און די צוקערניצע אויפ'ן טיש.

רייטשעל איז צוגעגאַנגען מיט צולאָזטע האָאר צום טיש און אריינגעקוקט אין צוקערניצע.

— אַהאַ! — האָט זי אויסגעשריען — ריכטיג איבערגעצעהלט! איך וויל, איהר זאָלט איין מאָל מאַכען אַ טעות, פרומע — האָט זי צוגעלעגט מיט אַ קאַפּריזנעם טאָן.

— אַ טעות? — האָט פרומע איבערגעפרעגט, אַנקוקענדיג זי מיט איהרע אַלטע, רויטליכע אויגען: — וואָס טעות?...

— איהר האָט דאָ אריינגעלעגט פונקט דריי שטיקלעך צוקער און איך וויל, אַז איהר זאָלט מאַכען אַ טעות און אריינלייגען פיער...

— אוי, שלאָג זיך קאָפּ אָן וואַנד, אַכוואַטניצע! ניטאָ מעהר קיין צוקער, ניטאָ מעהר קיין צוקער, ניטאָ! דו האָסט איהם אין דער פריה גע'פּטר'ט! — האָט די אַלטע געזאָגט.

— איך וויל, אַז איהר זאָלט מאַכען אַ טעות, פרומע! — האָט רייטשעל העכער אויסגעשריען — אַ פערטען שטיקעל צוקער אהער!...

— טרינק, טרינק און לאָז גרייטען דעם טיש, מען דאַרף עסען סאַפּער.

— איהר ווילט ניט? אָלל־רייט!

און געזאָגט דאָס, איז רייטשעל אריין אין קיך און האָט זיך באַלד פון דאָרט צוריקגעקעהרט מיט אַ גאַנצען הויפען צוקער.

— איך וועל אייך שוין אויסלערנען איידעלקייט — האָט זי געזאָגט אין אַ צולהכעיס־טאָן, געזעצט זיך און איבערגעצעהלט די שטיקלאַך צוקער: איינס, צוויי, דריי, פינף, זיעבען... זיעבען און דריי איז צעהן. נו, פרומע, האָט איהר דאָס געדאַרפט? וואָלט ניט בעסער געווען, ווען איהר וואָלט געמאַכט אַ טעות אין איין שטיקעל?...

זי האָט גענומען טרינקען איהר טהעע און זיך צוהוסט פאַר שטיקענדען געלעכטער.

פרומע האָט אַ פיהר געטהאָן מיט די אַקסלען, אויסגעמורמעלט: — נו נו!... — און איז ארויס אין קיך.

אָרע איז אריינגעקומען, טיעף פערטהאָן אין זיך. ער האָט שוין לאַנג ניט געדאַווענט מנחה מיט אַזאַ כונה ווי היינט.

ער האָט זיך געזעצט ביים טיש און אין זיין מוח האָט זיך נאָך אַלץ געדרעהט און געעגבערט די פראַגע. „וואָס וועט זיין, ווען חלילה וחס, די פינף הונדערט דאָלאַר פערליערט ער?"

אויף זיין משונה'דיגער באָרד זיינען נאָך פערבליבען דאָ און דאָרט שפורען פון'ם זאַמד, ווי געלע פלעקען.

רייטשעל האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם, און זי האָט זיך גלייך דערמאָנט, ווי ער האָט אריינגעקוקט דורכ'ן שליסעל־לאָך, בעת זי האָט זיך דאָן אין דער־פריה אָנגעטהאָן, און זי האָט אַ שוידער געטהאָן, אַזוי ווי איהר נאַקעטע לייב וואָלט עפּעס אַ מיאוסקייט בעריהרט. און אין דער אייגענער צייט האָט זיך איהר לאַכען פערוואָלט און „איזדעקעווען" זיך איבער איהם האָט זיך איהר פערגלוסט...

— וואָס איז דער מעהר מיט... מיט... מיט אייער באָרד?

(זי האָט געוואָלט זאָגען „בעזים", האָט זיך אָבער איינגעהאַלטען).

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— הא ?

— אייער שענע באָרד איז פערפּאַטשקעט — האָט זי געזאָגט, און דערפיהלט, אַז אַט־אַט פּלאַצט זי ארוים מיט אַ געלעכטער, האָט זי זיך צום גלאָז צוגעבויגען און גענומען זופּען הויך דעם טהעע, נור פון איהרע שווארצע אויגען האָט דער געלעכטער ארויסגעשפּריצט.

— פערפּאַטשקעט ? וואו ?...

— ער האָט ביידע הענד גענומען פיהרען איבער די באָרד און טרייסלען זי.

— ווארט ! — איז זי אויפגעשפּרונגען — איך וועל אייך העל־פען !

זי איז אריינגעלאָפען צו זיך אין צימער, באלד ארויסגעקומען מיט אַ קליידער־בערשטעל אין דער האנד, איז צוגעלאָפען צו איהם און איהם גענומען קלאַפּען איבער דער באָרד, ווי מען קלאַפּט אַ בינטעל פּאַקעליע בעת מען רייניגט איהם. ער האָט געוואָרפען מיט'ן קאָפּ, געלאַכט צומישט, געוואָלט זי אָפּשטופּען פון זיך, בעריהרט זי מיט די הענד און איז נאָך מעהר צומישט געוואָרען.

פּלוצים, ווען אַ זינדיגער געדאנק איז איהם אין מוח דורכגע־פלויגען, האָט ער זיך דערשראָקען. איצט אַ זינדיגער געדאנק ? ! איצט, ווען ער וויל איינשטעלען זיין גאנצען פערמעגען, ווען ער האָט ערשט אַזוי גאָט געבעטען ? !... אַ שלעכטער סמן !...

— אוי, געה אַוועק ! — האָט ער צוטומעלט אויסגעשריען און איז אויפגעשפּרונגען פון'ם אָרט.

זי איז אָפּגעטראָטען פון איהם און האָט זיך צולאַכט.

— האָט די האָאר צולאָזען, אַן אמת'ע לילית איז'ם שטוב ! — האָט ער געטראַכט און דערפיהלט אַ קאַלטען שוויים אויפ'ן שטערען.

פרומע איז אריינגעקומען.

— עטעל איז נאָך ניטאָ ? — האָט זי געפרעגט.

— עטעל איז אוועק צו שרה'קען. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט דאָרט עסען סאַפּער — האָט רייטשעל זיך אָנגערופען.

— אָט האָסטו דיר ! און איך האָב היינט געמאַכט איהר מאכל: בולבעס מיט פלוימען — האָט די אַלטע געזאָגט מיט פערדרוס.

— דאס איז מיין מאכל אויך, פרומע — האט רייטשעל זיך אנ־גערופען — זאל איך גור ניט אארען, איך וועל עטעל'עם חלק אויפ־עסען.

— דו וואלסט מיך אויך אויפגעגעסען — האט די אלטע א בורטשע געטהאן.

— ניין, דאס גראד ניט. איהר זייט ניט אזא מאכל! — האט רייטשעל זיך צולאכט, א כאפּ געטהאן איהר פּארטמאנע פון'ם טיש מיט איין האנד און מיט דער קליידעל־בערשטעל אין דער אנדערער, איז זי אוועקגעלאפען צו זיך אין צימער.

אין א ווייל ארום זיינען ארע און רייטשעל און די אלטע פרומע געזעסען ביים טיש און געגעסען סאפּער. ארע האט געגעסען פערטראכט, ניט פיהלענדיג, וואס ער עסט און איז זאגאר אמאל פער־קראכען מיט זיין לעפעל אנשטאט אין דעם טעלער מיט סופּ, אין דעם טעלער, אויף וועלכען שטיקלעך אנגעשניטענע ברויט זיינען געלעגען. רייטשעל האט אויך געגעסען פערטראכט, האט פון צייט צו צייט א שאקעל געטהאן דעם קאפּ, בעת א לאקען פון איהרע צולאזטע האאר האט פון פארענט זיך אפּגעטהיילט פון די אנדערע און זיך א דרעה געטהאן ארום איהר אויג, ווי א שווארץ שלאנגעלע. דאן האט זי מיט דער האנד, אין וועלכער זי האט איהר לעפעל געהאלטען, צוריק געשארט דעם לאקען און ווייטער געגעסען פערטראכט. פרומע האט געגעסען ווייניג. זי האט נאר יעדע ווייל צוגעגאסען אין ארע'ס טעלער פון'ם שיסעל.

נאכ'ן עסען האט ארע גענומען בענשען מיט כונה. פרומע האט אנגעהויבען צונויפשטעלען די טעלער אויפ'ן טיש און רייטשעל איז אוועק צו זיך אין'ם צימער, האט גענומען פון דעם קליין טישעלע, וואס איז דארט געשטאנען, א אידישען ראמאן, זיך געלעגט אויפ'ן בעט און אנגעהויבען צו לעזען.

באלד האט זי געלעזען מיט א פערכאפּטען אטהעם, ווי אזוי אן אויסוואורף פון דער נאטור, א מארקיז, א רשע מרושע, די פער־דארבענקייט ממש אליין, יאגט זיך דארט, אין ראמאן הייסט עס, נאך דער אונשולדיגער, שענער און „געטליכער" גרעפין, וועלכע איז פערליעבט אין זיין געגנער, א בלאנדען באראן מיט שענע בלאנדע וואנסען, א מענשען אן „ענגעל", וואס איז די גוטסקייט, די בראוו־

קייט, די ערדלקייט, די שענקייט אליין. די גרעפין לויפט איבער אַ וואלד און רופט מיט שרעק דעם נאָמען פון איהר געליעבטען באַראָן, ווארים זי ווייסט, אז ווען דער מארקיז, דער רשע, כאַפּט זי, דאַן פערשלעפּט ער זי צו זיך אין שלאָס און זי איז פערלאָרען, קיין רע־טונג איז פאר איהר שוין דאַן ניטאָ — דאָס האָט רייטשעל אויך גוט געוואוסט, און איהר הארץ האָט פּונקט אַזוי האסטיג געקלאפּט, ווי ביי דער אונגליקליכער גרעפין. — פּלוצים, ווען די סכנה איז שוין געווען זעהר און זעהר נאָהענט, איז ארויסגעקומען פון צווישען די בוימער אַ שענער יעגער מיט אַ ביקס איבער'ן אקסעל און... און טראַ־אַך!... דער יעגער האָט אויסגעשאָסען, דער מארקיז, דער רשע, איז געפאלען אַ פּערוואונדעטער. די געראטעוועטע גרעפין איז צו־געלאָפען צום יעגער איהם צו בעדאנקען, ערשט דאָס איז איהר באַ־ראָן! זיי האָבען זיך ארומגעכאַפּט קושען, געקושט זיך און געקושט זיך, און געדעדט אַזוי שען, אַזוי שען: „ענגעל מיינער! געטין מיינע!“ — דאָס רייטשעל האָט ממש געפיהלט, ווי דער חיות געהט איהר אויס, און אין די געדאנקען האָט זי אויך געקושט דעם „ענגעל“, דעם באַראָן... דערנאָך האָט זי אליין זיך ביסלעכווייז אין איהר פאַנ־טאַזיע פערוואַנדעלט אין דער גרעפין און דער בלאָנדער באַראָן מיט די שענע, בלאָנדע וואָנסעס, האָט זיך פערוואַנדעלט אין סעמ'קע בלום, און דער באַראָן האָט גערעדט מיט סעמ'קעס קול און זי, די גרעפין, רייטשעל הייסט עס, האָט איהם געקושט מיט אַזאַ פייער, מיט אַזאַ פייער...

מיט אַמאָל האָט זי דערהערט אויפ'ן וואהר סעמ'קעס קול. זי האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן ווי פון שלאָף און זיך אויפגעזעצט אויפ'ן בעט. יאָ, טאַקי ער! ער רעדט עפּעס מיט אַרע'ן אין'ם עס־צימער...

אין'ם הארצען האָט איהר אַ האַק געטהאָן. זי האָט געוואָרפען דעם בוך, האָט ארויסגענומען דאָס שפּיעגעלע פון'ם פּארטמאַנע, וואָס איז געלעגען דערביי אויפ'ן טישעל, צוגעטראָגען עס צום פּנים, זיך גוט בעטראַכט, אַ ווײלע זיך מיישב געווען, צי זי זאָל פערפלעכטען די האָאַר, אָדער לאָזען זיי אַזוי צושאָטען איבער די אקסלען, האָט צו־גויפגענומען די האָאַר פון הינטען מיט איין האַנד אין אַ הויפען און זיך בעטראַכט אין דעם שפּיעגעלע, אַריבערגענומען די האָאַר אויף פאָרענט, אויף דעם רייצענדען ביוסט, און זיך ווידער בעטראַכט אין

דעם שפּיגעלע און, צום סוף, איז זי זיך בעסער געפעלען געוואָרען מיט די האָאר אריבערגעלעגט אויפ'ן ביוסט און איז אזוי ארומ־געגאנגען אין עס־צימער.

ביים טיש זיינען געזעסען סעמ'קע, יאכנעטשיק און אָרע. פרומע איז אין דער קיך געווען. אָרע האָט גערעדט מיט אַ ציטערענדיג קול און האָט אויסגעזעהען שטארק אונרוהיג.

— איצט איז אָפּגעמאכט. איהר דאַרפט ניט מורא האָבען. איך האָב ניט קיין חרטה, מאָרגען אין דער פריה געה איך מיט אייך צו דער גוי'ע. מילא, איינגעשטעלט איז איינגעשטעלט. מסתמא וועט גאָט רחמנות האָבען און אויב ניט... אויב ניט... נו, מילא... — ער האָט צופיהרט מיט ביידע הענד, ווי איינער זאָגט: „וואָס קען מען זיך העלפען!“ — נו, מילא, מסתמא האָט גאָט אזוי געוואָלט!...

— איהר זייט נור רוהיג, ר' אָרע! — האָט יאכנעטשיק איהם בערוהיגט — איהר וועט ניט דאַרפען חרטה האָבען.

— שאַ — האָט זיך אַ כאָפּ געטהאָן סעמ'קע, וועלכער איז גע־זעסען מיט'ן רוקען צו דער טהיר פון רייטשעל'ס צימער און האָט ניט בעמערקט, ווי אזוי זי, רייטשעל, איז אריינגעקומען: — שאַ, איך קויף ביי אייך אָפּ דעם חלק פון אייער פערדיענסט. וויפיעל ווילט איהר?

— ר' אָרע וועט זיין מזל ניט פערקויפען, מיסטער בלום — האָט יאכנעטשיק איהם איבערגעשלאָגען — מיר וועלען דעם „פּאַרסעל“ אין גאנצען מאָרגען פערקויפען און מיט אַ סך פּראָפיט. געדענקט, וואָס איך זאָג אייך.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, אָרע מיט סעמ'קען גלייך נאָך איהם.

— זאָל זיין אין אַ מזל'דיגער שעה! — האָט יאכנעטשיק צו־געלעגט.

— אמן! — האָט אָרע ארויסגערעדט מיט אַ געפיהל און אַ זיפץ געטהאָן — מאָרגען איה"ש גאַנץ פריה. איך וועל אויף אייך ווארטען.

— מיר וועלען שוין זיין ביי אייך אין צייט — האָט סעמ'קע געזאָגט, זיך אַ קעהר געטהאָן און דערזעהן רייטשעל'ן, וועלכע איז געשטאַנען, אָנגעשפּארט מיט'ן עלענבויגען אָן דער קאמאָדע, און האָט געקוקט אויף איהם אביסעלע צומישט.

— אה, גוד איווינינג! — האָט ער אויסגעשריען און איז צוגע־גאַנגען צו איהר — איך דאַרף אייך טאַקי זעהען. מיסטער יאַכנעטשיק — האָט ער זיך אַ קעהר געטהאָן צו יענעם, וועלכער איז געגאַנגען מיט אַרע'ן צו דער ארויסגאַנג־טיהר: — אַט גלייך געה איך מיט אייך. מיר קומט נאָך אַ פּאָר דאָלאַר פון מיסס רייטשעל פאַר דער מאַשין, זי האָט פערשפּראָכען מיר היינט צו בעצאָהלען...

— אָלל־רייט, איך וועל אויף אייך ווארטען דאָ ארום הויז — האָט יאַכנעטשיק געזאָגט, און איז ארויס מיט אַרע'ן.

ווי נור ער איז געבליבען אַליין מיט רייטשעל'ען, האָט זיין פּנים גלייך אָנגענומען אַ ברוגז'דיגען אויסדרוק און ער האָט געזאָגט:

— איך בין ברוגז אויף אייך, רייטשעל. פאַרוואָס האָט איהר מיך געלאָזט נעכטען ווארטען?...איך בין געשטאַנען און געוואַרט און געוואַרט אויף אייך און איהר זייט ניט געקומען. וואָס מיינט איהר? איהר טרייבט דען שפּאַס מיט מיר, האַ?...

— איך האָב ניט געקענט, ניט געדאַרפט געהן — האָט זי ארויס־געמורמעלט שטיל און פערטראַכט און גענומען צופּען די פאַלדען פון איהר רויטער בלוזקע.

— פאַרוואָס?...

ער האָט זיך צוגערוקט צו איהר און אריינגעקוקט איהר אין פּנים אַריין מיט זיינע העלע אויגען, אויף זיין בעזונדערען שטיינער, לאַס־צענד און ווארעם. זי האָט אַרונטערגעלאָזט איהרע אויגען, נאָך שנע־לער גענומען צופּען די פאַלדען פון איהר בלוזקע און געשוויגען.

מערקווירדיג, דאָס דאָזיגע מיידעל פלאַם־פייער, וואָס האָט ערשט דאָ נישט לאַנג אַזוי חוצפה'דיג געשטיפּט, איז איצט געווען נישט צו דערקענען. זי איז געשטאַנען ווי עפּעס צומישט, צוטומעלט. וואָס מעהר זי האָט זיך געוועהרט געגען איהר געפיהל צו איהם, אַלץ שוואַכער האָט זי זיך געפיהלט. אַלץ מעהר און מעהר האָט זי איהר דרייסטקייט פערלאָרען, איהר זיכערקייט, איהר ווילען אין זיין גע־גענוואַרט. האָט זי זיין קול דערהערט, האָט זי זיין אנוועזענהייט דער־פיהלט, אַזוי גלייך איז זי צוטומעלט געוואָרען. און האָט זי געמעגט פריהער ביי זיך ווי פעסט אָבמאַכען צו פערגעסען איהם, האָט זי זיך אַליין גלייך פערגעסען, ווי נור זי האָט אויף זיך זיין לאַסצענדיגען, ווארימען בליק דערפיהלט. און סף האָט זי געצויגען צו איהם, גע־

צויגען אזוי ווי א גוואלדיגע כישוף־קראפט וואלט זי געשלעפט צו איהם. אזוי אפנים ווערט אויך די פליעג געשלעפט צום פייער, אוף וועלכען זי ווערט פערברענט.

— פארוואס? — האט ער ווידער געפרעגט מיט געבעט אין'ם קול און געווארפען אויף איהר זיין בעזונדער לאסצענדיגען בליק, וועלכער, ווי ער האט געוואוסט, איז געפעלען געווען א סך פרויען און מיט וועלכען ער פלעגט אפט וויכער מאכען דאס הארץ פון זיין אייגענער פרוי אויך.

— איך האב מורא צו געהן מיט אייך. איך גלויב אייך ניט. — האט זי געענטפערט שטיל. און פלוצים האט זי זיך נערוועז א כאפ געטהאן און כמעט אויסגעשריען:

— און וואס זאל איך עפעס מיט אייך געהן? געהט מיט אייער ווייב!...

און זי איז אוועק צו זיך אין צימער. ער איז אריינגעלאפען נאך איהר. זי האט זיך א כאפ געטהאן פלעכטען די האאר און זיי געפלאכטען שנעל, שטעהענדיג צו איהם מיט'ן רוקען.

— טהוט עס ניט. אזוי זייט איהר שענער! — האט ער ארויס־געפליסטערט, אוועקגענומען איהרע הענד פון די האאר. זיי ווידער צושאטען איבער איהרע אקסלען, האט מיט ביידע הענד צונויפגענר־מען איהרע שווארצע לאקענס אונטער איהר מארדע, בעדעקט מיט זיי איהרע ביידע באקען און איהר דונקעלער פנים מיט די גרויסע שווארצע אויגען האט ארויסגעקוקט ווי פון א שווארצען, גלאנציגען ראהם.

— אה, ווי שען איהר זייט אזוי! — האט ער געפליסטערט און זי געלאסצעט מיט זיינע בליקען — א בלום זייט איהר... א... א... — האט ער געזוכט שענע ווערטער — א פאראדיז... א שענע זון... איהר קענט פערריקט מאכען... ווירקליך, איהר קענט פער־ריקט מאכען! — האט ער געזאגט שטארקער.

זי איז געשטאנען, האט געקוקט אויף איהם צומישט און גע־שמייכעלט צומישט, ארויסווייזענדיג אביסעלע די ווייסע צייהנדעלאך צווישען איהרע עטוואס פאנאנדערגעעפענטע, פולע, ראזעווע ליפען. זיינע ווערטער „פאראדיז", „שענע זון", „בלום" האבען זי גע'כשופ'ט. דאס זיינען געווען די אייגענע ווערטער, וואס די פרינצען און די גרא־

פען, און די באראַנגען אין איהרע ראָמאַנען האָבען גערעדט צו זיי־ערע פּרינצעסינס, גרעפינס און באראָנעסעס...

ער האָט זי געקאָנט און געוואוסט, ווי אזוי צו ריידען צו איהר.

דערנאָך האָט ער זי ווידער גענומען בעטען, זי זאָל מיט איהם היינט געהן שפּאַצירען. זיי וועלען געהן אויפ'ן בולוואר. ער וויל מיט איהר ריידען, ער מוז מיט איהר ריידען וועגען זעהר אַ וויכטיגער זאַך, וועלכע איז נוגע איהר און איהם. זי האָט צוערשט איהם געוועזן געזאָגט, אַז זי וועט ניט געהן. צום סוף אָבער, האָט ער זי פּאָרט איינגערעדט און ווידער האָט זי איהם פערשפּראָכען.

פון דרויסען האָט זיך דערהערט יאַכנעטשיק'ס קול:

— מיסטער בלום, וואָס זאמט איהר זיך דאָרט?

— איך קום גלייך! — האָט סעמ'קע אויסגעשריען, ארויסלאָ־זענדיג איהרע האָאָר פון זיינע הענד: — אָט, איך וועל איהר נור אָנשרייבען אַ רעסיט אויף דאָס געלד!...

און ער האָט זיך ווידער געווענדעט צו רייטשל'ען:

— אַלזאָ, זיכער?

זי האָט געשוויגען און דערנאָך ארויסגערעדט:

— יאָ.

— וועט איהר מיך היינט ניט אָפּנאַרען?

— ניין, אָבער געדענקט, איהר זאָלט זיך בענעהמען ווי אַ דזשענטעלמאַן...

און דערמאָהנט זיך, ווי זי האָט דאָס לעצטע מאָל געפיהלט, בעת זי האָט זיך שיער ניט פערלאָרען, האָט איהר היים אַ מיש געטהאָן אין'ם קאָפּ און זי האָט ארויסגעפּליסטערט הייזעריגלעך:

— מיסטער בלום, איך בעט אייך, איהר זאָלט נאָר ניט זיין קיין חזיר... איך האָב מורא פאַר אייך..

סעמ'קע האָט זיך צולאַכט: אוי אַ נאַר!.. וואו זאָל איך אויף אייך וואַרטען?...

— איך ווייס ניט — האָט זי געענטפערט.

סעמקע האָט אַ טראַכט געטהאָן. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— ווייסט איהר גאָר וואָס, איך וועל אייך אָנקלאַפּען אין דעם פענסטער, דאַן וועט איהר ארויסקומען.

— מען קען אייך נאָך דערזעהען.

— מען וועט מיך ניט זעהן. און ווען אפילו יאָ, וואָס האָט איהר מורא?

— איך האָב ניט מורא, נור עפּעס... כ'וויים, עפּעס... איך וויל ניט, מען זאָל מיינען עפּעס שלעכטס וועגען מיר — האָט רייטשעל ארויסגערעדט.

— איך פערזיכער איך, אז קיינער וועט מיך ניט זעהן ביי אייך אונטער'ן פענסטער. אלזאָ, אָפּגעמאכט?

— אָלל־רייט.

— אין א שטונדע ארום, ווען עס וועט זיין פינסטער. געדענקט־זשע, נאַרט מיך ווידער ניט אָפּ. אדיע!...

ער האָט זי אָנגענומען אונטער דער מאָרדע, טיעף א קוק געטהאָן איהר אין די אויגען אריין מיט זיינע העלע, לאַסצענדיגע אויגען, א טיעפען זיפץ געטהאָן און איז ארויסגעלאָפען, ווי מיט גוואלד, אזוי ווי ער וואָלט זיך ניט געקענט אָפּרייסען פון איהר...

זי איז געבליבען שטעהן, ווי פון א נעבעל ארומגערינגעלט, און האָט געקוקט פאר זיך צוטראָגען, די גרויסע, שווארצע אויגען אויף דער טהיר געריכטעט, דורך וועלכע ער איז ארויס.

אין דרויסען האָט זיך די נאכט אָנגערוקט. דורכ'ן פענסטער האָבען זיך געצויגען דונקעלע שאָטענס אין צימער אריין.

פּלוצים איז רייטשלען געוואָרען אזוי שווער, אזוי שווער אויפ'ן האַרצען. זי האָט זיך געזעצט אויפ'ן בעט און אריינגענומען דעם קאָפּ צווישען די הענד. זי האָט געטראכט: וואָס זאָל זי טהאָן? זי מוז איהם אויסמיידען און קען ניט. זי מוז אנטלויפען פון איהם און האָט קיין כח ניט. גוואלד, וואָס וויל ער פון איהר? וואָס וויל ער? יאָ, יאָ, זי וועט מיט איהם היינט געהן צום לעצטען מאָל, אָבער טאַקי צום לעצטען מאָל. זי וועט הערען, וואָס ער וויל איהר דערצעהלען און איהם זאָגען, אז זיי טאָרען זיך מעהר ניט זעהן. זיי טאָרען ניט. ער איז א פערהייראטהער מאַן, ער זאָל אויף איהר רחמנות האָבען...

און דערנאָך האָט זי זיך פאַרגעשטעלט, אז זי זעהט איהם ניט מעהר, און זי האָט זיך דערפיהלט אזוי עלענד, אזוי ווי פון דער גאַנצער וועלט פערלאָזען, און איהר האַרץ האָט איהם גערופען מיט אזא טיעפער בענקעניש: „מיסטער בלום!... סעם! סעם!...“

וואָס איז דאָס פאַר אַן אונגליק אויף איהר קאָפּ! — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטהאָן, איז צוגעפאַלען מיט'ן פּנים צום קישען און האָט זיך צעוויינט.

אין'ם צימער איז איצט געווען גאַנץ דונקעל...

אַזוי איז זי געלעגען אַ היבשע ווײַלע. זי האָט ניט געהערט, ווי אימיצער איז אַרײַן אין איהר צימער אַריין.

— דו שלאָפסט גאָר, רייטשעל?

רייטשעל האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— דו, עטעל?

— יאָ, איך. דו שלאָפסט?

— ניין, איך ליג אַזוי.

— וואָס עפּעס אין דער פינסטער?

— אַט אַזוי. איך האָב זיך פערטראַכט... צינד אָן, עטעלע, דעם לאָמפּ... דער קאָפּ טהוט מיר עפּעס וועה...

— דער קאָפּ גאָר?... אַט גלייך צינד איך אָן דעם לאָמפּ. האָסט אַ מעטש?

— אויפ'ן טישעל דאָרט, הינטער'ן לאָמפּ.

באַלד האָט אַ קליין לעמפּעל אויפ'ן טישעל געברענט. רייטשעל איז געבליבען ליגען אויפ'ן קישען. אונטער די אויגען איז ביי איהר רויט געווען פון וויינען. עטעל האָט זיך געזעצט נעבען איהר אויפ'ן בעט.

עטעל איז געווען אַ בלייך, מאָגער מיידעל, מיט אַ שפּיציג, אויס־געצויגען פּנים, שפּיציגע אַקסלען און דינעם האַלז. האָאָר האָט זי געהאַט בלאָנדע, אויגען ווי פון וואַסער־קאָליר. וואָלט זי אָנשטאָט דעם לאַנגען העלען קלייד געטראָגען אַ קורץ קליידעל, וואָלט מען זי געקענט אָננעהמען פאַר אַ מיידעל אַ יאָהר דרייצעהן־פּיערצעהן.

— דו האָסט געוויינט? — האָט זי פערוואונדערט געפרעגט.

— איך געוויינט? — האָט זיך רייטשעל אַ כאַפּ געטהאָן און אָפּגעווישט אונטער די אויגען — וואָס פאַלט דיר איין, נאַרעניו?

— זי האָט זיך צולאַכט.

— היינט פאַרוואָס זיינען ביי דיר די אויגען פערוויינט?

— דאָס איז מסתמא פון קאָפּ־וועהטאָג... ווען דער קאָפּ טהוט וועה, זיינען די אויגען רויט.

— נו, וואס הערט זיך וועגן דער גרעפין, רייטשעל? דער מארקיז האט זי געכאפט?

— א מכה! — האט רייטשעל געענטפערט — ער האט גע־כאפט... א קויל אין זייט אריין...

— וואס זאגסטו? — האט מיט התפעלות אויסגעשריען עטעל, און איהרע אויגען האבען זיך צוברענט — פון וועמען?

— פון דעם ריכטיגען מאן. ער האט זי שוין אט־אט געכאפט, ערשט פלוצים איז געקומען דער באראן מיט א ביקס און האט איהם פארטיג געמאכט...

— אויף טויט?...

— ניין, דערוויילע איז ער נאך ניט געשטארבען. נור מסתמא וועט ער שוין איינגעהמען א מיתה משונה.

— אוי, גוט, — האט עטעל געקוואלען — רעכט אויף איהם, ער האט עס כשר פערדיענט. נו, און זי, די גרעפין?...

— די גרעפין? פערשטעהט זיך... זי האט זיך דערפרעהט, איז געפאלען איהר באראן אויפ'ן האלז און זיי האבען זיך געקושט...

— אזוי? געקושט? אוי, גוט! איהר איז מסתמא גוט פרעה־לאך געווארען אויפ'ן הארצען?

— ווי זאגסטו? וואלסטו ניט געווען פרעהלאך?

— שור. אוי, גוט!... איצט וועט מסתמא זיין ביי זיי די חתונה.

— מסתמא...

— אוי, גוט, איך בין צופריעדען.ביידע אזוינע טהייערע מענ־שען... עס וועט מסתמא זיין א שענע חתונה...

— איך שטעל זיך מיר פאר. דיך, עטעל, וועט מען אויף אזא חתונה ניט איינלאדען...

— און דיך, רייטשעל, אויך ניט.

— מיך אויך ניט — האט רייטשעל ארויסגערעדט פערטראכט, איז אנשווייגען געווארען און האט גענומען קוקען אויף דעם פייער פונ'ם לאמפ. דערנאך האט זי ווידער ארויסגערעדט פערטראכט:

— עטעל, זאג מיר נור, איך וויל ביי דיר עפעס פרעגען... הער נור... וואס וואלסטו געטהאן, ווען דו וואלסט זיך פערליעבט אין א מאן, וואס האט שוין א ווייב?

— וואָס? — האָט עטעל אויסגעשריען פערוואונדערט — איך פערשטעה דיך ניט.

ווען דו וואָלסט זיך פערליעבט אין א פערהייראטהעטען מאַן, וואָס וואָלסטו דאַן געטהאַן?

— איך? פערליעבען זיך אין א פערהייראטהעטען מאַן? דו ביזט משוגע!

— אָבער אַז דו וואָלסט זיך פאַרט פערליעבט אין א פערהיי־ראטהעטען מאַן? — איז צוגעשטאַנען צו איהר רייטשעל — זאָג, וואָס וואָלסטו דאַן געטהאַן?

עטעל האָט א דריק געטהאַן איהרע שמאָלע אַקסלען:

— וואָס איך וואָלט געטהאַן?... כ'וויים?...

— א־יאָ, עטעלע, דאָס איז אַן אונגליק?

— וואָס?...

— אַז מען פערליעבט זיך אין א פערהייראטהעטען מאַן — האָט רייטשעל געענטפערט, קוקענדיג פערטראַכט אויף דאָס פייער פונ'ם לאָמפּ.

— מען דאַרף זיין משוגע אַזא זאַך צו טהאָן — האָט עטעל גע־זאָגט.

— אמת, עטעל, אמת — האָט רייטשעל אָנגעהויבען צו רעדען מיט א צושראָקען קול — מען דאַרף זיין משוגע, אמת, אמת!...

— אָבער פאַרוואָס פרעגסטו דאָס, רייטשעל?

— איך פרעג דאָס... איך פרעג דאָס, עטעל... אַזוי... גלאַט אין דער וועלט אריין...

זי איז אַנשוויגען געוואָרען.

פונ'ם עס־צימער האָבען זיך געהערט אַרע'ס טריט. ער איז דאָרט אַרומגעגאַנגען אין דער פינסטער, האָט געטראַכט און געזיפצט, גע־בראָקעט און געשפּיעגען.

— וואָס איז היינט עפּעס מיט'ן טאַטען? — האָט עטעל פּלוצים אַרויסגערעדט — ער געהט אַרום ווי א דער'הרג'עטער. פריהער האָב איך איהם געטראָפען נעבען הויז, האָט ער אויסגעקוקט אַזוי דער־שלאָגען. איך פרעג איהם, וואָס איז דער מעהר, ענטפערט ער ניט. און איצט געהט ער דאָרט אַרום... הער, הער, ווי ער זיפצט...

רייטשעל האָט ניט געהערט, וואָס עטעל רעדט צו איהר. זי איז געווען אין גאַנצען פערטהאַן אין זיך. מיט אַמאָל האָט זי ארויס־גערעדט:

— זאָג מיר נור, עטעל, ווי געפעלט דיר מיסטער בלום?

— שוין ווידער מיסטער בלום? דו האָסט דאָך ביי מיר שוין אַזוי פיעל מאָל געפרעגט, ווי ער געפעלט מיר?...

— א־יאָ, ער איז ע נייס דזשענטעלמען?...

— נו, געוויס. אָבער וואָס פרעגסטו אַלץ, ווי ער געפעלט מיר?

— אַזוי. איך פרעג דיך, ווייל... ווייל — זי האָט זיך שטיל צולאַכט — ווייל מיר דאַכט זיך, אַז דו ביזט אין איהם פערליעבט...

עטעל האָט זיך אַ כאַפּ געטהאַן:

— איך בין אין איהם פערליעבט? דו ביזט משוגע, רייטשעל!..

רייטשעל האָט זיך נאָך העכער צולאַכט:

— יאָ, יאָ, דו ביזט אין איהם פערליעבט. איך זעה דאָס... און מען מוז זיך אין איהם פערליעבען — האָט זי גערעדט ווייטער פיעבעריש — ער איז אַזוי ליעב, אַזוי שען, אַזאַ דזשענטעלמאַן... און רעדט ער, צומישט ער דעם מוח. און טהוט ער אַ קוק, איז... ווי אַן ענגעל וואָלט אויף דיר געקוקט, ווי אַ געטליכע געשטאַלט — האָט זי פּלוצים גענומען רעדען מיט דער „שענער" שפּראַך פון די ראָמאַנען, וואָס זי האָט געלעזען — און אַז ער נעהמט אַן דיין האַנד איז... איז אַזאַ מחיה, אַזאַ חיות! — האָט זי געענדיגט מיט דער שפּראַך פון איהר אייגענעם הארצען און פערמאַכט די אויגען.

— שור איז ער אַ שענער דזשענטעלמאַן — האָט עטעל איהר צו־געגעבען — אָבער דו ביזט משוגע, ווען דו זאָגסט, אַז איך בין אין איהם פערליעבט. אַז ער וואָלט געווען אפילו מיט גאָלד צוגלייך, וואָלט איך זיך אין איהם אויך קיינמאָל ניט פערליעבט, ווייל ער איז אַ פערהייראַטהער מאַן.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין דאָס פענסטער.

— אַי! — האָט עטעל אַ געשריי געטהאַן, און איז אַ צושראָ־קענע אויפגעשפּרונגען. רייטשעל האָט זיך אויך ראַפּטאָם אַ כאַפּ געטהאַן פונ'ם קישען און זיך אויפגעזעצט אויפ'ן בעט.

— אימיצער האָט געקלאַפּט — האָט עטעל ארויסגעפּליסטערט.

— ווער קען דאָס זיין? — האָט רייטשעל געזאָגט, און איז אַרונטערגעקראָכען פון בעט.

— אפשר א שיכור׳ער גוי? אפשר א גנב? איך האָב געזעהען א האַנד — האָט עטעל געפּליסטערט און איהרע אויגען האָבען מיט שרעק געקוקט אויף דאָס פענסטער.

— דאָס דאַכט זיך דיר — האָט רייטשעל אַרויסגערעדט — דער ווינד האָט עס מסתמא א קלאַפּ געטהאָן...

— ניין, רייטשעל, א האַנד, א האַנד, איך האָב אַליין געזעהען... איך האָב מורא...

— געה, וואָס האָסטו זיך איינגערעדט! אַי, טהוט מיר וועה דער קאָפּ. איך וועל זיך אביסעל דורכגעהן. דו וועסט זיך דורכגעהן מיט מיר, עטעל?...

— איצט, וואָס רעדסטו? איך האָב מורא די טהיר אפילו צו עפענען. איך זאָג דיר, אַז איך האָב געזעהען א האַנד...

— קום מיט מיר, זיי ניט קיין נאַר! — האָט רייטשעל זי גע־בעטען און האָבענדיג מורא טאָמער טאַקי, לאָזט זי זיך איינבעטען און געהט מיט איהר, האָט זי צוגעלעגט: — עס קען טאַקי זיין, אַז דאָס האָט א שיכור, צי א גנב אַנגעקלאַפּט, טאָ איז וואָס? מיר זאַלבענאַנד וואָלטען בייגעקומען א שיכור, ווען ער זאָל אונז בע־פאַלען.

— וואָס רעדסטו? — האָט מיט שרעק אויסגעשריען עטעל.

— ווילסט ניט? דאַרף מען ניט. איך וועל געהן אַליין. איך האָב ניט מורא — האָט רייטשעל געזאָגט, און איהר קול האָט גע־קלונגען אביסעלע אויפגערעגט. זי האָט שנעל גענומען פלעכטען איהרע האָאָר, און איהרע שוואַרצע אָויגען האָבען פער׳סוד׳עט גע־בלאַנדזשעט איבער׳ן פענסטער. דערנאָך האָט זי פערלאָשען דעם לאָמפּ, און אינ׳ם צימער האָט זיך אַריינגעבראָכען די שוואַרצע נאַכט...

— דו געהסט טאַקי אַליין? — האָט עטעל אַרויסגעפּליסטערט.

— דער קאָפּ טהוט מיר וועה — האָט רייטשעל שטיל געענטפערט.

— דו ווילסט, וועל איך בעטען דעם טאַטען, וועט ער מיט דיר געהן...

— ניין, ניין, איך וועל געהן אַליין...

— גוט, וועל איך מיט דיר געהן — האט עטעל געזאגט — אליין וועל איך דיך ניט לאזען...

— דו ווילסט געהן? — האט זיך רייטשעל א כאפ געטהאן — און טאמער איז א שיכור, א גנב... כ'וויים, עס איז אזוי פינסטער... אי! — האט זי פלוצים א געשריי געטהאן.

— וואס איז? — האט עטעל געפרעגט.

— האסט ניט געזעהען? א האנד אויפ'ן פענסטער! — האט רייטשעל געענטפערט מיט כלומר'שטיגען שרעק — דו ביזט טאקי גערעכט געווען: א האנד!...

— אי, איך וועל רופען דעם טאטען! — האט עטעל ארויסגע־פליסטערט.

— ניין, ניין — האט זיך רייטשעל פערכאפט — דאס האט זיך מיר אויסגעוויזען. ניט קיין האנד, ניין, ניין, נא, איך געה. דו בלייב דא. דו ביזט צושראקען.

**און זי איז מיט שנעלע טריט ארויסגעגאנגען פונ'ם הויז...**

---

7.

## די נאכט אויפ'ן בולוואר.

אויפ'ן פינסטערען גאניק האט זי זיך אנגעשטויסען אן דער ציעג, וועלכע איז דארט געלעגען נעבען דער אריינגאנג טהיר. רייטשעל האט זיך א צאפעל געטהאן פאר שרעק. גלייך אבער האט זי פער־שטאנען, ווער דארט ליעגט, און זיך בערוהיגט.

— ווער איז דארט? — האט זי דערנאך דערהערט ארע'ס פער־טראכטען קול ניט ווייט פון איהר.

— איך, רייטשעל. איהר זייט עס, ר' ארע?

— יא, איך. דו געהסט ערגעץ?

— דער קאפ טהוט מיר וועה. איך וויל זיך אביסעל דורכגעהן.

— היט זיך דארט פאר דעם הונד אויפ'ן קארנער. ער האט מיר אמאל א ביס געטהאן.

— איך האָב קיין מורא ניט פאַר הינט, ר׳ אָרע. ווען איך וואָלט געהאַט אַזאַ באָרד, ווי איהר, וואָלט איך אפשר געדאַרפט מורא האָבען פאַר הינט.

און זי האָט זיך צולאַכט.

— אוי, אַ שטיפערקע! — האָט זיך דערהערט אָרע׳ס קול — שטיפעט, ווען דער קאָפּ טהוט איהר וועה אויך!...

— אַ גוטע נאַכט, ר׳ אָרע!

— אַ גוטע נאַכט, רייטשעל!... פונדעסטוועגען זאָג איך דיר נאָך אַמאָל: היט זיך פאַר דעם הונד!...

— אַלל־רייט!...

זי איז אַרונטער פונ׳ם גאַניק. אַרום איז געלעגען אַ דיקע פינ־סטערניש. ווייט אויפ׳ן הימעל האָבען געבלישטשעט שטערענדלאַך, ווי ליכטיגע אויגעלאַך...

— וואוהין גייע איך אין אַזאַ חושך? — איז איהר דורכגעפלויגען אינ׳ם מוח — און צו־וואָס?...

און אין דער אייגענער צייט האָט עפּעס אַ געוואַלדיגע קראַפט זי געשלעפּט אַלץ ווייטער און ווייטער.

— איך וועל איהם נור ערקלערען, אַז מיר טאָרען זיך מעהר ניט זעהן — האָט זי ווייטער געטראַכט, און דאָס האַרץ אין איהר האָט דערביי זיך געצאַפּעלט פאַר ערוואַרטונג, איהם באַלד צו זעהן, צו פיהלען נעבען זיך.

זי האָט דערהערט אייַלענדיגע טריט הינטער זיך, און זיך אַ צאַפּעל געטהאָן. און גלייך האָט זי דערהערט זיין פליסטערען, וואָס האָט זיך געטראָגען אין דער אַרומיגער פינסטערניש:

— רייטשעל, וועיט! וועיט!...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

באַלד איז ער אַרויסגעטרעטען פון דעם חושך און האָט זי אונטער דער האַנד גענומען.

— אַז איהר האָט וואָרט געהאַלטען, האָב איך אייך ליעב! — האָט ער געזאָגט.

— וואָס איז אייך אייַנגעפאַלען, צו שפּאַצירען היינט אין אַזאַ חושך? — האָט זי אַרויסגערעדט.

— אז מען האט נעבען זיך אזא ליכטיגע זון ווי איהר, איז ליכטיג— האט ער געענטפערט און א דריק געטהאן איהר ארם.

זי האט א ווײלע געשוויגען. דערנאך האט זי פלוצים ארויסגע־רעדט עטוואס צורייצט:

— אך, גענוג אייך צו זאגען די פאלשע „קאמפלימענטען" (קאמ־פלימענטען)! איהר מיינט דאך דאס ניט...

ער האט זיך אנגערופען מיט געפיהל:

— רייטשעל, איך מיין דאס ניט?... א־אך! —

און ער האט טיעף א זיפץ געטהאן.

פון דעם דאזיגען זיפץ האט ביי רייטשלען דאס הארץ גענומען קלאפען שטארקער און זי האט אויך א זיפץ געטהאן.

דערנאך האבען זיי ביידע א ווײלע געשוויגען און זיינען גע־גאנגען ווייטער. זיי זיינען אריין אין פיטקין עוועניו. דא איז געווען ליכטיגער. מעהרערע לאנטערנעס האבען דא געברענט פון ביידע זייטען גאס. די פאר קליינע קראמען זיינען נאך אויך געווען אפען און בעלויכטען. און נעבען זיי זיינען געזעסען די קרעמער מיט זייערע פרויען און קינדער, און האבען האלב־פערשלאפען גערעדט צווישען זיך. זיי זיינען פערבייגעגאנגען א העל־בעלויכטענעם רעס־טאראנט. פון דארט האט זיך געטראגען א טומעל. סעמקע האט ניט ווילענדיג אריינגעקוקט אין די אפענע טהיר פון דעם דאזיגען רעסטא־ראנט, וואס איז איצט געווען א מין בערזע פון די נייע ריעל־עסטייט־ניקעס, און האט דערזעהען דארט בעקאנטע נערוועזע פנים'ער. דער אנגעבלאזענער פנים פון דאקטאר זילבערשטיין מיט זיין בלאנד שפי־ציג בערדעל האט זיך איהם אין די אויגען געווארפען, און דער רונדער קלאהר־ווייסער פנים פון דעם סאציאליסט סאמועלסאן מיט די פעך־שווארצע דיקע וואנצעס האט אויך א מיניע געטהאן פאר זיינע אויגען צווישען א סך פלייצעס און קעפ, וואס האבען זיך דארט נערוועז בעוועגט.

— זיי אלע שארען געלד! — האט ער א טראכט געטהאן און ער איז אריבער מיט רייטשלען אויף דעם אנדערען טראטואר.

— וואוהין געהען מיר? — האט רייטשעל געפרעגט, אזוי ווי פון א טיעפען שלאף זיך אויפגעכאפט.

— האַ ? — האָט ער זיך אויך אַ כאַפּ געטהאָן — (ער האָט זיך פערטראַכט וועגען דעם מאַרגענדיגען „פאַרסעל“) — איהר זאָגט עפּעס ?

— קומט צוריק — האָט זי אַרויסגערעדט.

— וואָרום ?... עס איז דאָך אַזוי שען צו שפּאַציערען. אַזאַ שענע, וואַרימע נאַכט... מיר וועלען אַ ווײלע זיצען אויפ'ן בולוואַר... איך וויל מיט אייך עפּעס ריידען...

— ניין, אויפ'ן בולוואַר וועל איך מיט אייך ניט געהן — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטהאָן און זיך אָפּגעשטעלט.

— פאַר וואָס ?

— איך וויל ניט.

— קומט, איך בעט אייך — האָט ער אַרויסגערעדט מיט גע־פיהל — ווען איהר וואָלט וויסען...

— וואָס זאָל איך וויסען ? וואָס דאַרף איך וויסען ? איך ווייס גענוג, מיסטער בלום, איך בין אַ נאַר, אַז איך געה גאַר אין גאַנצען מיט אייך ! — האָט זי פּלוצים ווידער געזאָגט צורייצט.

— פאַרוואָס, רייטשעל, פאַרוואָס ?...

— ווייל... ווייל... וואָס קען פון דעם אַרויסקומען ? איהר פערדרעהט מיר נור דעם קאָפּ און דאָס אַלעס !...

— וואָס פעלט אייך איין, רייטשעל ?

— יאָ, יאָ, — האָט זי געזאָגט שטאַרקער און טרעהרען האָבען זיך דערהערט אין איהר קול — איהר פערדרעהט מיר נור דעם קאָפּ. איהר זייט אַ פערהייראַטהער מאַן. איהר האָט מיך געדאַרפט לאָזען צופריעדען. וואָס ווילט איהר פון מיר, וואָס ווילט איהר ?

זי איז אויף אַ רגע אַנשוויגען געוואָרען, דערנאָך האָט זי צו־געלעגט שטיל:

— אוי, איהר האָט קיין הארץ ניט !

און זי האָט זיך שטיל צואוויינט.

ער האָט אַ ווײלע געשוויגען. דערנאָך האָט ער טיעף אַ זיפץ געטהאָן:

— אַך־אַך !... איך האָב קיין הארץ ניט, האַ ? איך ? ! — האָט ער געגומען ריידען שטיל און פול מיט געפיהל — אָל־רייט, רייטשעל, איך וועל אייך איבערצייגען. דאַן וועט איהר שוין אַליין איינזעהן...

הערט אוים, רייטשעל, אלל־רייט, גוט. קומט, אויב איהר וועט אליין ניט איינזעהן, אז איך האב יא א הארץ... א הארץ, וואס איז פול מיט אייער געטליכער געשטאלט, אויב, רייטשעל, אויב... דאן, אלל־רייט! וועט איהר מיט מיר מעהר ניט האבען צו טהאן. איך בעט אייך, רייטשעל... אין מיטען סטריט קען איך דאך אייך דאס אלעס ניט ערקלעהרען...

אינ'ם קאפ האט איהר געדרעהט פון זיינע ווערטער און זי איז אוועק מיט איהם ווייטער.

זיי זיינען פערבייגעגאנגען אן אפטהעק. די גרויסע רויטע פלאש, וואס איז דארט געשטאנען אין דעם העל־בעלויכטענעם פענסטער, האט געווארפען פון זיך א בלוטיגען שיין איבער'ן טראטואר.

דערנאך האבען זיך די קראמען און די הייזער געענדיגט און עס האט זיך אנגעהויבען א לעדיגער פלאץ, וואו א דיקע פינסטערניש האט געלויערט; נור דא און דארט, גאנץ ווייט איינע פון דער אנ־דערער, האט א לאנטערנע געברענט און איהר פייערעל האט ווי א שטערענדעל אין דעם ארומיגען חושך געשוועבט...

זיי זיינען ארויף אויפ'ן בולוואר. דארט איז איצט אויך געוועז פינסטער און שטיל. זעהר ווענינ לאנטערנעס האבען דארט אויך געברענט און זייערע פייערלעך האבען זיך אויה ווי אין א שווארצען תהום גע'טובל'ט. צווישען די בוימער האט זיך די נאכט געטוליעט און די בערגלאך, וואס האבען זיך דארט געצויגען אין א לאנגער רייהע, האבען אויסגעזעהן, ווי גרויסע שטיקער שווארצע כמארעס. די פאאר רייכע קאטטעדזשעס וואס זיינען דארט געשטאנען, אין וועלכע עס האבען געוואהנט קריסטען מיליאנערען, זיינען איצט ווי פערזונקען געוועזן אין דער דאזיגער פינסטערניש, נור זייערע ווייסע קוימענס האבען בלאס ארויסגעסטארצט דורך דעם חושך...

— קומט, מיר וועלען זיך זעצען אויף א בערגעל — האט סעמקע זיך אנגערופען.

ער האט זי אנגענומען פאר א האנד און אנגעהויבען מיט איהר צו קריכען אויף א בערגעל.

ערגעץ נאהענט האט זיך א פערד געפאשעט. עס האט זיך גע־הערט ווי ער קייעט די גראז און פארשקעט. און א קוואקען פון זשאבעס האט זיך אויך געהערט.

באַלד זיינען זיי געזעסען אויפ'ן בערגעל.

— מיסטער בלום — האָט זי זיך אַנגערופען מיט אַ אונרוהיגען קול — וואוהין האָט איהר מיר פערשלעפּט?

— ווארום? איהר האָט דען מורא צו זיין מיט מיר אליין? — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטימע, וועלכע האָט איצט געקלונגען אביסעל הייזעריגלאַך.

— איך האָב מורא... קומט בעסער צוריק...

— מיר וועלען באַלד געהן. איך וויל נאָר מיט אייך זיך דורכ־ריידען... צוליעב דעם זיינען מיר דאָך אהער געגאנגען... רייטשעל, הערט אויס. איך וויים דאָך, אז איהר ליעבט מיך...

ער האָט זי אַנגעכאַפּט פאַר אַ האַנד און גערעדט ווייטער:

— איהר ליעבט מיך אפשר אזוי שטאַרק ווי איך אייך. ניט אמת, רייטשעל?

— אַך, — האָט זי אַרויסגעפּליסטערט און אַ ריס געטהאָן פון איהם איהר האַנד — לאָזט מיך צופריעדען. קומט, לאָמיר געהן...

— רייטשעל, ווען איהר וואָלט געוואוסט — האָט ער גערעדט ווייטער מיט מעהר היץ — ווי איך ליעב אייך. אמת, איך האָב אַ פרוי, אָבער ליעבען ליעב איך נור אייך. גלויבט מיר, רייטשעל, אז איך קאָן אָהן אייך ניט לעבען... ווען איהר...

זי האָט איהם ניט געלאָזט ווייטער ריידען און איהם אונטער־בראָכען:

— נו, איז וואָס? איז וואָס?... איהר האָט דאָך אָבער אַ ווייב!...

— אמת, אמת, איך האָב אַ ווייב... אוי, ווי איך בין אונגליק־לאַך, רייטשעל — האָט ער פּלוצים אויסגעשריען מיט פערצווייפלונג — אָבער ניין, ניין! איך וועל זיך פון מיין גליק ניט אָפּזאָגען. ריי־טשעל, איך שווער דיר ביי אַלסדינג, וואָס מיר איז טהייער און היי־ליג, אַז גיכער וועל איך שטאַרבען, טויזענד מאָל שטאַרבען, אַז גיכער וועל איך זיך לאָזען אָפּשניידען ביידע הענד, איידער צו פערליערען מיין גערטין, מיין שענעם ענגעל, מיין, מיין...

ער האָט ניט דערענדיגט, אַ כאַפּ געטהאָן איהר האַנד, געקושט זי און געקרעכצט:

— איך וועל משוגע ווערען! איך וועל משוגע ווערען!...

זי האָט אין גאנצען געציטערט: זיינע ווערטער האָבען זי געבריהט און אין גאנצען צוטומעלט. זי האָט געפּליסטערט:

— מיסטער בלום, מיסטער בלום, אוי רעדט ניט אזוי! איהר מאַכט מיך אויך משוגע! קומט בעסער, קומט...

— רייטשעל — האָט ער ארויסגערעדט מיט אזוי פיעל געפיהל, דאָס מען האָט געקענט מיינען, אז די נשמה ממש פאַלט ביי איהם ארויס: — איך ריהר זיך ניט פון דעם אָרט, ביז איהר... ביז דו זאָגסט מיר ניט, אז דו האָסט מיך אויך ליעב.

רייטשעל האָט געשוויגען און אויפגעציטערט מיט די אַקסלען.

— נו, איך בעט דיך, רייטשעל.

— אַי, וואָס ווילט איהר פון מיר? — האָט זי ארויסגעקרעכצט.

— איין וואָרט נור, רייטשעל, איין וואָרט!...

זי האָט אַלץ געשוויגען און פּלוצים האָט זי זיך א וואָרף געטהאָן צו איהם אויף דער ברוסט און זיך הילפלאָז צו־וויינט.

— אָה — האָט ער אויסגעשריען, זי צוגעדריקט צו זיך, געקושט זי און געמורמעלט:

— דו ליעבסט מיך! דו ליעבסט מיך! דו ליעבסט מיך!

זי האָט ניט געענטפערט, געדריקט דעם פּנים צו זיין ברוסט און הילפלאָז געוויינט.

ער האָט ארייגענומען איהר קאָפּ צווישען זיינע ביידע הענד און איהם אָפּגעוואַרפען אביסעלע אָן א זייט. דאן האָט ער זי מיט אמאָל א ציה געטהאָן צו זיך אויף'ן שויס. זי האָט זיך א ריס געטהאָן, איז אָבער גלייך ווי געלעהמט געוואָרען, איז געבליבען זיצען און האָט ווידער צוגעשפּאַרט איהר קאָפּ צו זיין ברוסט, צוגעמאַכט די אויגען, און ווי דורך א חלום, געהערט ווי זיין הארץ קלאַפּט און ווי זיינע הענד לאַסצען זי...

ארום איז געווען שטיל. עס האָט זיך נור געהערט דאָס קוואַ־קען פון זשאַבעס און דאָס קייען און פאַרשקען פון'ם פערד.

זי איז נאָך א ווייל געזעסען ביי איהם אויפ'ן שויס, דעם קאָפּ צוגעשפּאַרט צו זיין ברוסט, און זיך געפיהלט ווי אין א זיסען חלום.

מיט אמאָל האָט זי גענומען פיהלען דאָס אייגענע, וואָס לעצטען מאָל, בעת זי האָט זיך שיער ניט פערלאָרען. זי האָט זיך מיט שרעק א כאַפּ געטהאָן פון זיין שויס, איז ארונטערגעקראָכען אויף גראָז און האָט שטיל ארויסגעמורמעלט:

— איך בעט אייך, קומט אהיים...

— אָט באַלד געהען מיר, באַלד — האָט ער אויך אַרויסגעמור־מעלט מיט אַ שטאַרק אויפגערעגט קול.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, פערריכערט אַ סיגאַרעט, נערוועז גענומען פייפען און זיך ווידער אַרונטערגעלאָזט אויפ'ן גראָז נעבען איהר. זי האָט געצופּט די גראָז פון אונטער זיך און געוואָרפען אין דער פינסטערניש אַריין. ער האָט גערויכערט, און דאָס פייערל פון זיין סיגאַרעט האָט יעדע ווײַלע אויפגעפלאַקערט אין דער אַרומיגער שוואַרצקייט, בעלייכטענדיג זיינע בלאַנדע וואָנצעס.

— קומט אהיים! — האָט זי ווידער שטיל אַרויסגעפליסטערט.

ער האָט ניט געענטפערט און זי ווידער צוגעצויגען צו זיך. זי האָט זיך ניט געוועהרט. נור ווען ער האָט זי גראָב אַ לאָסצע גע־טהאָן, האָט זי אָוועקגעשטויסען פון זיך זיין האַנד און זיך אַביסעלע אָבגערוקט פון איהם.

ער האָט נאָך מעהר אויפגערעגט גענומען פייפען.

זי האָט זיך אויפגעהויבען.

— מיר געהען! — האָט זי געזאָגט.

— וואַרט נאָך אַ ווײַלינקע. מיר איז אַזוי גוט דאָ נעבען דיר — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ ציטערנדיג קול און זיך אויך אויפ־געהויבען.

— איך מוז געהן שלאָפען. איך דאַרף מאָרגען געהן פריה צו דער אַרבייט — האָט זי געזאָגט.

— אָט באַלד געהען מיר. טהו מיך אַ קוש.

— אָט דאָרט אויפ'ן וועג...

— ניין, דאָ יעצט...

— דערנאָך וועט איהר געהן?

— יאָ.

זי האָט איהם אַ קוש געטהאָן.

ער האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן אין זיינע אָרמס, זי אָנגעהויבען אין דער הויך אַזוי לייכט, ווי זי וואָלט אַ קליין קינד געווען, און זיך מיט איהר ווידער אַרונטערגעלאָזט אויפ'ן גראָז.

— נאָך אַ ווײַלינקע, רייטשעל — האָט ער אויפגערעגט געמור־מעלט — איך בעט דיך...

— מיסטער בלום, איך בעט אייך, טהוט מיר היינט צוליעב... קומט... קומט... — האט זי זיך נעבעטען, פיהלענדיג, אז דאס, פאר־וואס זי האט מורא, רוקט זיך אויף איהר און זי איז ניט אימשטאנד צו וועהרען זיך געגען דעם.

— לעג אוועק דיין קעפעלע צו מיר אויפ'ן קניע — האט ער גע־זאגט.

— אה, ניין, ניין, מען דארף ניט... קומט... — האט זי גע־שעפטשעט און דאך, ווען ער האט זי א ציה געטהאן צו זיך, האט זי זיך אויסגעצויגען אויפ'ן גראז און אוועקגעלייגט איהר קאפ צו איהם אויף די קניע.

— אט אזוי, א! — האט ער ארויסגעמורמעלט, געגלעט איהר די באקען, און ווידער אויפגערעגט געפייפט...

— קווא־קווא־קווא! — האבען געצויגען די זשאבעס. דארט ווייט איז די ריעד עווענין קאר דורכ'ן בולוואר מיט א רוישען און קלינגען דורכגעפאהרען און איהרע פייערלאך האבען זיך ווי שטער־רענדלאך דורך דעם חושך דורכגעטראגען...

— איך זאל זיך נור ניט פערלירען — האט רייטשעל גע־טראכט פיהלענדיג מיט גרויסער אונרוהיגקייט ווי זי פערלירט זיך אונטער זיינע לאסקעס, ווי זיי רויבען אוועק ביי איהר דעם ווילען, דעם פערשטאנד...

דערנאך איז זי ווידער אריינגעפאלען אין א זיסען חלום. און ווען ער האט זיך צוגעבויגט צו איהר, האבען איהרע ליפען אונטערגעכאפט זיינע קושען. און ווען ער האט זי איצט גראב געלאסצעט, האט איהר האנד נור שוואך זיך געוועהרט געגען איהם. זי האט איהם שוין מעהר ניט גערופען צו געהן, איז געלעגען ווי פער'כשוף'ט מיט צו־געמאכטע אויגען, דעם קאפ אנגעשפארט אויף זיינע קניע, און האט גע'חלום'ט...

אזוי איז אוועק א היבשע צייט. זיי האבען גאר ניט בע־מערקט, ווי די לבנה איז אויפ'ן הימעל אויפגעגאנגען און האט בע־שאטען אלסדינג מיט א ליכטיגען שטויב. אלסדינג האט פלוצים אנגענומען א פער'כשוף'טען, פער'חלום'טען אויסזעהן. די בוימער אויפ'ן בולוואר, וואס זייערע שפיצען זיינען בעשאטען געווען ווי מיט א ווייסער, בלישצענדיגער פודרע, די ווייסע וועגען צווישען זיי,

די בערגלאַך, וואָס זיינען אויך ווי מיט דער דאַזיגער ווייסער בלי־שצענדיגער פּודרע בעשאָטען געווען, אפילו דער סאַרער פּערדעל, וואָס האָט דאָרט געפּאַרשקעט אויפ'ן בערגעל, צופּענדיג די גראָז, האָט איצט אויך אויסגעזעהן ווי פּער'כשוף'ט.

סעמ'קע איז געווען בלייך. ער האָט זיך איבערגעבויגט איבער רייטשעל'ס פּנים און זיך איינגעגעסען אין איהם מיט די אויגען. זי האָט, דוכט זיך, געשלאָפען, און אויף איהרע פולע ליפּען האָט גע־שוועבט א שמייכעל פון גליקזעליגקייט. זיינע אויגען האָבען גענומען בלאַנדזשען ווייטער איבער איהר... און פּלוצים האָט ער זי ווילד א כאַפּ געטהאָן אין זיינע אַרמס. זי האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן, גע־עפענט איהרע אויגען, דערזעהן זיינע ברענענדיגע, ווילדע אויגען און האָט א געשריי געטהאָן: „מיסטער בלום!" האָט זיך געוואָלט ארויס־רייסען פון איהם און אַנשטאָט דעם האָט זי זיך אין איהם איינגע־קלאַמערט, געמורמעלט מיט א הייסען, ברענענדיגען אטהעם: „ניין, ניין, ניין!" און אין דער זעלבער צייט האָט זי זיך אין גאַנצען גע־צויגען צו איהם און אלסדינג אין איהר האָט געשריען! „ליעבער, טהייערינקער!" און דערנאָך איז זי שטיל געוואָרען און אלסדינג אין איהר איז שטיל געוואָרען, און זי האָט זיך דערפיהלט אזוי ווי זי וואָלט זיך אין דער לופטען אוועקגעטראָגען.........................

..................................................................

ווען זי איז געקומען צו זיך, איז ער געשטאַנען נעבען איהר אויף די קניע, געהאַלטען איהר האַנד, געגלעט זי און געקוקט איהר אין די אויגען אריין מיט א מינע פון אן אנגעזעטיגטען הונד. זי האָט איהם אָנגעקוקט אפריהער הילפלאָז, ווי א צוגעשטיקטע חיה'לע, דערנאָך מיט א פאַרוואורף. און פּלוצים האָט זי א ריס געטהאָן פון איהם די האַנד, איז אויפגעשפּרונגען פלינק ווי א קאַץ און זיך א וואָרף געטהאָן אויף איהם מיט א פערצווייפעלטען יאָמער:

— וואָס האָט איהר געטהאָן? וואָס האָט איהר געטהאָן?!

און אזוי ווי ער האָט נאָך קיין צייט געהאַט אויפצושפּרינגען פון דער ערד, האָט זי זיך ארויפגעוואָרפען אויף איהם, גענומען איהם רייסען דעם פּנים, די האָאַר, האָט ארונטערגעריסען פון איהם דעם האַלז־טוך מיט'ן קראַגען, איינגעקלאַמערט זיך מיט בײדע הענד אין זיין האַלז, געיאָמערט און איהם געוואָרגען

ער איז צוטומעלט געווארען — אויף דעם האט ער זיך גאר ניט געריכט! — האט זיך געצאפעלט אונטער איהרע הענד, געריסען זיך פון איהר, געווארפען מיט די פיס, זי איז אבער געווען שטאר־קער פון איהם, האט איהם ניט אפגעלאזט און געווארגען.

צום סוף האט ער זי א שטויס געטהאן מיט א פוס, זי איז אומ־געפאלען. ער איז אויפגעשפרונגען און האט זיך געלאזט לויפען א צוטומולטער, מיט א צוקראצטען פנים, אהן א הוט, האלז־טוך און קראגען און מיט א צוריסען העמד. זי האט זיך א כאפ געטהאן פון דער ערד, איז א פאר טריט איהם נאכגעלאפען, דערנאך האט זי זיך ווידער א ווארף געטהאן אויף דער ערד, איז צוגעפאלען מיט'ן פנים צום גראז, האט געוויינט און אויפגעציטערט מיט'ן גאנצען קערפער.

שפעטער, געהענדיג אהיים, האט זי געכליפעט און גע'טענה'ט צו זיך אליין:

— אפגעהיט זיך... אפגעהיט זיך און נא דיר!...

---

8.

## רייטשעל'ס פערצווייפלונג און ארע'ס זינדיג הארץ.

ווען זי איז צוגעגאנגען צו ארע'ס הויז, איז שוין געווען שפעט נאך האלבער נאכט. דאס קליין הילצערען הייזעל מיט'ן גאניק האט געדרימעלט אונטער דעם מאטאווען לבנה שיין. די פענסטער האבען אויסגעזעהן ווייסלאך און ווי מיט א זילבער־שטויב בעשאָ־טען האט אויך אויסגעזעהן די לעדיגע שטרעקע לאנד הינטער'ן הויז און דער וועלדעל דארט ווייטער... נעבען טהיר אויפ'ן גאניק איז נאך אלץ געלעגען די ציעג, דעם קאפ מיט'ן בערדעל אנגעלעהנט אויף איהר רוקען, און האט געשלאפען. פון צייט צו צייט האט זיך דורכגעטראגען אין דער העלער לופט א פער'חלום'ט און קורץ קלינגען פון א גלעקעל. אפנים ערגעץ דארט ניט ווייט האט זיך א פערד געפיטערט...

רייטשעל האט דאס אלעס ניט בעמערקט און ניט געהערט. זי האט אפילו ניט בעמערקט, בעת זי איז אין שטוב אריין, ארע'ן, וועל־

כער איז געזעסען אויף אַ שטוהל ביים פענסטער ניט ווייט פון איהר צימער און האָט געקוקט אין דער העלער נאַכט אריין...

זי איז אריינגעלאָפען אין איהר צימער און האָט איבערגעלאָזט די טהיר אָפען. דאָס צימער איז איצט בעלויכטען געווען פון לבנה־שיין. זי האָט זיך אריינגעוואָרפען אין בעט, ניט ארונטערגענומען אפילו פון זיך די שיך.

אין׳ם קאָפּ האָט איהר געמישט און געדרעהט. די ליפּען האָבען געברענט, דער מוח, זי אין גאַנצען האָט געברענט. פּלוצים האָט זיך ביי איהר ארויסגעריסען אַ פערצווייפעלט שלוכצען. זי האָט איינגעגראָבען דעם פּנים אין קישען און פערשטיקט איהר געוויין. ווי דורך אַ חלום האָט זי דערהערט, ווי אימיצער איז אין איהר צימער אריין און באַלד האָט זי דערפיהלט אימיצען׳ס האַנד אויף איהר קאָפּ.

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און דערזעהען אָרע׳ן. ער איז געשטאַנען, בעגאָסען פון לבנה־שיין, און זיין שווארצע קאַראָוע האַנד איז געלעגען אויף איהר ווייסען קישען.

זי האָט גלייך אויפגעהערט צו וויינען. איהם אַנגעקוקט אַ פריהער פערוואונדערט, מיט פרעגענדיגע אויגען, דערנאָך איז זי פּלוצים אויפגעשפּרונגען פון׳ם בעט און גענומען שרייען אויף איהם:

— וואָס דאַרפט איהר דאָ? וואָס קריכט איהר אַהער, איהר אַלטע אַבעזיאַנע? ארויס!...

אָרע איז צוטומעלט געוואָרען, האָט אויסגעשטעלט צו איהר ביידע הענד און געמורמעלט:

— שאַ, שאַ, וואָס שרייסטו? מען קען דאָך, חלילה, מיינען, גאָט ווייסט וואָס... איך הער, אַז דו וויינסט און דו האָסט מיר פריהער געזאָגט, אַז דער קאָפּ טהוט דיר וועה, ביז איך אריין צו דיר זעהן, אפשר דאַרף מען אַ דאָקטאָר, כ׳ווייס?... מען איז דאָך...

— מיר טהוט גאָר נישט וועה און דאָס איז ניט אייערע חזיר׳שע ביזנעס און איהר זאָלט ניט סמייען צו קריכען אַהער — האָט זי איהם ניט געלאָזט ווייטער ריידען — איהר הערט? און ווען איך וועל נאָך אַמאָל זעהן, אַז איהר קוקט צו מיר אין צימער אריין דורכ׳ן שליסעל־לאָך, בעת איך טהו זיך אָן, וועל איך דאָס נאָך אַמאָל זעהן... איהר הערט, איהר אַלטע אַבעזיאַנע? — האָט זי זיך אַלץ מעהר

און מעהר צוקאַכט — וועל איך אייך... וועל איך אייך... מיט עפּעס ווארפען אין קאָפּ אריין!...

אָרע איז נאָך מעהר צוטומעלט געוואָרען און האָט געמורמעלט צומישט:

— אָבער, רייטשעל, האָב רחמנות, שריי ניט אַזוי! דו וועסט אויפוועקען עטעל'ען, די מאַמען... איך האָב ניט געקוקט... איך האָב ניט געקוקט... דאָס האָט זיך דיר אויסגעוויזען... אַי, וועה איז מיר, דו רעדסט דאָך טאַקע ווי אַ הולטאַיקע. דו קענסט דאָך מיך, חלילה, אויפ'ן פייער ארויפברייננגען!...

— איהר האָט יאָ געקוקט. איהר זייט אַלע פערדאָרבענע מענשען, שאַרלאַטאַנעס, רוצחים זייט איהר, מערדער, איינער ווי דער אַנדערער! דערזעהט איהר אַלע אַ מיידעל, קריבען אייך די אויגען פון'ם קאָפּ ארויס. איך בין אַלע מאָל געווען אַן אַנשטענדיגע מיידעל. איהר הערט? אַן אַנשטענדיגע, אַן אַנשטענדיגע! — האָט זי זיך פּלוצים צויאָמערט, אַנגעכאַפּט זיך פאר'ן קאָפּ און גענומען טופען מיט די פיס: — ארויס! ארויס! אַרויס!...

אָרע איז ארויסגעלאָפען פון איהר צימער און זי האָט פערקלאַפּט הינטער איהם די טהיר.

— וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס? — האָט אָרע געטראַכט צוטומעלט — איז זי פון זינען אַראָפּ?...

ער איז געשטאַנען אין מיטען עס־צימער און האָט געקוקט מיט אויסגעגלאצטע אויגען אויף איהר טהיר.

אונטערען פענסטער האָט זיך געצויגען אַ מאַטאָווער שטראַהל פון דער לבנה.

אין דער צווייטער טהיר האָט זיך בעוויזען די אַלטע פרומע און עטעל אין אַ נאַכט־העמד.

— וואָס איז דאָס פאר אַ געשריי? — האָט די אַלטע געפרעגט צושראָקען.

אָרע איז נאָך מעהר צוטומעלט געוואָרען.

— גאָר נישט, גאָר נישט — האָט ער ארויסגעמורמעלט — כ'וויים, זי איז עפּעס קראַנק... דער קאָפּ, כ'וויים?...

— רייטשעל האָט דאָס געשריען? — האָט עטעל אויך צושראָקען געפרעגט.

— יאָ, יאָ, זי — האָט אָרע געענטפערט — דער מאָגען אפנים... דער קאָפּ... זי איז ערשט געקומען... זיץ איך אזוי פערטראַכט... עפּעס שלאָפט זיך מיר היינט ניט... הער איך מיט אמאָל, ווי זי וויינט דאָרט אין איהר צימער... קום איך אריין צו איהר אין צימער... טאַמער, כ׳וויים? א דאָקטאָר... איך קען דען וויסען?... נו, וויל זי ניט קיין דאָקטאָר!... ווילסט ניט, דאַרף מען ניט!... געהט שלאָפען, געהט! — האָט ער צוגעלעגט אין א פערענדערטען טאָן, קומענדיג צו זיך: — קומט, איך געה אויך שלאָפען!... א מאָדנע זאַך, שוין א דריי נעכט ווי איך קען ניט איינשלאָפען.

— פאַרוואָס? — האָט די אַלטע געפרעגט.

— איך וויים, פאַרוואָס? — עס שלאָפט זיך ניט. קומט, אפשר וועל איך איצט קענען איינשלאָפען.

און ער האָט טיעף א זיפץ געטהאָן.

— איך וועל געהן זעהן, וואָס זי מאַכט — האָט עטעל זיך אָנגערופען.

— מען דאַרף ניט. לאָז איהר צורוה. אַז זי איז דאָרט שטיל, מסתמא שלאָפט זי — האָט אָרע געזאָגט.

— זי האָט זיך מסתמא איבערגעגעסען — האָט פרומע א בורטשע געטהאָן.

עטעל איז צוגעגאַנגען צו רייטשעל׳ס טהיר און האָט שטיל אָנגעקלאָפּט:

— דו שלאָפסט, רייטשעל? — האָט זי שטיל געפרעגט.

רייטשעל האָט ניט געענטפערט.

אָרע איז צוגעגאַנגען צו איהר אויף די שפּיץ־פינגער.

— קום, עטעל, קום! — האָט ער זי שטיל גערופען — וועק זי ניט. א רחמנות!...

עטעל האָט נאָך אמאָל אָנגעקלאַפּט נאָך שטילער, און איז דער־נאָך אוועק מיט פרומע׳ן צוריק אין זייער צימער. אָרע איז אויך אוועק צו זיך אין שלאָף־צימער און באַלד איז ער געלעגען אויף זיין בעט.

— דאַכט זיך אַזאַ שטיפערקע, אַזאַ ברען, אַזאַ שיקסע — האָט ער געטראַכט וועגען רייטשלען — און פאַרט אַן אמת אָרענטליכע מיידעל... א מאָן טאָר צו איהר נאָהענט ניט צוגעהן... אוי, אוי, זי

האָט געזעהען ווי ער האָט אריינגעקוקט צו איהר, בעת זי האָט זיך אָנגעטהאָן... זי האָט דאָס טאַקי דערצעהלט סעמ'קע בלומ'ען... זי קען נאָך אַמאָל דערצעהלען זיין מאַמע'ן און עטעלע'ן אויך... אוי, אַזאַ חרפּה, אַזאַ בושה... אַ מצוה אויף איהם, זאָל ער ניט קריכען וואו מען דאַרף ניט, זאָל ער ניט קוקען, ווען מען טאָר ניט! — האָט ער זיך אַליין גע'מוסרט און דערביי האָט זי פאַר זיינע אויגען געגומען שוועבען אַזוי ווי ער האָט זי דאָס לעצטע מאָל געזעהן, בעת זי האָט זיך אָנגעטאָן — מיט איהרע בלויזע דיקע, רונדע ארמס, מיט איהר בלויזען בוזים, וואָס האָט איהם אַ ברען געטהאָן פאַר די אויגען ווי אַ שטיק פייער, און ער האָט אָנגעהויבען צו שאָקלען מיט'ן קאָפּ און געמורמעלט:

— סטייטש אַ פאַרשוין, סטייטש אַ פאַרשוין!...

ער האָט אַ זיפץ געטהאָן.

דערנאָך האָט ער זיך ווידער אַ כאַפּ געטהאָן:

— רבונו של עולם, וועגען וואָס טראַכט ער?! היינט, איידער ער שטעלט איין זיין גאַנץ פערמעגען?! נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי פיעל גאָט געבעטען אי בעת ער האָט געדאַווענט מנחה און מעריב, אי די גאַנצע נאַכט מיט זיינע מחשבות, מיט זיין הארצען?!

און פונקט ווי פאַרנאַכט, בעת רייטשעל האָט מיט איהם אַ שטיף געטהאָן, האָט ער איצט ווידער געזעהן אין דעם אַ שלעכטען סמן פיר זיך...

— אַן אמת'ע לילית! — האָט ער ווידער געטראַכט וועגען רייטשלען — מען האָט זי ניט געטאָרט האַלטען אין'ם שטוב... מען איז ניט מעהר ווי אַ זינדיגער מענש מיט'ן יצר הרע אין'ם האַרצען... די אויגען קען מען דאָך ניט האַלטען צוגעמאַכט... און דער יצר הרע רייסט זיי אויף איבערגעוואַלד...

ער האָט צוגעמאַכט די אויגען און ארויסגעמורמעלט:

— רבונו של עולם, זיי דו מיר מוחל... בעשטראָף מיך ניט דערפאַר. דו ווייסט דאָך אודאי, אַז זייט מיין ווייב, עליה השלום איז קראַנק געוואָרען בין איך געווען אַלץ איינם ווי אַ בחור!...

פאַרטאָג האָט ער איינגעדרימעלט...

---

9.

## אַרע׳ס שרעק און די ערשטע דריי טויזענד דאָלער

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. נעבען איהם איז געשטאַנען זיין אַלטע מאַמע און האָט איהם געוועקט.

— דו שטעהסט אויף, אַרע? שוין נאָך זיעבען...

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז ער שוין געשטאַנען אין זיין טלית און תפילין און האָט געדאַוועגט. און אין אַלע תפילות פון׳ם דאַווגען, וואָס זיינע ליפּען האָבען געמורמעלט, האָט זיך איצט געהערט זיין אייגענע תפילה, וועלכע האָט זיך געטראָגען פון זיין אונרוהיגער נשמה: „גאָטעניו, מיין בלוטיג־פערהאָרעוועט געלד לאָז מיך ניט פערלירען, מיין עטעלע׳ס נדן!“...

נאָכ׳ן דאַווגען איז ער אַ צוטראָגענער אריין צו זיך אין שלאָף־צימער און האָט פערשפּאַרט די טהיר. דערנאָך האָט ער זיך געזעצט אויפ׳ן בעט און ארויסגעשלעפּט פון אונטער׳ן בוזים אַ פּעקעלע, וואָס איז איינגעוויקעלט געווען אין אַ רויטען טיכעל. ער האָט גע־האַלטען אַ ווײַלע דאָס טיכעל אין זיינעביידע הענד און געקוקט פאַר זיך פערטראַכט. דערנאָך האָט ער לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג ארויס־געוויקעלט פון׳ם טיכעל פינף גאַנצע הונדערטער, נייע אַסיגנאַציעס, וועלכע ער האָט נעכטען ארויסגענומען פון דער באַנק, האָט זיי ארומגעטאַפּט, בעטראַכט יעדע בעזונדער, געגלעט זיי און געטראַכט: „זאָל איך, אָדער זאָל איך ניט?“...

צום סוף איז ביי איהם געבליבען, צו וואַרפען גורל... ווי אַזוי? עס איז איהם איינגעפאַלען צו ציהען אַ קניפּעל. ער וועט נעהמען דאָס רויטע טיכעל, אין וועלכען זיין געלד איז איינגעוויקעלט געווען, וועט אויף איין ברעג מאַכען אַ קניפּעל און וועט עס אונטערלעגען אונטער׳ן קישען. דאַן וועט ער ציהען. וועט זיין האַנד ארויס־שלעפּען דעם ברעג מיט׳ן קניפּעל, וועט עס זיין אַ סימן, אַז... ער מעג יאָ... ניין, אַז ער טאָר ניט ריזיקירען... ניין, ניין, אַז ער מעג יאָ, יאָ, ריזיקירען זיין געלד... וועט זיין האַנד ארויסשלעפּען אַ ברעג אָהן אַ קניפּעל איז אַ סימן, אַז ער טאָר ניט איינשטעלען זיין געלד.

און ער האָט דאָס געטהאָן: געמאַכט אַ קניפּעל, אונטערגעלעגט דאָס טיכעל אונטער'ן קישען און ארויסגעשלעפּט מיט אַ ציטערדיגער האַנד דעם ברעג מיט'ן קניפּעל... ער האָט זיך מיט דעם דערפרעהט, אַזוי ווי דער דאָזיגער קניפּעל וואָלט איהם זעהר אַ גוטע בשורה אָנגעזאָגט וועגען עפּעס, וואָס האָט איהם זעהר שטאַרק בעאונרוהיגט. דאָך האָט ער זיך אויף דעם איינציגען מאָל ניט געוואָלט פערלאָזען. עס איז איהם איינגעפאַלען צו לאָזען זיין מאַמע'ן אויך ציהען אַ קניפּעל. און מיט אַ קלאַפּענדיגער הארצען איז ער אריין צו איהר אין דער קיך, האַלטענדיג די צונויפגעלעגטע ברעגעס פון'ם טיכעל אין זיין רויטען פויסט.

— ציה, מאַמע! — האָט ער געזאָגט.

זי האָט דאַן אָנגעגאָסען אַ גלאָז טהעע פיר עטעלע'ן און גע־האַלטען דעם טהעע־קאַן אין די הענד.

— וואָס ציהען? — האָט זי געפרעגט און אוועקגעשטעלט דעם טהעע־קאַן אויפ'ן אויוון.

— ציה אַרויס אַ ברעג, מאַמע... איך וויל ערגעץ היינט געהן, וואו עס איז דאָ אַ סכנה, וויל איך וואַרפען גורל: צו זאָל איך, צו זאָל איך ניט...

— וואָס איז? דאָרטען איז דאָ אַ בייזער הונד, מיין זוהן? — האָט די אַלטע געפרעגט אונרוהיג.

— יאָ, יאָ — האָט ער ארויסגעמורמעלט, ניט ווייסענדיג וואָס איהר צו ענטפערען.

— טאָ געה ניט אַהין, גאָט וועט דיר צושיקען אויף אַנאַנדער פּלאַץ, מיין זוהן...

— ציה, מאַמע, ציה! — האָט ער געמורמעלט — איך בעט דיך, ציה!...

זי האָט אַרויסגעצויגען אַ ברעג אָהן אַ קניפּעל און ער איז צומישט געוואָרען.

— נו, ווי איז אויסגעפאַלען: גוט, צו שלעכט? — האָט די אַלטע געפרעגט און געקוקט נאָך אונרוהיגער אויף איהם.

ער האָט ניט געענטפערט און געקוקט צוטומעלט אויף דעם ברעג, וואָס זיין מאַמע האָט ארויסגעצויגען.

עטעל איז אריינגעקומען.

— גיבער דעם טהעע, באָבע. עס ווערט שפּעט. איך וועל פערשפּעטיגען צו דער ארבייט — האָט זי געזאָגט.

— די טענצערקע שלאָפט נאָך?

— רייטשעל געהט היינט ניט ארבייטען. זי פיהלט זיך ניט גוט. זי האָט מיר ערשט געזאָגט ביי איהר אין רום. גיבער, באָבע, א גלאָז טהעע!...

ארע האָט זיך א כאַפּ געטהאָן:

— וואַרט, טאָכטערל!...

ער האָט שנעל צונויפגענומען די ברעגעס פון'ם טיבעל אין זיין פויסט, אויסגעשטרעקט איהם צו זיין טאָכטער און געזאָגט:

— ציה!...

— וואָס איז דאָס?...

— ציה! — האָט ער נאָך אמאָל געזאָגט, און זיין הארץ האָט ציטערענדיג געבעטען: „גאָטעניו, מאַך, זי זאָל ארויסציהען דעם ריכטיגען!“...

זי האָט מיט א פערוואונדערטער מינע א קוק געטהאָן אויף איהר טאַטען'ס אויסגעשטרעקטען פויסט מיט די ארויסגעשטעקטע צונויפגענומענע רויטע שפּיצען פון דעם טיבעל און גענומען ציהען איינעם פון זיי, און ארויסגעשלעפּט... דעם קניפּעל... און ווי א שווערער שטיין האָט זיך ארונטערגעקייקעלט פון זיין הארצען. ער האָט זיך דערפרעהט נאָך מעהר ווי פריהער. באלד אָבער איז ער ווידער צו־טומעלט געוואָרען: ווער האָט ריכטיג געצויגען, די מאַמע אָדער עטעלע?... אָבער ער האָט אויך ארויסגעצויגען דעם קניפּעל... צוויי יא, איינס ניט... אמאָל קען זיין, אז דער מאַמע'ס ציהען איז טאַקי ריכטיג און זייערע... היינט וואָס טהוט מען פאַרט?...

זיינע געדאַנקען האָט איבערגעשלאָגען יאַכנעטשיק, וועלכער איז אריינגעקומען אין הויז מיט א געפּילדער און פּערסאָפּעט.

— איהר זייט פאַרטיג, ר' ארע? גיכער! א ניט פערלירען מיר דעם „פּאַרסעל“. סאַמועלסאָן, דער לאָיער, האָט טאַקי איהם דערשמעקט... קומט, מיסטער בלום וואַרט דאָרט ביי דער גוי'ע אויף אונז מיט א לאָיער!...

און ער איז ארויסגעגאַנגען מיט יאַכנעטשיק'ן פונ'ם הויז, ווי א צודולטער, האָט ניט בעמערקט די שענע פריהלינגס־זון, וואָס האָט

אזוי פרעהליך בעלויכטען די גרינע שטרעקעס לאַנד, דעם וועלדעל, וועלכער האָט גע'כשופ'ט פון ווייטען, די זאַמדיגע גאַסען און די קליינע הייזלאַך, און ניט געהערט וואָס יאַכנעטשיק האָט איהם דערצעהלט וועגען סעמקע בלום, ווי נעבכטען איז איהם, סעמ'קען בעפאַלען אַן איירישער גוי און איהם צוקראַצט דעם פּנים... ער, אָרע, איז געגאַנגען ווי צו אַ געפעהרליכער אָפּעראַציאָן, אונטער וועלכער ער האָט געקענט שטאַרבען... נור איין מאָל האָט ער ארויסגעשטאַמעלט:

— איז ווי מיינט איהר, מיסטער יאַכנעטשיק, האַ?

— וואָס?

— איז... איז... איז קיין סכנה ניטאָ, אז... אַז מיר זאָלען חלילה פערליערען אונזער... אונזער געלד, האַ?

— רעדט ניט קיין נאַרישקייטען, ר' אָרע — האָט געענטפערט יאַכנעטשיק, און צוגעלעגט מיט פערוואונדערונג אינ'ם קול:

— אַ־אַך!...

זיי זיינען צוגעגאַנגען צו אַן אַלט, האַלב איינגעפאַלען, הילצערנע הייזעל, וואָס איז געשטאַנען ארומגערינגעלט פון אַ גאָרטען מיט בלומען און פערזעעטע בעטען. אין פראָנט זיינען געשטאַנען עטליכע בוימער, בעשאָטען מיט ווייסע בליטהען.

— אָט דאָס איז דאָס! — האָט יאַכנעטשיק געזאָגט און אָנגעקלאַפּט אין אַ טהיר.

עס האָט זיך דערהערט אַ קוויטשענדיגער בילען פון אַ הינטעל. אָרע האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און איז אָפּגעטראָטען פון דער טהיר.

— שרעקט זיך ניט, דער גויה'ס קליין הינטעל, ער בייסט זיך ניט — האָט יאַכנעטשיק בעמערקט.

אַן אַלטע קריסטין מיט אַ ווייסען קאָפּ האָט זיי געעפענט די טהיר. זיי זיינען אריין אין שטוב. פון אונטער'ן טיש האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף זיי אַ קליין, ווייס הינטעלע מיט אַ בילען. אָרע האָט זיך ווידער אַ כאַפּ געטהאָן צוריק און גלייך איז איהם אויף דער צונג ארויף, אוים געוואוהנהייט, דער „פּסוק": „איך בין יעקב, דו ביזט עשיו"... ער האָט אָבער דעם הינטישען פּסוק ניט געענדיגט, ווייל די אַלטע קריסטין האָט אָנגעשריען אויף איהר הינטעל און עס איז אַנשוויגען געוואָרען און פערקראָכען צוריק אונטער'ן טיש.

ביים טיש זיינען געזעסען סעם׳קע מיט א צוקראַצטען פּנים, אַן עלטערער קריסט, דער אַלטער׳ס לאָיער, און אַן אידישער יונגערמאַן, דער לאָיער וואָס האָט פּערטראָטען די שותּפים.

— אַלסדינג איז שוין פאַרטיג, מען דאַרף נור געבען דאָס געלד און אונטערשרייבען — האָט סעם׳קע זיי בעגעגענט.

יאַכנעטשיק האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטער׳ן בוזים אַ פּעקעל געלד און איבערגעגעבען דעם לאָיער.

— צעהלט איבער, דריי הונדערט — האָט ער געזאָגט.

דאָס אייגענע האָט געטהאָן סעמקע. נאָר איין אַרע האָט זיין געלד ניט אַרויסגענומען און געקוקט אַרום זיך, ווי אַ צודולטער.

— האָט איהר ביי זיך אייערע פינף הונדערט? — האָט דער יונגער מאַן, דער לאָיער, זיך צו איהם געווענדעט.

— האַ? — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן און מיט אַ מינע, אַזוי ווי מען וואָלט איהם ביי דער האַלז אַנגענומען און מיט געוואַלד איהם געצוואונגען געלד צו געבען, האָט ער פּעררוקט זיין האַנד אונטער׳ן בוזים און לאַנגזאַם אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט זיין פּעקעלע געלד. ער האָט אין גאַנצען געציטערט, בעת ער האָט איינציגווייז איבערגעגעבען דעם לאָיער זיינע פינף הונדערטער.

דערנאָך האָט מען אונטערגעשריבען דעם קאָנטראַקט. די אַלטע אַפריהער, נאָך איהר סעמקע בלום און יאַכנעטשיק. אַרע האָט גע־דאַרפט אונטערשרייבען. דער לאָיער האָט צוגערוקט צו איהם דעם קאָנטראַקט.

— איך קען ניט אונטערשרייבען אויף ענגליש — האָט אַרע אַרויסגעמורמעלט.

— שרייבט אונטער אין אידיש — האָט דער לאָיער געזאָגט.

ער האָט אונטערגעשריבען מיט אַ ציטערענדיגער האַנד.

— וואָס ציטערט איהר אַזוי? — האָט דער לאָיער זיך אַנגע־רופען.

— אַך, מיסטער לאָיער, איך האָב דאָס ניט געדאַרפט טהאָן... מיין טאָכטער׳ס נדן... בלוטיג געלד — האָט ער געמורמעלט — נאָר גאָר נישט, וואָס גאָט וועט געבען, דאָס וועט זיין. פּערפאַלען!

און ער האָט אַ זיפץ געטהאָן.

שפעטער, ווען ער מיט זיינע פארטנערס האבען זיך צושיידט מיט זייער לאיער, ארויסגעהענדיג פון דער אלטער'ס הויז, האט ער זיך דערוואוסט, אז די 12 הונדערט דאלאר, וואס זיי האבען איינגעצאהלט דער אלטער, זיינען געווען נאר א דעפאזיט, אן אויפגאב אויף די פינף טויזענד דאלאר, וועלכע זיי וועלען איהר דארפען בעצאהלען אין א חודש ארום. ער האט זיך א כאפ געטהאןביים קאפ. וואס הייסט?... סטיימש, ער האט דאך געמיינט, אז דער גאנצער „פארסעל" טרעפט ניט אן מעהר ווי די צוועלף הונדערט דאלאר. וואו וועלען זיי נעהמען אזוי פיעל געלד אין א חודש ארום? פארוואס האבען זיי דאס איהם פריהער ניט געזאגט?...

— פארוואס האט איהר ניט געפרעגט? — האט סעמקע, ביי וועמען דער קאנטראקט איז געלעגען אונטער'ן בוזים, געענטפערט און זיך צולאכט: — א ריכטיגער ביזנעס מאן ווייסט א פריהער, וואס ער טהוט...

— גזלנים, איהר האט דאך מיך געקוילעט! — האט ארע ארויסגעקרעכצט און פערבראכען די הענד — אי וועה איז מיר, אט האסטו דיר!... וואו וועלען מיר נעהמען אזוי פיעל געלד?...

— טפוי! — האט יאכנעטשיק א שפיי געטהאן מיט כעס — וואס נודעט איהר, פערד וואס איהר זייט? אז מיר וועלען קריגען געלד אויף דעם „פארסעל", וועט איהר אויך קריגען, און אז ניט האבען מיר קיינער ניט „געפיעדעלט"... מיר אלע ליגען דא מיט די געלד...

— אין דר'ערד ליגען מיר, אין דר'ערד — האט ארע געקרעכצט — ס'געהערט? אן אויפגאב גאר! און וואו וועלען מיר נעהמען די איבעריגע, אזוי פיעל געלד?... גזלנים, פאר וואס האט איהר מיך אריינגעשלעפט! — האט ארע זיך שיער ניט צו־וויינט.

— ר' ארע — האט סעמקע גענומען אויף איהם שרייען — איהר וועט אונז אונגליקליך מאכען! ווען איהר וועט אזוי טענה'ען, וועט מען מיינען, אז מיר האבען חרטה אויף אונזער „פארסעל" און דאן ערשט וועלען מיר טאקע פערליערען אונזער געלד. בעסער שרייט: א „בארגיין"! א בארגיין, א מציאה, איהר הערט? א בארגיין, א מציאה. וועלען מיר דאן פערדיענען געלד. איהר הערט, וואס איך זאג אייך?...

— ער איז גערעכט — האָט יאכנעטשיק אונטערגעכאַפּט — איהר דאַרפט שרייען, אז מיר האָבען געהאַנדעלט א גרויסע מציאה... שאַ, דאָרט געהט סאמועלסאָן דער לאָיער...

— ר׳ אָרע, מאַכט א פרעהליכע מינע און טאָמער פערפיהרט ער א רייד מכוח אונזער „פּארסעל״, שרייט, אז איהר ווילט ניט פער־קויפען איהם.

— וואָס הייסט? זאָל ער נור מיר צוריקגעבען מיין געלד, וועל איך דאַנקען גאָט! — האָט אָרע אויסגעשריען.

— מאַכט צו אייער פּיסק, איהר אַלטער ליץ — האָט סעמקע אויף איהם א געשריי געטהאָן — איהר שווייגט, לאָזט אונז ריידען!

אָרע האָט א טראַכט געטהאָן: „יאָ, יאָ, דו מעגסט שוין שרייען אויף מיר, איך בין דאָך אין דיינע הענד, וועה איז מיר!״.

און דערפיהלט, אז ער וועט באַלד ארויספּלאַצען מיט טענות, פאַרוואָס זיי האָבען איהם אונגליקליך געמאַכט, איז ער אפּגעטראָטען פון זיי, און האָט גענומען געהן אין מיטען גאס מיט וואַקעלדיגע טריט, ווי א שיכור׳ער...

— אָט האָסטו דיר! א פּיינעם תכלית געמאַכט, א פּיינעם!

— האָט ער פערצווייפעלט געמורמעלט אין באָרד אריין.

— א גוטען מאָרגען, ר׳ אָרע — האָט ער דערהערט אַן אנגע־נעהמען באַריטאָן.

ער האָט זיך אומגעקעהרט און דערזעהן סאמועלסאָנ׳ען, וועלכער איז געגאַנגען אויפ׳ן צווייטען טראָטואַר מיט זיין שטענדיגען שמייכעל אויפ׳ן פּנים.

סאמועלסאָן איז געווען איינער פון די עלטסטע אידישע תושבים אין בראָנזוויל. א מערקווירדיגער מענש, א געמיש פון א פּראַקטישען מענשען און א טרוימער, פון א דורכגעטריבענעם געשעפטס מאַן און אַן אידעאַליסט פון העכסטען זאָרט. אין אמעריקא איז ער געווען א יאָהר פופצעהן. געקומען פון א זיד רוסישער שטאָדט, וואו ער האָט געענדיגט א גימנאַזיום. אין ניו יאָרק האָט ער זיך א לאַנגע צייט געפּלאָגט, געאַרבייט אין שעפּער ביי העמדער און ראַפּערס און גאָר אָפּט געהונגערט. זיין פרייע צייט האָט ער אָפּגעגעבען דער אַרבייטער בעוועגונג, געהאָלפען גרינדען די ערשטע יוניאָנס

צווישען די אידישע ארבייטער, אגיטירט, געלעזען לעקציעס איבער דער ארבייטער פראגע און האט עס געטהאן מיט אויפריכטיגער בעגייסטע־רונג. אן איבערצייגטער סאציאל־דעמאקראט, א מארקסיסט, האט ער דעמאלט געהאלפען צו בעקעמפפען די אידישע און דייטשע אנארכיס־טען, וואס האבען אין יענער צייט געזוכט ארייצוקריגען די אידישע אר־בייטער אונטער זייער איינפלוס. אין דער איינענער צייט האט ער זיך פארגעבריימעט צום קאלעדזש. געענדיגט דעם קאלעדזש, האט ער דער־נאך געעפענט אן אפיס אין בראנזוויל און אנגעהויבען צו פראקטיצירען „לאא“. זיין פראקטיק האט איהם אבער זעהר ווענינ אריינגעבראכט. די בעפעלקערונג איז געווען צו קליין אין בראנזוויל און די קליענטען, וואס זיינען אמאל צו איהם יא געקומען, זיינען ס׳רוב געווען פון ארימע ארבייטער שיכטען און זיי זיינען צו איהם געגאנגען, ווייל ער איז געווען זייערער א מענש, וואס, אז מען האט איהם ניט בעצ־צאהלט פאר זיין ארבייט, האט ער אויך קיין טענות ניט געהאט. דערפאר אבער, אז עס האט זיך איהם אמאל געמאכט א רייכער קליענט, האט ער, סאמועלסאן, פערשטאנען ווי צו מאכען איהם בעצאהלען אויך פאר די ארימע. אבער רייכע קליענטען זיינען אין בראנזוויל געווען פערדאמט ווענינ און אפילו פון די וועניגע האט ניט יעדער געוואלט געהן צום סאציאליסט סאמועלסאן, איז ער א לאנגע צייט געבליבען אן ארימאן. די ארימקייט האט ער פערטראגען גוט־מוטהיג, מיט א בעזונדערען גליקליכען שמייכעל.

בכלל, האט מען איהם שטענדיג געזעהן מיט א צופריעדענער, כמעט גליקליכער מינע אויפ׳ן פנים. צו מענשען האט ער זיך פער־האלטען זעהר פריינדליך און ליעבענסווירדיג, אויסער ווען ער איז געשטאנען אויף דער פלאטפארמע און האט גערעדט צו ארבייטער. דאן איז ער אין גאנצען געווען דער היפוך פון דעם גוטמוטהיגען, זאנפטען און פריינדליכען סאמועלסאנ׳ען. דאן האט ער „געפולווערט“, געשאטען ווערטער, בראנד־פייער, פול האס, געגען דעם קאפיטא־ליזמוס, און אין א דעבאטע מיט א געגנער וועגען דער „צוקינפטיגער געזעלשאפט“, איז ער אפט געווען גראב, ניט אפגעשטעלט זיך פאר קיין אויסדרוק, און זיינע אויגען האבען דעמאלט געברענט מיט פיינדשאפט, און זיין קול האט געקלונגען מיט פעראכטונג, און אין גאנצען האט ער, דאכט זיך, מיט האס דאן געאטהעמט...

ער איז געווען א ברייטער, שטאַרק־געבויטער מאַן פון מיטעלען וואוקס, מעהר עהנליך צו אַן איטאַליענער ווי צו אַ אידען, מיט דיקע, פעך־שוואַרצע וואָנסעס, אַ שענער מאַן פון אַ יאָהר פערציג מיט אַ רונדען פּנים, וואָס איז בעלויכטען געווען פון אַ פּאָר מערקווירדיג הייסע, שוואַרצע אויגען און פון אַ גליקליכען, זוניגען שמייכעל.

אָנגעטהאָן איז ער געווען מעשה פראַנט, אין אַ טהייערען העלען אַנצוג, וועלכען ער האָט זיך געלאָזט מאַכען ביי אַ גוטען שניידער און אין העלע לאַקירטע שיך. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ העלע קעפּקע, אונטער וועלכע עס האָבען בעזאָנדערס אָפּגעשלאָגען זיינע פעך־שוואַרצע האָאָר, זיינע מערקווירדיגע שוואַרצע אויגען און זיינע פעך־שוואַרצע, דיקע וואָנסעס.

ערשט מיט אַ יאָהר צוריק, איידער ער איז געוואָרען אַ ריעל עסטייטניק, האָט ער זיך ניט געפּוצט, איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ „פּראָלעטאַריער". נור זייט ער האָט אַריינגעקראָגען די טויזענדער, האָט ער אין זיך — ווי ער האָט אַליין געזאָגט — דערפיהלט דעם „רייכען יצר הרע", האָט זיך גענומען פּוצען, וואוילטאָג זיך אָנטהאָן, האָט אָפּט געטרונקען שאַמפּאַניער און געטרוימט וועגען אַן אייגענעם אויטאָמאָביל. איצט האָט ער אויך אַמאָל גערעדט ביי די אַרבייטער אויף די מאַססענפערזאַמלונגען און מיט דעם אייגענעם האַס וואָס פריהער געגען דעם קאַפּיטאַליזמוס און האָט אָפּט בעצאָהלט פאַר די לאָקאַלען, וואו די פערזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען. און אין דער אייגענער צייט האָט ער אין פּריוואַט־געשפּרעכען צוגערעדט זיינע בעקאַנטע אַרבייטער זיי זאָלען אָנהויבען צו קויפען „לאָטס", פּונקט ווי ער האָט זיי פריהער צוגערעדט, זיי זאָלען אין די יוניאָנס אַריינ־טרעטען. און מאַנכע פון זיי האָבען איהם טאַקע געפאָלגט, געקויפט „לאָטס", פאַר זייער לעצטע געלד, ביי איהם אָדער דורך איהם און ער האָט דערביי ניט צוגעלייגט... ער האָט אָבער ניט געמיינט אַריינצונאַרען די אַרבייטער צוליעב זיין נוצען; אמת טאַקי, ער האָט דערביי פערדיענט געלד, אָבער ער איז אויך געווען איבער־צייגט, אַז זיי, די אַרבייטער, וועלען אויך געלד פערדיענען פון די "לאָטס", וואָס זיי קויפען. ער האָט געזעהען, ווי יעדען טאָג ווערען מענשען רייך, ווי ער אַליין ווערט מיט יעדען טאָג רייכער און רייכער, ווי בראָנזוויל וואַקסט, ווי נייע גאַסען ווערען אויסגעלייגט,

ווי די אַלטע וואַקסען דורך די נייע הייזער, וואָס ווערען אויסגעבויט, ווי נייע מענשען קומען צו און בעזעצען זיך אין בראַנזוויל אין די צעהנדליגער, הונדערטער און טויזענדער, און ער האָט אָנגעהויבען צו גלויבען, אַז בראַנזוויל וועט אַמאָל אויסוואַקסען גרויס, זעהר גרויס, וועט זיין איינע פון די גרעסטע אידישע שטעדט, וואָס אידען וועלען האָבען אויסגעבויט. און דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהם אַזוי בעגייסטערט, דאָס ביי יעדער געלעגענהייט האָט ער איהם אויסגעשפּראָכען און דערביי בעמיהט זיך צו בעווייזען, פאַר וואָס בראַנזוויל מוז אויסוואַקסען אַ גרויסע שטאָדט. זיינע ארגומענטען זיינען געווען פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט און אַפּט, ווען ער האָט זיי ארויסגעזאָגט, האָט ער בענוצט אויסדריקען, וואָס ער איז געוואָהנט געווען צו געברויכען אין זיינע לעקציעס.

קורץ, ער האָט אויפריכטיג געגלויבט, אַז אין בראַנזוויל וועט דער ווערטה פון הייזער און לאַנד־אייגענטהום נאָך העכער און העכער שטייגען און דערפאַר האָט ער מיט אַ ריינעם געוויסען געקאָנט יעדען ראַטהען, אריינצולעגען די לעצטע פּאָאר דאָלאר אין „ריעל־עסטייט", האָט געקויפט און פערקויפט פון האַנד צו האַנד, אַמאָל אַליין און אַמאָל מיט אַ שותף, און דערביי האָט ער זיך אונערוואַרטעט ארויס־געוויזען אַלס דורכגעטריבענער געשעפטסמאַן.

האָט ער ערגעץ דערשמעקט אַ גוטען „פּארסעל", האָט ער איהם געהיט מיטביידע אויגען און זעלטען ווען ער האָט איהם ניט אריינ־געקראָגען.

אַזוי האָט ער אויך מיט אַ טאָג צוריק דערשמעקט דעם „פּארסעל", וואָס יאַכנעטשיק און זיינע פּאַרטנערס האָבען היינט געקויפט. ער איז אַוועק צו דער אייגענטהימערין און האָט געפרעגט, אויב זי וויל איהם פערקויפען, און ווען זי האָט איהם געענטפערט, אַז יאַכנעטשיק האָט איהם געקויפט, אַז ער דאַרף איהר ברייגגען היינט דאָס געלד, האָט ער ניט געפּרובט איהר אָנבאָטען אַ העכערען פּרייז, ווי אַנאַנ־דערער וואָלט עס געטהאָן, נור ער האָט בעשלאָסען, אַפּצוהיטען יאַכ־נעטשיק'ן, ווען יענער וועט שוין האָבען געשלאָסען מיט איהר און אָפּהאַנדלען פון איהם דעם דאָזיגען „פּארסעל" אויף סטאָן עווענין, וועלכער איז געווען איינער פון די בעסטע אין בראַנזוויל.

ווען ער האָט דערזעהן יאַכנעטשיק'ן מיט סעם'קען און אַרע'ן,

האָט ער גלייך פערשטאַנען, אַז זיי אַלע זיינען פּאַרטנערס פון דעם דאָזיגען „פּאַרסעל“, און אַ טראַכט געטהאָן: „איז דאָס ניט דער בעסטער בעוויז, אַז „ריעל־עסטייט“ אין בראַנזוויל איז דער זיכער־סטער אַרטיקעל, ווען אפילו אַרע די באָרד הויבט אָן מיט איהם צו האַנדלען!“ דאַן האָט ער זיך צו אַרע׳ן געווענדעט:

— גוט מאָרגען, ר׳ אַרע! וואוהין לויפט איהר אַזוי?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַרע איז אויך שטעהן געבליבען. סעמקע און יאכנעטשיק, וואָס זיינען געגאַנגען אויפ׳ן טראָטואר גע־גענאיבער, זיינען שנעל אַריבערגעלאָפען אויף דעם טראָטואר, וואו סאמועלסאָן איז געשטאַנען, צוגעגאַנגען צו איהם און האָבען זיך אַזוי אוועקגעשטעלט, דאָס אַרע איז געבליבען שטעהן הינטער זייערע רוקענס.

— העללאָ אידען! — האָט זיי סאמועלסאָן בעגעגענט מיט זיין אנגענעהמען, לאָסצענדיגען בּאַריטאָן — פון וואַנען קומט מען און וואו־הין געהט מען?

— מיר האָבען עפּעס געהאַנדעלט — האָט יאכנעטשיק געענטפערט.

— דעם „פּאַרסעל“ אויף סטאָן עוועניו, אויף וועלכען איהר האָט אַרויסגעקוקט — האָט אונטערגעכאַפּט סעמ׳קע.

— ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז איך האָב אויף איהם אַרויס־געקוקט? — האָט זיך אָנגערופען סאמועלסאָן, און אַרויסגעוויזען זיינע געזונדע, ווייסע, לאַכעדיגע ציינער אונטער די דיקע פעך־שוואַרצע וואָנסעס — איהר האָט אַ טעות, איך הער ערשט פון אייך, אַז איך האָב אויף איהם אַרויסגעקוקט...

און ער האָט זיך גוטמוטהיג צולאַכט.

אַרע׳ן איז קאַלט געוואָרען פון דעם דאָזיגען ענטפער און גע־לעכטער. ער האָט אַ צופּ געטהאָן פון הינטען יאכנעטשיק׳ן ביים אָרעם און אַרויסגעקרעכצט:

— נו, איהר הערט, הא?...

יאכנעטשיק האָט איהם פער׳גנב׳עט אַרויפגעטראָטען אויפ׳ן פוס און אַרויסגעלאָזט צווישען די ציינער:

— ציץ! האַלט ס׳מויל!...

דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו סאמועלסאָן׳ען:

— די גוי׳ע אַליין האָט אונז דערצעהלט, אַז איהר זייט געכטען

בּיי איהר געווען ווענען „פּאַרסעל״, און ווען מיר וואָלטען היינט ניט געקומען צו איהר מיט דעם געלד אין דער בּעשטימטער צייט, וואָלט זי אייך איהם פערקויפט...

סאַמועלסאָן האָט אויף דעם גאַר ניט געענטפערט; ער האָט אַרויסגענומען אַ סיגאַר, פערדרויכערט און גענומען קוקען מיט זיינע קלוגע, שוואַרצע אויגען דאָ אויף יאַכנעטשיק'ן און דאָ אויף סעמקען. דערנאָך איז ער פּלוצים צוגעגאַנגען צו אַרע'ן, האָט אַרויפגעלעגט אַ האַנד איהם אויפ'ן אַקסעל, אויסגעשטעלט זיינע לאַכעדיגע ציינער און געזאָגט:

— איהר זייט אויך אַ פּאַרטנער צו זיי, ר' אַרע?

— אַ פּאַרטנער, יאָ! — האָט אַרע אַרויסגעמורמעלט דערשלאָגען.

— אַזוי? זעהר שען, זעהר שען. וויפיעל ווילט איהר פאַר אייער טהייל, ר' אַרע? — האָט ער מיט אַמאָל אַ פרעג געטהאָן.

— האַ? — האָט זיך אַרע אַ כאַפּ געטהאָן — וואָס הייסט, וויפיעל איך וויל?...

— איך מיין, וויפיעל פּראָפיט ווילט איהר? וויפיעל ווילט איהר פערדיענען? הונדערט, צוויי הונדערט, פינף הונדערט?...

אַרע האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און אויסגעגלאָצט אויף איהם אַ פּאָר משונה'דיגע אויגען. נור דאָ האָט זיך יאַכנעטשיק ראַפּטאַם אַ כאַפּ געטהאָן, אַריינגערוקט זיך צווישען זיי און אָפּגעשטופּט מיט'ן רוקען אַרע'ן, אויסגעשטעלט זיין בּייכעל צו סאַמועלסאָן'ען און געזאָגט:

— ר' אַרע וועט זיין טהייל ניט פערקויפען. ווען איהר ווילט דעם גאַנצען „פּאַרסעל״, קענען מיר ריידען.

סאַמועלסאָן האָט זיך גוטמוטהיג צולאַכט.

— קאַר־רע־עקט! — האָט ער געזאָגט, אַ קלאַפּ געטהאָן יאַכנע־טשיק'ן איבּער'ן אַקסעל און צוגעלעגט:

— בּראַוואָ! מיסטער יאַכנעטשיק, בּראַוואָ! אַט אַזוי נור דאַרף מען האַנדלען. אַנשטענדיג, נור אַנשטענדיג... מיר וועלען טהאָן גרויסע בּיזנעס אויף אַן אַנשטענדיגען אופן.

— און נור אויף אַן אַנשטענדיגען אופן — האָט סעמקע אונטער־געכאַפּט מיט היטץ.

— יעס, יעס — האָט סאַמועלסאָן אַרויסגערעדט שטיל און זיינע אויגען האָבּען פּלוצים גענומען קוקען פער'חלום'ט איבּער יאַכנעטשיק'ס

קאָפּ, ווייט אויף די גרינע שטרעקעס לאַנד, וואָס האָבען זיך דאָרט געוואָרעמט אונטער דער פריהלינגס־זון: —

— יעס, יעס, אין אַ פּאָר יאָהר שפּעטער וועט מען בראַנזוויל ניט דערקענען. מיר וועלען האָבען אַ גרויסע, בליהענדע שטאָדט און מאַנכע פון אונז וועלען דאַן אפשר זיין ראקעפעללערס...

אַרע האָט געקוקט אויף איהם, געהערט, וואָס ער רעדט און איהם ניט פערשטאַנען. אין זייניע אויערען האָבען נאָך אַלץ געהילכט סאַמועלסאָן'ס ווערטער: „הונדערט, צוויי הונדערט, פינף הונדערט..." האָט ער געלאַכט פון איהם?...

סעמקע האָט דערוויילע איינגערוימט יאכנעטשיק'ן אויפ'ן אויער: „לאָמיר אָפּקויפען ביי אַרע'ן זיין טהייל". יאכנעטשיק האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, ניט געוואָלט איהם מעהר הערען און זיך ווידער געווענדעט צו סאַמועלסאָן'ען:

— אַלזאָ, מיסטער סאַמועלסאָן, גוד ביי! מיר געהען צו דאָקטאָר זילבערשטיין.

סאַמועלסאָן האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— וואַרט, האָט אַביסעלע געדולד. אפשר וועל איך ביי אייך צונעהמען דעם „פּאַרסעל". וויפיעל האָט איהר בעצאָהלט פיר איהם?

— פינף טויזענד. צוועלף הונדערט האָבען מיר געגעבען דעפּאָזיט — האָט יאכנעטשיק געענטפערט.

— נו, וויפיעל ווילט איהר פּראָפיט?

סעמקע האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— צו דריי טויזענד אויף אַ טהייל...

סאַמועלסאָן האָט ווידער אויסגעשטעלט זיינע ווייסע, לאַבעדיגע צייהן.

— דריי טויזענד אויף אַ טהייל? — האָט ער ארויסגערעדט גוטמוטהיג — דריי טויזענד? האָט איהר בערעכענט, יונגערמאַן, וויפיעל געלד דאָס איז? האָט איהר שוין אַמאָל געזעהן אזוי פיעל געלד?

— וויל איך טאַקי זעהן! — האָט סעמקע געזאָגט און צוגעלעגט — ווען איהר וועט ניט געבען, וועט דער דאָקטאָר זילבערשטיין געבען.

— פערגעסט ניט, אַז דער „פּאַרסעל" איז אויף סטאָן עוועניו — האָט זיך אריינגעמישט יאכנעטשיק.

סאַמועלסאָן האָט זיך ווידער גוטמוטהיג צולאַכט:

— און אז אויף סטאַן עווענױ? אוי, איהר האָט נאָך ניט דעם מינדעסטען בעגריף וועגען אזוינע זאכען. אין פינף יאָהר שפּעטער וועט דער דאָזיגער „פּארסעל“ אפשר ווערטה זײן זעהר א סך געלד, היינט אָבער, היינט... דריי טויזענד דאָלאר אויף א טהייל... כאַ! כאַ! כאַ! — האָט ער זיך נאָך העכער צולאַכט.

אָרע איז געשטאַנען און האָט געקוקט ארום זיך מיט אויסגעפּור־טשעטע אויגען. זיינען זיי משוגע, אָדער זיי ריידען אזוי, ווייל זיי ווילען אָביסעל טרייבען קאַטאָוועס פון איהם, אָרע'ן?...

ער איז צוגעגאַנגען צו סעמקע'ן און האָט שטיל ארויסגערעדט:

— זאָגט מיר נור...

נור יענער האָט איהם אָפּגעשטופּט פון זיך, א צופּ געטהאָן יאָכ־נעטשיק'ן ביים אָרבעל און געזאָגט:

— קומט, צום דאָקטאָר זילבערשטיין.

— וואַרט, לויפט ניט! — האָט סאַמועלסאָן איהם רוהיג אָפּגע־האַלטען — איהר הייסט, דאַכט זיך, בלום, האַ? אַן אגענט פון זינגער מאַשינען? וואָס וועט איהר טהאָן מיט אזוי פיעל געלד?

— און וואָס טהוט איהר מיט אזוי פיעל געלד? — האָט סעמקע זיך אָנגערופען — איהר, מיסטער סאַמועלסאָן, שיינט מיר, האָט לעצטען יאָהר אויך ניט פערמאָגט קיין סך טויזענדער?...

— קיין פּעני ניט — האָט סאַמועלסאָן געזאָגט גוטמוטהיג — מילא עפּעס וועט איהר דאָך ארונטערלאָזען...

— קיין פּעני ניט — האָט סעמקע געענטפערט מיט היץ.

— איהר האַנדעלט א מציאה — האָט יאָכנעטשיק געזאָגט מיט א ציטערנדיגען קול, פיהלענדיג, ווי אָלסדינג אין איהם צאַפּעלט זיך פאַר אויפרעגונג.

— עפּעס וועט איהר מוזען ארונטערלאָזען — האָט סאַמועלסאָן ווידער געזאָגט — נו, אויף א פּאָאר פלעשער שאַמפּאַניער...

— דאָס יאָ! — האָט סעמקע אויסגעשריען.

— אָלל־רייט, איך נעהם צו אייער „פּארסעל“ — האָט סאַמועלסאָן איהם א קלאַפּ געטהאָן איבער'ן אַקסעל — קומט, איהר ווילט דאָך מסתמא מזומנים?..

— מזומנים... — האָט אַרויסגעשטאַמעלט סעמקע מיט בלייבע ליפּען.

— קומט צו דער סטייט באַנק...

סעמקע איז געוואָרען ווייס ווי קאַלך. יאַכנעטשיק רויט, ווי אַ בוריק, און אָרע איז גאָר אין גאַנצען צוטומעלט געוואָרען. זיינע אויגען האָבען געבלאַנדזשעט ווילד און צוטומעלט פון יאַכנעטשיק'ן אויף סעמקע'ן, פון סעמקע'ן אויף סאַמועלסאָן'ען און צוריק. אין'ם מוח האָט זיך איהם געמישט און ער איז ניט אימשטאַנד געווען אַ וואָרט ארויסצוברייגגען אויף די ליפּען. און ווען יענע זיינען אַוועק אין דער ריכטונג פון דער באַנק, איז ער זיי נאָכגעגאַנגען ווי אַ גולם, האָט גאָר ניט געזעהן פאַר זיך, אויסער זייערע רוקענס, און אויפ'ן מוח האָט איהם אזא משא געדריקט, דאָס די קניע האָבען זיך איהם אונטערגעבויגען.

ער האָט גאָר ניט בעמערקט, ווי ער איז אריין נאָך די אַנדערע אין דער באַנק און זיך דאָרט געזעצט נעבען יאַכנעטשיק'ן און סעמ־קע'ן אין אַ בעזונדערען צימער ביי אַ טיש. דערנאָך איז סאַמועלסאָן ערגעץ פערשוואונדען. אָרע מיט די אַנדערע זיינען געבליבען זיצען. קיינער פון זיי האָט קיין אַרויסגערעדט ניט וואָרט, נור סעמקע האָט פעררויכערט אַ סיגאַרעטעל און נערוועז געגומען פייפען. דאַן האָט זיך סאַמועלסאָן וויעדער בעוויזען, און דיזען מאָל מיט אַ פּאַק געלד, איז צוגעגאַנגען צום טיש און האָט מיט אַ שטראַהלענדען פנים, ווי ביי אַן אמת־פרומען אידען, בעת ער טהוט אַ גרויסע מצוה, פאַר יעדען אויסגעצעהלט זיין געלד. אָרע האָט בעקומען פינף און דריי־סיג נייאינקע הונדערטער... סאַמועלסאָן האָט איהם געהייסען איי־בערצעהלען. ער האָט גענומען צעהלען, און די הענד האָבען זיך ביי איהם געטרייסעלט, און ער האָט בשום אופן ניט געקענט איבער־צעהלען. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז די גאַנצע מעשה איז ניט מעהר ווי אַ חלום. און ער האָט געפּרובט זיך אַ קנייפּ טהאָן אין דער קניע, געוואָלט זיך איבערצייגען, אויב דאָס איז ניט אַ חלום, און ניט געפיהלט דעם קניפּ. ער האָט זיך אַ צופּ געטהאָן די באָרד און ניט געפיהלט קיין וועהטאָג. „דאָס איז אַ חלום!" — האָט ער געטראַכט. דערנאָך האָט ער געזעהן, ווי יאַכנעטשיק און סעמקע שרייבען אונטער אַ פּאַפּיער. באַלד האָט מען איהם אויך געהייסען אונטערשרייבען און ער האָט מיט אַ ציטערענדיגער האַנד אונטער־געשריבען. דערנאָך האָט ער געזעהן, ווי יאַכנעטשיק און סעמקע

האָבען בעהאַלטען דאָס געלד אונטער׳ן בוזים. און ער האָט זיין געלד אויך בעהאַלטען אונטער׳ן בוזים. דערנאָך האָבען זיי זיך אַלע אויפגעהויבען פון די ערטער און זיך גערדריקט איינער דעם אַנדערען די הענד, און ער האָט זיך אויך אויפגעהויבען און זיי האָבען זיין האַנד אויך גערדריקט. דאַן האָבען זיינע צוטומעלטע אויגען זיך אָפּגעשטעלט אויף יאַכנעטשיק׳ס בייכעל. און פּלוצים איז איהם איינ־געפאַלען, ער וועט פּרובען אַ טורקע טהאָן יענעם אין בויך, כדי צו זעהן, אַניב דאָס איז אַ חלום. און ער האָט אויסגעשטרעקט צו יאַכ־נעטשיק׳ן צוויי פינגער און מיט זעהר אַן ערנסטער מינע אויף׳ן פּנים האָט ער איהם מיט זיי אַזאַ פּורקע געטהאָן אין בויך אריין, דאָס יאַכנעטשיק איז אונטערגעשפּרונגען מיט אַ געשריי און האָט אויס־געגלאָצט אויף איהם אַ פּאָאר פערוואונדערטע אויגען. סאַמועלסאָן און סעמקע האָבען זיך הויך צולאַכט. אָרע האָט אַ דריק געטהאָן די אַקסלען: אפשר איז דאָס ניט קיין חלום!...

דערנאָך האָט איהם סאַמועלסאָן גערופען טרינקען שאַמפּאַניער. און ער איז אַוועק נאָך זיי אַלץ צוטומעלט, מיט אַ לעהמענעם אויס־דרוק פון אַ גולם אויף׳ן פּנים.

זיי זיינען אריין אין דעם רעסטאָראַן, וועלכער איז געווען די בערזע פון די ריעל־עסטייטניקעס. דאָרט איז געווען טומעלדיג און אָנגערויכערט. פון אַלע זייטען האָבען זיך געטראָגען פערשיעדענע אויפגערעגטע שטימען, אַ קלאַפּען פון טעלער, אַ קלינגען פון מעסערס און גאָפּעלס. עס האָט דאָ געשמעקט מיט געקעכטס, געבראָטענס, רויך פון סיגאַרען און סיגאַרעטען.

אָרע האָט בעמערקט, ווי דורך אַ נעבעל, בעקאַנטע פּנים׳ער. פון אַלע זייטען האָבען בעגריסט סאַמועלסאָן׳ען פערשיעדענע שטימען. די דאָזיגע אַלע שטימען האָבען זיך אין אָרע׳ס אויערען צונויפגעגאָסען אין אַ אונבעשטימטען טומעל.

ער האָט זיך געזעצט ביי אַ טישעל מיט יאַכנעטשיק׳ן, סעמקע׳ן און סאַמועלסאָן׳ען.

אַ קעלנער איז צוגעגאַנגען.

— צוויי פלעשער שאַמפּאַניער! — האָט סאַמועלסאָן געזאָגט.

„טאַקי שאַמפּאַניער“, האָט אָרע אַ קלעהר געטהאָן פערוואונדערט — וואָס איז דאָס? וואָס טהוט זיך דאָ?“

ער האָט קיין שאַמפּאַניער ביז היינט נאָך קיין מאָל ניט פּערזוכט. האָט אפילו ניט געוואוסט ווי דאָס זעהט אויס. איין זאַך אָבער האָט ער יאָ געוואוסט, אַז נאָר די גרויסע „מיליאָנשטשיקעס" טרינקען אַמאָל שאַמפּאַניער, ווען זיי ווילען זיך וואוילטאָג אָנטהאָן.

מען האָט געבראַכט די שאַמפּאַניער, אָנגעגאָסען די באָקאַלען.

— טרינקט, ר' אָרע!

— ווי מאַכט מען אַ ברכה אויף דעם? — האָט אָרע אַ פרעג געטהאָן, ווי פערשלאָפען.

— ווי איבער ווייין — האָט יאַכנעטשיק געענטפערט.

אָרע האָט געמאַכט אַ ברכה און אַ זופּ געטהאָן. ער האָט פערקרימט דעם פּנים.

— דאָס איז דאָך קוואַס! — האָט ער געזאָגט, און אַ טראַכט געטהאָן: „אַ חלום!"...

— טהייערער „קוואַס" — האָט זיך אָנגערופען סאַמועלסאָן מיט זיין ברייטען שמייכעל — טרינקט מען אויס אַ פלעשעל, זעהט מען דערנאָך גוטע חלומות. טרינקט ר' אָרע, האָט אויך הנאה פון עולם הזה...

— עס זידט ווי אַ היימישער „קיסלאָשצעי" — האָט אָרע ארויס־געמורמעלט, געמאַכט אַן אַנדער ברכה, די ברכה ווי איבער קוואַס, און אויסגעטרונקען זיין באָקאַל.

סאַמועלסאָן האָט איהם אָנגעגאָסען אַ צווייטען. ער האָט דעם צווייטען אויסגעטרונקען.

און באַלד האָט אָרע גענומען שפּירען אַן אַנגענעהמע וואַרימקייט אין אַלע זיינע גליעדער. דער קאָפּ האָט איהם גענומען דרעהען און אויף דער נשמה איז איהם מיט אַמאָל אַזוי לייכט און פרעהלאַך געוואָרען...

— אוי מאַמעלעך מיינע, איך בין, דאַכט זיך, שיכור! — האָט ער ארויסגעמורמעלט, ארויסגעלאָזט אַ קורצען, אָפּגעהאַקטען לאַך און זיך אַ גלעט געטהאָן זיין משונה'דיגע באָרד: — אַקוראַט ווי אין דער־היים שמחת תורה, אַקור־ראַ־ראַט!...

ער האָט ווידער אַ לאַך געטהאָן. זיינע אויגען האָבען פרעהלאַך גענומען בלישצען און זיינע ביידע באַקען, וואָס זיינען געווען פון ביידע

זיינען ווי פאַרשטעלט פון אַ געדיכטען, דונקעלען קוסט, האָבען זיך אָנגעצונדען און גענומען רויט גלאַנצען.

— טרינקט נאָך אַביסעלע, ר' אָרע! — האָט סאַמועלסאָן געזאָגט, און איהם אָנגעגאָסען אַ דריטען באָקאַל.

— זאָגט מיר, מיסטער סאַמועלסאָן — האָט ער זיך אָנגערופען שוין גאָר פרעהלאַך — וואָס איז היינט?

— דאָנערשטאַג, דער פופצעהנטער מאַי, 1903...

— און וואָס טהו איך דאָ?...

— איהר טרינקט שאַמפּאַניער...

— ניט קוואָס?...

סעמקע און יאַכנעטשיק האָבען זיך צולאַכט.

— ער איז משוגע געוואָרען פאַר פרייד — האָט סעמקע אויסגעשריען.

— ווען האָט זיך איהם גע'חלום'ט אַזוי פיעל געלד! — האָט יאַכנעטשיק אויסגעשריען און זיך געווענדעט צו אָרע'ן: — נו, אַלטער פערד, איהר וואָלט אונז כאָטש בעדאַנקט!...

— ער וועט נאָך אַמאָל לאַכען פון דער גאַנצער וועלט! — האָט סאַמועלסאָן זיך אָנגערופען — אַ יאָ, ר' אָרע?... איהר וועט נור דאַרפען אַרונטערנעהמען אייער באָרד... אוים אָרע די באָרד, פון היינט אָן וועט איהר הייסען אָרע ראָקעפעלער!...

— אָרע כּירוג! — האָט אונטערגעכאַפּט יאַכנעטשיק — אַזוי איז, דאַכט זיך, אייער פאַמיליע, ר' אָרע, הא?...

— יאָ, כּירוג! —האָט אָרע אויסגעשטאַמעלט און אויף זיין פּנים איז צוגאָסען געוועזן אַ געמישטער אויסדרוק פון פרייד און צוטומעלטקייט. איהם האָט זיך נאָך אַלץ אויסגעוויעזען, אַז דאָס איז אַ חלום, אַ פרעהליכער חלום...

— זאָגט מיר, מיסטער סאַמועלסאָן — האָט ער זיך ווידער אָנגערופען — וואו זיץ איך?

— אויף אַ שטוהל — האָט סעמקע אונטערגעכאַפּט.

— וואָס טהוט דאָ סעמקע? וואָס טהוט דאָ מיסטער יאַכנעטשיק? און וואָס טהוט איהר דאָ און וואָס טהו איך דאָ? מיסטער סאַמועלסאָן, זאָגט, איז דאָס ניט אַ חלום, זאָגט טאַטקעלע, הא? —האָט אָרע גערעדט ווייטער מיט געבעט אין'ם קול.

סאַמועלסאָן האָט זיך האַרציג צולאַכט.

— ער קען ניט קומען צו זיך — האָט ער געזאָגט — עס גלויבט זיך איהם ניט. אָבער ער איז ניט קיין אויסנאַהם. די מייסטע פון אונז, פריהערדיגע קבצנים, וואָס האָבען מיט אַמאָל אריינגעקראָגען צו עטליכע טויזענדער, די ערשטע טויזענדער, זיינען דערנאָך אַ היבשע צייט אַרומגעגאַנגען ווי צודרעהטע. שמערל פינקעלשטיין איז גע־פאַלען אין חלשות, ווען ער האָט בעקומען די ערשטע צוועלף הונדערט דאָלאַר פּראָפיט פון דאָקטאָר זילבערשטיין. אָבער, נשקשה, דער מענש געוואָהנט זיך צו צו אַלסדינג מיט דער צייט, אפילו צו רייכטהום אויך. אָט זיצען זיי אַלע, די צוקונפטיגע אַסטאָרס און ראָקעפעלערס... יעדער פון זיי איז ערשט נעכטען, מיט איין וואָך צוריק, מיט איין מאָנאַט צוריק געווען אַ קבצן בן דלפן, געאַרבייט אין אַ שאַפּ, געפּעדעלט, געזעסען אין אַן אָרימער קרעמעל און ווען ער איז געווען אפילו אַ דאָקטאָר, צו אַ דענטיסט, צו אַ לאָיער, האָט ער אויך נור פערמאָגט וואַסער אויף קאַשע, הײַנט אָבער, היינט... ווי דורך אַ כשוף... דאָס קען נור זיין אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און אויך נור אין אַזאַ לאַנד ווי אַמעריקאַ, וואוהין דער גרויסער עמיגראַציאָן־שטראָם טראָגט זיך...

— צוויי פלעשער שאַמפּאַניער! — האָט סעמקע אויסגעשריען — אויף מיין רעכענונג!... דערנאָך וועט מיסטער אָרע מכבד זיין. אַ יאָ, ר' אָרע?

אָרע האָט אַ קעהר געטהאָן צו איהם דעם קאָפּ און אַ קאָרטשע געטהאָן מיט די ליפּען. סעמ'קע'ס קול, ווי דער גאַנצער אַרומיגער טומעל, האָט אָפּגעהילכט אין זיינע אויערען ווי עס וואָלט זיך פון וויטען געטראָגען. דאָס שאַמפּאַניער האָט גענומען ווירקען אויף איהם שטאַרקער. ער האָט זיך אָנגעהויבען צו שאָקלען אויפ'ן שטוהל, גע־קאָרטשעט מיט די ליפּען און געשמייכעלט

„איך בין אָבער פאַרט שיכור — האָט ער געטראַכט — „איז דאָס אַ חלום צו ניין?“

ער האָט זיך צוגעבויגט צו יאַכנעטשיק'ן וועלכער איז געזעסען לינקס פון איהם.

— מיסטער יאַכנעטשיק — האָט ער אַרויסגעמורמעלט — זאָגט מיר, איך בעט אייך, איז דאָס טאַקע אויפ'ן וואָהר, צו אין חלום?...

— איהר זייט אַ פערד! — האָט יאַכנעטשיק איהם געענטפערט און זיך צולאַכט.

אָרע האָט אויסגעשמעלט אויף איהם זיינע בלישטשעדיגע אויגען, בעמערקט זיין רויטע נאָז און אַ טראַכט געטהאָן: „דאָס מוז פאָרט זיין אַ חלום. אויפ'ן וואָהר איז ביי איהם די נאָז קיין מאָל אַזוי ניט רויט".

דער קעלנער האָט אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש צוויי אַנדערע פלעשער שאַמפּאַניער. זיי האָבען ווידער גענומען טרינקען. סעמקע איז געוואָרען גאָר פרעהלאַך און האָט אָנגעהויבען אַרויסצו־ווייזען זיין קאָבעדיגע נאַטור. ער האָט שוין מעהר ניט געקענט איינזיצען אויף איין אָרט, זיך געהויבען יעדע מינוט פון זיין שטוהל, געפּאַטשט יאַכנעטשיק'ן איבער דער קניע, געקלאַפּט אָרע'ן איבער'ן אַקסעל און געשריען, אַז אין אַ יאָהר אַרום וועט ער האָבען ניט ווענינער ווי אַ מיליאָן. יאַכנעטשיק, מיט אַ פּנים, רויט ווי אַ צונטער, האָט צוגע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געלאַכט הייזעריגלאַך. געלאַכט האָט איצט אָרע אויך אויפ'ן קול אָהן אַ פּארוואָס. ער האָט איצט מעהר וועגען קיין זאַך ניט געטראַכט, קיינע פראַגען זיך ניט געשטעלט, ניט געהערט וואָס מ'רעדט אַרום איהם, האָט נור פערנומען דעם געלעכטער פון זיינע מיט־טרינקער און געפיהלט פון צייט צו צייט סעמקע'ס קלאַפּ אויפ'ן אַקסעל, און ער האָט זיך געשאָקעלט אויפ'ן שטוהל מיט זיין מאַסיווען, שווערען קערפּער און געלאַכט מיט אַזאַ גוטען געלעכטער, וואָס האָט זיך אַליין געריסען פון זיין צוואַוואַרימטער נשמה, ווי ביי אַ גליקלאַך קינד... נור איין מאָמענט איז איצט געזעסען ערנסט און פער־טראַכט. וואָס מעהר ער האָט געטרונקען, אַלץ מעהר פער'חלום'ט האָבען זיינע גרויסע אויגען געקוקט. פּלוצים האָט ער אַרויסגערעדט פערטראַכט, ווי צו זיך אַליין:

— ווי אין אַ מעשה פון „טויזענד און איין נאַכט"... אין איין טאָג ווערען אָרימע מענשען רייך, אונגליקליכע — גליקלאַך. מענשען, וואָס האָבען נעכטען ניט געוואַגט צו חלום'ען וועגען אַ פערמעגען פון טויזענד דאָלאַר, טרוימען היינט פון אַ מיליאָן, האָט זיך אָרע'ן די נאַכט גע'חלום'ט, אַז ער וועט היינט זיצען מיט אַ פערמעגען פון דריי טויזענד פינף הונדערט דאָלאַר אונטער'ן בוזים און טרינקען שאַמפּאַניער?....

— קוואַס! קוואַס! —האָט סעמקע אונטערגעכאַפּט — ניט אמת, ר' אָרע?...

און דערביי האָט ער איהם אזא האַק געטהאָן איבער'ן אַקסעל, דאָס אָרע האָט מיט'ן צווייטען אַקסעל זיך אָנגעשטויסען אָן יאַכ־נעטשיק'ן און איז אזש פערגאַנגען פון געלעכטער.

סאמועלסאָן האָט געוויזען זיינע ווייסע, לאַבעדיגע ציינער און ווידער אָנגעהויבען:

— ניש־קשה, ער וועט שוין שפּעטער קענען אונטערשיידען צווישען קוואַס און שאַמפּאַניער. אָבער דאָס איז ניט וויכטיג. וויכטיג איז, וואָס עס קומט פאָר ביי אונז אין בראָנזוויל. און געדענקט מיינע ווערטער, קינדער — האָט ער פלוצים געזאָגט מיט בעגייסטערונג, און זיינע שווארצע אויגען האָבען היים א שיין געטהאָן — אז עס וועלען נישט אוועקגעהן קיין גאַנצע פינף יאָהר און בראָנזוויל וועט זיין א גרויסע אינדוסטריעלע שטאָדט מיט פאַבריקען און גרויסע געשעפטען. דאָס וועט זיין די ערשטע גרויסע אידישע שטאָדט, וואָס אידען אַליין האָבען בעשאַפען. בראָנזוויל וועט נאָך אפשר אַמאָל ווערען א פּאָרט־שטאָדט, מיר וועלען נאָך אפשר אמאָל האָבען א פּאָרט אין קאַנאַרסי, מיין איך...

— מיסטער סאמור־על־ל־סאָן — האָט זיך פּלוצים יאכנעטשיק אָנגערופען שיכור און פלאָנטערענדיג מיט דער צונג: — ווי דענקט איהר... וועט אָט דער... דער „ב־בום!“ נאָך לאַנג... נאָך לאַנג — ער האָט א מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, אזוי ווי ער וואָלט וועלען מיט דער דאָזיגער בעוועגונג ארויסהעלפען זיין צונג, און געלאַכט: — געדרויערען, מיין איך?... פערשטעהט איהר מיך, מיסטער סאמועלסאָן, פערשטעהט איהר מיך — ער האָט א שלוקערץ געטהאָן — איהר זייט אפילו, איהר זייט... איך קען דאָך אייך! א סאָציאַליסט זייט איהר! אָבער קיין גרויסער נאַר זייט איהר ניט... א מענש מיט.. א קאָפּ.. מיט.. מיט.. מיט — ע.. איהר פער־ר־שטעה־הט? פריהער איז ביי אונז אין בראָנזוויל געווען אמאָל א „ב־בום“ און מיט אמאָל איז געוואָרען אוים „ב־בום־ם!“... איהר פער־ששטע־ה־הט?...

ער האָט אָנגעשטעלט אויף סאמועלסאָן'ען זיינע מוטנע אויגען, צוגעבויגען זיך צו איהם נאָהענט און איהם אריינגעקוקט אין פנים.

— איך פערשטעה, וואָס איהר מיינט — האָט סאמועלסאָן געענטפערט — דער אמאָליגער „בום“ האָט קיין ווערדע ניט געהאַט, ער האָט ניט געהאַט קיין באָדען און דערפאַר האָט ער באַלד געפּלאַצט: דער היינטיגער אָבער האָט אַ פעסטען באָדען. די בעפעלקערונג אין נויאָרק וואַקסט פון טאָג צו טאָג, בעזאָנדערס די אידישע בעפעלקערונג. די אידישע קוואַרטאַלען זיינען דאָרט איבערפילט. זייט דעם קישינעווער פּאָגראָם און די קלאַנגען וועגען דער מלחמה מיט יאַפּאַן קומען אין נויאָרק אָן פון רוסלאַנד יעדען טאָג נייע טויזענדער מענשען. זיי אַלע דאַרפען האָבען וואָהנונגען. איז געשאַפען געוואָרען אַ נאָכפראַגע אויף נייע וואָהנונגען און דער רענט אויף די אַלטע הייזער האָט מחמת דעם אויך דאָרט הויך געשטיגען. בעזעצען זיך דערפאַר מענשען אין געגענדען אַרום נויאָרק, וואו רענט איז ביליגער און וואו עס איז ניט אַזוי געדיכט בעפעלקערט. לעבען אויף יענע געגענדען, וואַקסט דאָרט דער ווערטה פון לאַנד־אייגענטהום און הייזער. פאַנגט זיך דאדורך אָן דאָרט אַ בומען פון „ריעל־עסטייט“. אַזוי איז אויך ענטשטאַנען דער היינטיגער „בום“, ער איז ניט קיין קינסטליכער „בום“, נור אַ נאַטירליכער, אַרויסגערופען נויטווענדיגערווייזע פון דער נאָכפראַגע אויף דעם אַרטיקעל „וואָהנונג“, „ביליגערע רענט“. דערפאַר דאַרפען מיר ניט מורא האָבען, ער זאָל פּלאַצען. פערקעהרט, איך מיין, אַז דער ריכטיגער „בום“ פון „ריעל־עסטייט“ וועט זיך ביי אונז ערשט אָנפאַנגען אין אַ פּאָאר יאָהר שפּעטער, ווען בראָנזוויל וועט זיין היבש בעפעלקערט. דאַן—גערענקט מיינע ווערטער—וועט אַ „לאָט“ פאַר וועלכען מיר צאָהלען היינט צוויי הונדערט דאָלאַר ערגעץ אַרום קאַנאַרסי, ווערטה זיין צוויי־דריי טויזענד דאָלאַר.

— ר־ר־יכ־ט־טיג־ג! — האָט געמורמעלט יאכנעטשיק מיט אַ שווערער צונג און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — ר־ר־ריכ־טיג־ג! נ־ניט אַ־אמת, אָררדעע?...

— האָ; — האָט אָרע אַרויסגעמורמעלט און געלאַכט, ווי אַ גליקליך קינד.

— וואָס „ריכטיג“? — האָט זיך סעמקע אַ כאַפּ געטהאָן און זיך שיכור'לאַך צולאַכט — וואָס האָט ער געזאָגט? אַנו, איך טריט אייך מיט נאָך צוויי פלעשער שאַמפּאַניער, אויב איהר, אָדער ר' אָרע זאָגען מיר איבער, וואָס מיסטער סאַמועלסאָן האָט דאָ געזאָגט. און איך

וועל אייך איבערזאָגען! איהר ווילט וועטען? ווייל נור אַן אינטע־ליגענטער מענש קען פערשטעהן וואָס אַ צווייטער אינטעליגענטער מענש רעדט!... העי, וועיטער, — האָט ער אַ געשריי געטהאָן — אַ סיגאַר! דעם בעסטען וואָס איהר האָט!...

יאַכנעטשיק האָט אַ קוק געטהאָן מיט זיינע מוטנע אויגען אויף איהם און דערנאָך אויף סאַמועלסאָן'ען און אַרויסגעמורמעלט:

— ער האָט אַ גוטען קאַ־אָפּ, דער מ־מ־מ־ז־זרר!... אַ צונג, ווי אויף שרויפען, אַ ר־רוח אין זיין האַרצען אַררייז! און צו מוידען האָט ער אויך מ־מ־ז־זל, דער שגץ! זיי פּ־פּ־פּג־דרדר־ען אַלע אַוועק נאָך אי־ה־ה־ם!...

ער האָט זיך שטיל צולאַכט. סאַמועלסאָן האָט מיט זיין ברייטען שמייכעל אַ קוק געטהאָן אויף סעמקע'ן און זיך אָנגערופען:

— אַזוי גאַר? אַזאַ ביטערער יונג זייט איהר?

— אַ ביטערער גאַר, אַ זיסער בין איך! — האָט סעמקע געענט־פערט מיט אַ מינע פון אַ וואוילען יונג — דאָס וואָלטען אייך געקענט בעשטעטיגען אַ סך פרויען, אָבער גאַר אַ סך...

ער האָט זיך צולאַכט, און פּלוצים האָט ער זיך דערמאָנט אַן רייטשלען און אַן דעם וואָס עס איז צווישען זיי פאָרגעקומען די פאָר־ריגע נאַכט, און ער האָט גלייך אונטערבראָכען זיין געלעכטער און געגומען קוקען און שמייכלען ווי צומישט.

— אַזוי? — האָט סאַמועלסאָן געזאָגט און אַרויסגעשטעלט זיינע ווייסע, לאַכעדיגע צייהן.

— אמת, אמת — האָט געמורמעלט יאַכנעטשיק און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — ער פרעסט—די ווייבער מיט די אויגען, איך ווייס דאָס. אַ שאַ־לאַ־לאַ־פאַי, גע'מזיק'ט זאָל ער ווער־ר־ע־ען... נ־ניט אַ־אמת, אררדעע?...

— כע! כע! כע! — האָט אָרע געלאַכט.

מיט אַמאָל האָט סעמקע זיך צוגערוקט אויף זיין שטוהל נעהענטער צו סאַמועלסאָן'ען, צוגעבויגען זיך צו איהם און איינגערוימט איהם אויפ'ן אויער:

— האָב איך נעכטען געהאַט אַ מויד... אַ געטין, אַ ווענערא אַ ריכטיגע...

און ער האָט צוגעטראָגען די האַנד צו די ליפּען און אַ שמאַצקע

געטהאַן די שפּיצען פון זיינע פינגער.

סאַמועלסאַן האָט זיך צולאַכט הויך אויפ'ן קול. סעמקע האָט איהם פאַמיליאַר אַ קלאַפּ געטהאַן איבער'ן אַקסעל און פרעהלאַך געזאָגט:

— איהר ווייסט, מיסטער סאַמועלסאַן, איהר זייט מיר געפעלען. איך רייד מיט אייך היינט דאָס ערשטע מאָל און איך האָב אייך ליעב בעקומען. איהר מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ ריכטיגען דזשענטעלמאַן און פון אַ לעבע־מאַן. אַזוינע האָב איך ליעב. לאָזט מיך פריינדליך דריקען אייער האַנד.

און ניט וואַרטענדיג ביז סאַמועלסאַן אַליין וועט איהם די האַנד געבען, האָט ער אַ שלעפּ געטהאַן זיין אָרעם צו זיך, געכאַפּט זיין האַנד, אַריינגענומען זי צווישען זיינעביידע הענד, געשאָקעלט זי און גערעדט:

— איך דריק אייך די האַנד מיט ליעבע, מיט פריינדשאַפט, מיט דאַנקבאַרקייט, ווייל איהר זייט אַ דזשענטעלמאַן, אַן אינטעליגענטער מענש, אַ בראַוועד מאַן. איך האָף, אַז אייער געלד וועט מיר ברייננגען מיין גליק...

— סאַמועל־ס־סאַן איז דער בעס־סטער מענ־נש — האָט פּלוצים יאַכנעטשיק זיך אַ כאַפּ געטהאַן — אַ סאָציאַליסט און פונדעסטוועגען ניט קיין חז־זירר! בררווד־דערר סאַמועל־ל־ס־סאַן, לאָמיר זיך צור קוש־שע־ען!...

ער האָט זיך אויפגעהויבען פונ'ם שטוהל, אָנגעשפּאַרט זיך מיט ביידע הענד אָן טיש און זיך גענומען ציהען מיט'ן פּנים צו סאַמועלסאַן'ען. דערביי האָט ער אַרויפגעטראָטען אָרע'ן אויפ'ן פוס. אָרע האָט זיך אַ כאַפּ געטהאַן, אויפגעהויבען זיך און צוריק זיך אַרונטערגעלאָזען שווער אויפ'ן שטוהל.

— איך בין שיכור! — האָט ער אַרויסגעמורמעלט, אַ מאַך געטהאַן מיט ביידע הענד און זיך ווידער צולאַכט מיט זיין גליקליכען געלעכטער.

און יאַכנעטשיק, ציהענדיג זיך צו סאַמועלסאַן'ען מיט דעם גרוי, שפּיציג בערדעל, וואָס איז געווען פייכט און פעררריסען אַרויף, האָט גערעדט ווייטער:

— בררווד־דערר סאַמועל־ס־סאַן, דריי טויז־זענד דאָל־לאַר האָב איך דורך אייך ה־היינט פעררדיענ־נט, לאָמיר זיך צוקוש־שען!...

פון די אַנדערע טישלאַך זיינען צוגעגאַנגען צו זיי בעקאַנטע אידען און האָבען געקוקט אויף זיי, אַנדערע פערוואונדערט און אַנדערע מיט אַ שמייכעל.

— צוקושט זיך מיט אייער ווייב, מיסטער יאַכנעטשיק — האָט סאַמועלסאָן זיך אַנגערופען און זיך אַפּגערוקט אויף זיין שטוהל פונ'ם טיש אַביסעלע וויטער: — זי וועט זיך אודאי דערפרעהען מיט אייערע דריי טויזענד דאָלאַר...

— איהר וויל־לט נ־ניט? — האָט יאַכנעטשיק אַרויסגעמורמעלט— דאַרף מען נ־ניט. דאַרף מען נ־ניט־ט! — האָט ער נאָך אַמאָל געזאָגט שטאַרקער, זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט און זיך געווענדעט צו אָרע'ן:

— ער וויל־ל נ־ניט, דאַרף מען נ־ניט. נ־ניט אַ־אַז־זוי?... דאַרף מען נ־ניט!...

און פּלוצים האָט ער זיך צוגעבויגט צו אָרע'ן און איהם אַ קוש געטהאָן אין די באָרד.

אַלע אַרום האָבען זיך צולאַכט. אָרע אויך.

— דאָס איז מיין מ־מזל'דיגער שות־תף... — האָט יאַכנעטשיק ערקלעהרט — היינט איז ער אַ איד אַ נ־נ־ג־גיד. דריי טויזענד פּערד־דיענ־נט. פערליר נ־ניט דיין געלד, דו אַלטער פפערדד! — האָט ער צוגעלעגט, אַ קעהר טהאָנדיג זיך צו אָרע'ן און איהם אַ שטויס געטהאָן אין פּלייצע.

די דאָזיגע ווערטער האָבען מאָדנע געווירקט אויף אָרע'ן. זיי האָבען איהם פון זיין צוטומעלטען און פער'שיכור'טען צושטאַנד אויפגעוועקט. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן צו זיין בוזים און דאָרט אַנגעטאַפּט דעם פּעקעלע געלד. אין דער אייגענער צייט האָט ער אַנגעשטרענגט זיין גאַנצע דענקונגס־קראַפט, כדי זיך קלאָר צו מאַכען, וואָס עס טהוט זיך מיט איהם. און, ווי דורך אַ נעבעל, האָט ביסלעכווייז אַרויסגעטראָטען פיר איהם אַלסדינג, וואָס איהם האָט געטראָפען זייט ער איז אַרויס היינט אין דער פריה מיט יאַכנעטשיק'ן פונ'ם הויז. אַלסדינג איז איהם מיט אַמאָל קלאָר געוואָרען... עפּעס האָט אין איהם פרעהלאַך אַ קוויטש געטהאָן און ער האָט זיך דערמאָהנט אָן זיין אַלטער מאַמען, און גערעדט צו איהר אין זיינע געדאַנקען: „מאַמע, גאָט איז אַ גוטער פאָטער; ער האָט רחמנות געהאַט איבער אונז!“...

ער האָט זיך אויפגעהויבען.

— וואו־ה־הין? — האָט יאַכנעטשיק געפרעגט.

— אהיים. איך וויל אָנזאָגען מיין מאַמען — האָט אָרע גע־ענטפערט.

יאַכנעטשיק האָט איהם אַ שלעפּ געטהאָן ביים רעקעל:

— ז־זיץ־ץ אין קרענ־נק! ל־לויף נ־ניט! איך געה אויך באַל־לד־ד!

אָרע האָט זיך צוריק אַרונטערגעלאָזט אויף זיין שטוהל און ווידער אַ טאָפּ געטהאָן דאָס געלד צווישען בוזים.

אין דער אייגענער צייט איז סעמקע געשטאַנען נעבען סאַמועל־סאָן'ען מיט אַ קעסטעלע סיגאַרען, וואָס דער קעלנער האָט איהם צו־געטראָגען, און האָט געשריען צו די מענשען אַרום איהם: — ווער וויל אַ סיגאַר? נעהמט! נעהמט! איך בעצאָהל!...

און יעדער איז צוגעגאַנגען צו איהם און גענומען אַ סיגאַר, און סאַמועלסאָן'ען האָט ער אַליין אַריינגעשפּאַרט עטליכע סיגאַרען אין קעשענע מיט די ווערטער: „איהר, מיין פריינד, נעהמט עטליכע!"...

אין רעסטאָראַן איז אַריינגעקומען דאָקטאָר זילבערשטיין, אַ בלאָנ־דער יונגערמאַן מיט בלאָנדע, געקרייזטע האָאָר. לענגליכען, מאָגערען פּנים און איןברילען. פון אַלע זייטען האָט מען גענומען צו איהם שרייען: — דאָקטאָר, דאָקטאָר, גיכער, מען טהיילט דאָ סיגאַרען!

— איך רויכער ניט — האָט ער געזאָגט מיט עטוואָס אַ קאַרטאָ־ווער שטימע, זיך אַוועקגעזעצט גאַנץ אַליין נעבען אַ טישעל און זיך וואַזשנע אָנגעבלאָזען, מעשה זעהר וויכטיגער מענש.

ער האָט פון זיך זעהר פיעל געהאַלטען, דער דאָזיגער דאָקטאָר זילבערשטיין. ער איז אויך געווען אַ ראַדיקאַל, אַ רעוואָלוציאָנער, ווי סאַמועלסאָן, כמעט אַ אַנאַרכיסט, און איז אַמאָל אויף די פערזאַמ־לונגען אַרויסגעטראָטען געגען סאַמועלסאָן'ען, בעזאָנדערס ווען דער לעצטער האָט גערעדט וועגען די „צוקינפטיגע געזעלשאַפט". ער, דר. זילבערשטיין, האָט געהאַלטען, אַז סאַמועלסאָן'ס „צוקונפטיגע געזעל־שאַפט" איז ניט גענוג פריי. ער האָט אויך גע'טענה'ט, אַז די „מאַסען" זיינען שוין היינט רייף צו לעבען אין אַ פרייער געזעלשאַפט און אין דער אייגענער צייט האָט ער די זעלביגע „מאַסען" אין זיין פּריוואַט לעבען פעראַכטעט און זיי עקספּלואַטירט פיעל ער האָט נור געקענט. צו זיינע פּאַציענטען פון דער „מאַסע" האָט ער נור גערעדט אויף

אַ מין טאַטעהשען דייטש און זיי בעהאַנדעלט, ווי אַ בייזער פּריץ אין רוסלאַנד זיינע פּויערים. ער האָט זיך געבייזערט אויף זיי און אַמאָל געטופּעט מיט די פיס אויף. אַזוי, האָט ער געדענקט, וועלען זיי האָבען פאַר איהם מעהר דרך ארץ. און אין דעם האָט ער טאַקי קיין טעות ניט געהאַט: די אייגענע פּאַציענטען פון די „מאַסען", וואָס זיינען רייף געווען צו לעבען אין אַ „פרייער געזעלשאַפט"— ווי ער האָט גע'טענה'ט, בעת ער האָט דעבאַטירט מיט סאַמועלסאָן'ען —זיי האָבען טאַקי פאַר איהם גרוים דרך ארץ געהאַט, ווייל ער האָט געערעדט צו זיי אויף „דייטש" און זיי בעהאַנדעלט ניט ווי מענשען...

סאַמועלסאָן האָט איהם ניט געהאַלטען פאַר אַ גרויסען חכם, נור פאַר אַ כיטרען קערל. זייט דער „בום" האָט זיך אַנגעפאַנגען, איז ער אָפט אריינגעקומען צו איהם אין הויז. דאָרט האָט סאַמועלסאָן בעמערקט, ווי ער בעהאַנדעלט זיינע פּאַציענטען און האָט זיך געוואונדערט. נאָך מעהר האָט ער זיך געוואונדערט, ווען האַנדלענדיג מיט איהם אין ריעל־עסטייט, האָט דאָקטאָר זילבערשטיין זיך אַ סך מאָל ארויסגעוויזען אין זעהר אַ מיאוס'ן ליכט, ממש ווי אַ פּשוט'ער ניט אַנשטענדיגער „בורזשוא"... און איינמאָל, ווען ער האָט דאָס איהם פאַרגעוואָרפען, האָט דאָקטאָר זילבערשטיין איהם געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— דערווייל לעבט מען אין דער פערדאַמטער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט... איהר ווייסט דאָך, ווי מען זאָגט: „ווען מען לעבט צווישען וועלף, מוז מען וואָיען ווי אַ וואָלף"...

ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבען זיך גענומען צו האַנדלען מיט ריעל־עסטייט, בעת דער „בום" האָט זיך אַנגעפאַנגען, איבריגענס איז ער געווען איינער פון די הויפּט „בומער" און האָט ביז איצט אריינגעכאַפּט אַ סך טויזענדער. ער האָט אויך געגלויבט, ווי סאַמועלסאָן, אַז בראַנזוויל וועט ווערען אַ גרויסע שטאָדט און די לעצטע צייט האָט ער גענומען טראַכטען וועגען אויפגעבען זיין מעדיצין און אין גאַנצען זיך אָפּגעבען צום האַנדעל מיט „ריעל־עסטייט".

איצט איז ער געקומען אַהער, ווייל ער האָט זיך דערוואוסט אין דער באַנק, אַז סאַמועלסאָן האָט געקויפט אַ „פּאַרסעל" אויף סטאָן עוועניו, איז ער געקומען, צו זעהן זיך מיט סאַמועלסאָן'ען וועגען דעם. ער איז אָבער ניט צוגעגאַנגען צו זיין טישעל, ווייל ער האָט

געהאלטען אונטער זיין ווירדע, צו פערברענגען מיט די אלע קליי־נינקע מענשעלאך, וואס זיינען ערשט נעכטען געווען פעדלער, אר־בייטער און ארעמע קרעמער, און דערפאר האט ער זיך אזוי וואזשנע אנגעבלאזען, בעת זיי האבען איהם גענומען רופען, ווען סעמקע האט געטהיילט זיינע סיגארען.

ער האט בעשטעלט א גלאז טהעע און דערנאך א רוף געטהאן:

— סאמועלסאן!...

— קומט אהער, דאקטאר. וואס זיצט איהר דארט אליין? — האט סאמועלסאן פון זיין זייט איהם גערופען — קומט, עס איז נאך דא אביסעל שאמפאניער.

— קומט איהר צו מיר, סאמועלסאן, איך דארף אייך זעהר נוי־טיג — האט דאקטאר זילבערשטיין געזאגט.

סאמועלסאן האט זיך אויפגעהויבען און איז אוועק צו יענעם'ס טישעל.

— אט ער האט געכאפט א מאַ־טניא אין „ריעל־עסטייט“, דער דאקטאררר! — האט יאכנעטשיק זיך געווענדעט צו ארע'ן — אבער מיר וועל־לען נאך אויך־ך... נ־ניט א־אמת, אררע?...

— קומט אהיים — האט ארע גענטפערט — איך וויל זעהן מיין מאמע'ן.

סעמקע איז איצט געשטאנען, ארומגערינגעלט פון עטליכע ריעל־סטייטניקעס, און האט אויפ'ן קול געשריען, אז בראנזוויל וועט מיט דער צייט זיין אזוי גרוים ווי נויארק, אז אלע אידען פון רוסלאנד וועלען זיך אריבערקלייבען נאך בראנזוויל. דערביי האט ער אנגעכאפט אן אונבעקאנטען אידען, וואס איז געשטאנען נעהענטער צו איהם און האט גשמייכעלט, ביי די לאצען, האט איהם צוגעשלעפט צו זיך און גענומען מיט היטץ זיך שווערען:

— מיין ווייב זאל אזוי לעבען מיט אייער ווייב צוזאמען, ווי צעהן טויזענד אידען פון מיין שטאדט אדעס קומען אן נעכסטען מאנאט אהער אין בראנזוויל. זאל איך אזוי לעבען, זאלט איהר אזוי לעבען, ווי דאס איז אמת!...

— פון מיין שטאדט קומען אויך אן איד־דען — האט יאכנעטשיק אונטערגעכאפט — זיי וועלען אלע קומען אין בראנד־זוויל־ל.. אל־לע.. נ־ניט א־אמת, אררע?...

אָרע האָט זיך אויפגעהויבען:

— איך געה אַהיים — האָט ער שטיל געזאָגט, טאַפּענדיג זיך ביים בוזים.

אין דער אייגענער צייט האָט דאָקטאָר זילבערשטיין זיך אויפ־געהויבען פון זיין אָרט, איבערגעלאָזט זיין גלאָז טהעע כמעט אין גאַנצען, אַ וואַרף געטהאָן אַ זילבערנע מטבעה אויפ'ן טישעל און איז אַרויס פונ'ם רעסטאָראַן. סאַמועלסאָן איז צוריק צוגעגאַנגען צו זיין פריהערדיגען אָרט מיט אַ ברייטען שמייכעל און געזאָגט:

— נו, אידען, איך האָב שוין פערהאַנדעלט אייער „פּאַרסעל" צו דאָקטאָר זילבערשטיין. געכאַפּט אַ פינף טויזענד. אָט דאָס הייסט היינט „ריעל־עסטייט" אין בראַנזוויל. מען פערקויפט פון האַנד צו האַנד... און דאָקטאָר זילבערשטיין וועט נאָך מעהר פערדיענען אַז ־עם דאַזיגען „פּאַרסעל"...

— הוררראַ פיר בראַנזוויל! — האָט סעמקע אויסגעשריען.

— הוררראַ! — האָט יאַכנעטשיק אונטערגעכאַפּט און גענומען צופּען אָרע'ן ביי דער פּאָלע — שרריי הוררראַ, אַלטער פּ־פערדד!

— איד'ל געהן אַהיים — האָט אָרע אַרויסגעמורמעלט, אָנגע־שטרענגט זיך, צו טרעטען גלייך, און איז אַרויס פונ'ם רעסטאָראַן.

.10

## אָרע און זיין איידים, דער יחסן.

ווען ער איז צוגעגאַנגען צו זיין הויז, איז די אַלטע פרומע דאָן גע־שטאַנען אין דרויסען אויפ'ן גאַניק מיט אַ היימישען געבלומטען טיכעל אויפ'ן קאָפּ און האָט זיך איינגעקוקט אויף דער גאַס. זי איז געווען אונרוהיג וועגען איהר זוהן. ער האָט איהר אין דער פריה געזאָגט, אַז ער דאַרף היינט ערגעץ געהן, וואו עס איז דאָ אַ סכנה... ער איז אַוועק אַהן זיין פּאַק סחורה מיט יאַכנעטשיק'ן און איז נאָך ניטאָ צוריק... צי האָט חלילה מיט איהם עפּעס ניט געטראָפען?... די אַלטע האָט ניט געקענט איינרוהען, איז יעדע ווייל'ע אַרויסגעלאָפען אויפ'ן גאַניק און געקוקט, צי געהט ער ניט, צי קומט ער ניט... זי האָט איהם דערזעהען, האָט זי אויסגעשריען: „אַי, וועה איז מיר!" אַ פּאַטש געטהאָן אין די הענד און איז געבליבען שטעהן מיט די

אויגען צושראָקען אויסגעגלאָצט אויף איהם. ער איז געווען רויט, ווי ערשט פון אַ שוויץ־באָד ארויס, האָט זיך קוים געשלעפּט, געשאָקעלט זיך אַביסעלע אויף די פיס און איבער זיין פּנים איז צוגאָסען געווען אַזא אויסדרוק, וואָס זי האָט נאָך ביי איהם קיינמאָל ניט געזעהען.

ארויפגעגאַנגען אויפ׳ן גאַניק, האָט ער אַ מאַך געטהאָן צו איהר מיט׳ן קאָפּ און גענומען שמייכלען.

— אָרע, וואָס איז דאָס מיט דיר? — האָט זי ארויסגעשטאָמעלט.

ער האָט זיך צולאַכט מיט זיין גליקליכען געלעכטער. דערנאָך האָט ער זיך מיט אַמאָל צוגעבויגען צו איהר און זי אַ קוש געטהאָן. זי האָט זיך אָפּגערוקט פון איהם און אויסגעשריען:

— אָרע, וואָס איז דאָס? דו ביזט שיכור?...

— אַביסעלע, מאַמע, אַביסעלע... געהאַט אַ שטיקעלע שמחה — האָט ער געענטפערט און גליקלאָך געשמייכעלט.

— דו ביזט געווען ביי וועמען אויף אַ ברית? — האָט זי שוין געפרעגט רוהיגער.

— איך האָב געטרונקען שאַמפּאַניער. שמעקט ווי אונזער קוואַס, אָבער מען ווערט פון דעם שכור...

— וואָס?

— שאַמפּאַניער, שאַמפּאַניער — האָט ער געזאָגט העכער — כאַ! כאַ! כאַ! דו ווייסט ניט וואָס דאָס איז? נו, יאָ, פון וואַנען זאָלסטו דאָס וויסען? איך האָב ביז היינט אויך ניט געוואוסט. גאָר די גרויסע מיליאָנשטשיקעס טרינקען דאָס: ראָטהשילד, אין רוסלאַנד פּאָליאַקאָוו... זידט ווי קיסלאָשצעי, אָבער אַ טעם האָט דאָס, ווייס איך!... איין גלעזעלע ראַזינקעס וויין וועל איך ניט פערבייטען אויף צעהן פלעשער פון דער דאָזיגער משקה. אָבער שכור ווערט מען פון דעם, וואָס אמת איז אמת...

און ער האָט זיך ווידער צולאַכט מיט זיין גליקליכען געלעכטער.

די אַלטע איז פערציטערט געוואָרען. עס איז איהר איינגעפאַלען, אַז ער האָט זיך פון׳ם זינען געריהרט. זי האָט גענומען קוקען ארום זיך צוטומעלט און פּלוצים האָט זי אַ געשריי געטהאָן אין שרעק:

— רייטשעל!...

— וואָס דאַרפסטו רייטשלע׳ן, וואָס רופסטו זי? קום אין שטוב אריין. איך דאַרף דיר עפּעס זאָגען. קום, מאַמע, אַ גוטע בשורה! —

האָט ער ארויסגערעדט און איז אריין אין שטוב, שאָקלענדיג זיך אָבי־סעלע אויף די פּיס.

פרומע האָט אָפּגעוואַרט ביז די טהיר האָט זיך הינטער איהם פערמאַכט. דאַן איז זי מיט מורא צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענסטער און אריינגעקוקט, וואָס ער טהוט דאָרט אין'ם הויז. ער איז געשטאַנען אין מיטען שטוב מיט'ן פּנים צום פענסטער, האָט געהאַלטען איין האַנד אונטערן בוזים, און מיט דער אנדערער געמאַכט צו איהר, פרומען, אַז זי זאָל אריינגעהן.

„גאָטעניו, הארציגער, וואָס איז דאָס מיט איהם?" — האָט זי מיט שרעק געטראַכט.

און פּלוצים איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער, מיט דער האַנד אַלץ פערלעגט אונטער'ן בוזים, האָט ארויסגעשלעפּט דעם פּעקעל געלד און שטיל, מיט אַ געהיימער מינע אויף'ן פּנים, ארויסגעשעפּצעט:

— אַן אוצר, מאַמע!...

זי האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפענט דאָס מויל.

„ער האָט אַן אוצר געפונען!" — האָט איהר אַ מיש געטהאָן אין'ם מוח.

רייטשעל איז ארויסגעגאַנגען פון איהר צימער מיט אַ פער־שלאָפען פּנים און אין אַ ראָפּער:

— ווער האָט דאָס מיך גערופען?

ערע האָט דערהערט איהר קול, האָט ער זיך אומגעדרעהט, דערזעהען זי און שנעל פערדוקט די האַנד מיט דעם געלד ווידער אונטער'ן בוזים.

און מיט אַמאָל האָט זיך די אַלטע פרומע ראַפּטאַם אַ כאַפּ גע־טהאָן און איז אריינגעלאָפען אין שטוב.

— קום אַהער, ערע! — האָט זי איהם גענומען שלעפּען ביי אַן אָרעם צו דער טהיר, וואָס האָט געפיהרט צו איהם אין שלאָף־צימער אריין — קום אַהער, איך וויל דיר עפּעס זאָגען.

ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך איהר, שאָקלענדיג זיך אויף די פּיס, ניט ארויסנעהמענדיג די האַנד מיט דעם געלד פון אונטערען בוזים, און האָט געלאַכט מיט זיין גליקליכען געלעכטער. רייטשעל האָט געקוקט אויף זיי פערוואונדערט. דאַן האָט זי אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען און איז אוועק צוריק צו זיך אין צימער.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ געלד? — האָט פרומע געשעפּצעט, ווען ער איז שוין געזעסען אין זיין שלאָף־צימער אויפ'ן בעט: — וואָס פאַר אַן אוצר?...

ער האָט ווידער ארויסגעשלעפּט פון אונטער'ן בוזים די האַנד מיט'ן פּעקעל געלד, ארומגעקוקט זיך און ארויסגעשעפּצעט:

— מאַך צו, מאַמע, די טהיר...

זי האָט דאָס געטהאָן. דאַן האָט ער אוועקגעזעצט די אַלטע נעבען זיך אויפ'ן בעט און האָט איינציגווייז אויסגעלעגט די נייאינקע אַסיגנאַציעס ביי איהר אויפ'ן שויס...

— הונדערטער, מאַמע, נייאינקע, לאַפּעדיגע... צעהל... העלף צעהלען... ניט איינס, ניט צוויי, ניט דריי — האָט ער געצעהלט זיינע הונדערטער, אזוי ווי איינער צעהלט לעבעדיגע נפשות, וועלכע זיינען איהם זעהר טהייער, גיט צו צו דעם צאָהל דאָס וואָרט „ניט", גלויבענדיג, אַז מיט דעם וועט ער זיי פערהיטען פון אַן עין הרע:

— ניט פיער, ניט פינף...

דאַ האָט ער זיך אונטערבראָכען, אַפּגעלעגט די אָבגעצעהלטע פינף הונדערטער אַן אַ זייט און געזאָגט:

— דאָס האָב איך פערמאָגט. מיין אָפּגעשפּאָרט געלד, און דאָס האָט מיר גאָט היינט צוגעשיקט.

און ער האָט ווידער גענומען צעהלען: ניט איינס, ניט צוויי, ניט דריי, געלעגט די הונדערטער פרומע'ן אויפ'ן שויס, און וואָס מעהר ער האָט געצעהלט, אַלץ מעהר האָבען זיינע הענד געציטערט. ער האָט אַרויסגערעדט „ניט דרייסיג" מיט אַ מין קוויטש, וואָס איז געוועזען אַ געמיש פון געלעכטער און געוויין, און זיינע ביידע הענד זיינען געבליבען ליגען ווי פער'חלש'ט ביי זיין מאַמע'ן אויפ'ן שויס נעבען דאָס געלד, און זיין פערוואַקסענער, רויטער פּנים מיט דער לאַנ־גער, משונה'דיגער באָרד האָט אין גאַנצען געשמייכעלט.

די אַלטע פרומע איז געזעסען און האָט איהרע אויגען ניט געגלויבט. זי האָט געקוקט אויף דאָס געלד, וואָס איז געלעגען ביי איהר אויפ'ן שויס, און געפּינטעלט מיט די אַלטע אויגען.

דערנאָך האָט זי קוים ארויסגערעדט:

— און וויפיעל איז דאָ?...

— דריי טויזענד... און יענע פינף הונדערט, דאָס איז אין איי־נעם... דריי טויזענד און פינף הונדערט דאָלאַר... מאַמע, איך בין איצט אַן עושר! איך וועל ניט דאַרפען מעהר פעדלען! — האָט ער אויסגעשריען, איז צוגעפאַלען צו איהר און האָט זי געכאַפּט קושען.

זי האָט זיך שטיל צו־וויינט, אויפגעהויבען ביידע הענד איבער׳ן קאָפּ און אַרויסגעשעפּעטעט מיט געוויין:

— געלויבט און געדאַנקט זאָל זיין דיין נאָמען, גוטינקער גאָט! דו האָסט דאָך צום סוף רחמנות געהאַט איבער מיין אַרע׳ן!...

און דערנאָך האָט זי מיט ציטערדיגע הענד צונויפגענומען דאָס געלד פון׳ם שויס און צומישט זיך אַרומגעקוקט.

— וואו וועסטו אַזאַ אייגענם האַלטען?... מען קען נאָך, חלילה...

— מאָרגען טראָג איך דאָס אַריין אין באַנק. נו, מאַמע, האַ? גאָט איז פאָרט אַ גוטער טאַטע! עטעלע וועט איצט האָבען נדן... וואו בעהאַלט מען דאָס געלד דערווייל?...

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטען.

— אפשר אונטער׳ן בעט?... דאָרט איז אין דער פּאָדלאָגע דאָ אַ לאָך...

— ביזטו משוגע? מייז קענען נאָך, חלילה, אוועקשלעפּען!... וואָס דיר קען איינפאַלען, אַרע!...

— דו ביזט גערעכט, מאַמע. מיר אין דאָס גאָר ניט איינגע־פאַלען. איך׳ל דאָס געלד אונטערלעגען אונטער׳ן קישען. אגב וויל איך טאַקע שלאָפען אויך. איך האָב עטליכע נעכט ניט געשלאָפען. און שיכור׳לאָך בין איך אויך אַביסעלע.

— וואָס הייסט שיכור? וואו האָסטו געטרונקען?

— מיט מיינע שותפים, מיט יאַכנעטשיק׳ען און סעם׳קען. זיי האָבען אויך געכאַפּט צו דריי טויזענד...

— אַזוי? איהר אַלע זאַלבע דריט האָבען דעם אוצר געפונען?...

— וואָס אוצר — שמייצער? מיר האָבען דאָך היינט אַ „פּאַר־סעל" געקויפט און גלייך פערקויפט צו סאַמועלסאָן דעם לאָיער...

און ער האָט איהר דערצעהלט, ווי אַלסדינג איז פאָרגעקומען, ווי דאָס האַרץ האָט איהם די גאַנצע צייט געצוויגען צו פּרובען מזל מיט ריעל־עסטייט, נור ער האָט מורא געהאַט, ווייל זי און פינע האָבען איהם אָפּגעשלאָגען פון דעם; ווי יאַכנעטשיק האָט איהם

מיט געוואלד ארייננעשלעפט און ווי ער האט שוין געמיינט, אז ער האט פערלארען ביז א פּעני.

— נו, א דאנק גאָט, אבי עס האָט זיך אויסגעלאָזען גוט, מיין זוהן — האָט זי געזאָגט — וואַרט, קום ארונטער פון'ם בעט. איך וועל בעהאַלטען דאָס געלד אין'ם מאַטראַץ. דער זיבערסטער אָרט...

זיי האָבען ארונטערגעשלעפּט די ליילאך פון'ם בעט, איבער־געקעהרט דעם מאַטראַץ, וועלכער האָט געהאַט א לאָך אין מיטען, און ארייננעשפּאַרט אהין דאָס געלד. דערביי האָבען זיי ביידע געשטופּט זייערע הענד אהין אין לאָך אריין, כדי דאָס געלד צו פערשטופּען וואָס ווייטער...

— דאָ וועט דאָס ליגען ביז מאָרגען. קיינעם וועט ניט איינפאַ־לען, זאָל ער אויסהיטען — האָט די אַלטע געזאָגט.

אָרע האָט צוריק אָוועקגעלעגט דעם מאַטראַץ אויף זיין אָרט, איבערגעדעקט איהם מיט דער ליילעך און זיך אָוועקגעזעצט אויף איהם. דערנאָך האָט ער זיך צולאַכט מיט זיין גוטען, גליקליכען גע־לעכטער, וואָס האָט געקלונגען אזוי ניי, אזוי אונגעוועהנליך אין זיין מאַמע'ס אויערען, און געזאָגט:

— איך וואָלט וועלען הערען, וואָס אונזער חכם פּינע וועט איצט זאָגען!... ער האָט מיך אזוי אָנגעשראָקען, איך זאָל אפילו ניט טראַכ־טען וועגען „ריעל עסטייט“...

פרומע האָט זיך א כאַפּ געטהאָן:

דערצעהל איהם ניט קיין מעשיות, אָרע. דו קענסט דאָך איהם. ער וועט ביי דיר נעהמען קליאַנטשען געלד, גמילת חסדים, און דאָס איז אזוי ווי אין וואַסער פערפאַלען.. עס וועט זיין מעהר מצוה, ווען עטעלע זאָל ניט דאַרפען געהן מעהר אין שאַפּ, אז אויסגעמוטשעט פייגעלע, נעבאָך...

— עטעלע וועט מעהר אין שאַפּ ניט געהן. און אויף נדן פאַר איהר איז, דאַנקען גאָט, אויך איצט פאַראַן. און פּינע וועט ביי מיר קיינמאָל גאָר גישט ניט קריגען, ווען איך זאָל אפילו האָבען ראָטשילד'ס אוצרות. ער האָט פאַר מיר קיין דרך ארץ ניט. איך בין דאָך זיין שוועער — האָט ער פּלוצים גענומען ריידען מיט פּערדרוס אין'ם קול — מיין טאָכטער איז דאָך זיין ווייב, מיין שרה'קע, ניין? האָט ער דאָך ניט געדאַרפט לאַכען פון מיר...

ער האָט זיך אַוועקגעלעגט אויפ'ן בעט און גערעדט ווייטער מיט שטייגענדען פּערדרוס אין'ם קול:

— וואָס לאַכסטו פון מיר, שקץ? האָב דרך ארץ פאר דיין שווער, דו הולטאַי! אמת, דו ביזט אַ למדן, אַ „קענער", אַ געבילדעטער, אַן ערעלער יונגערמאַן און איך אַ פּשוט'ער מענש, פונדעסטוועגען אַ שווער איז פאָרט אַ שווער, דרך ארץ פאַר מיר פונדעסטוועגען דאַרפסטו האָבען. ניט אַזוי, מאַמע?...

— וואָס וועלען העלפען דיינע רייד, מיין זוהן? — האָט זי געענטפערט — פינע האָט פאַר קיינעם קיין דרך ארץ ניט. ווייס איך, זאָל ער לאַכען פון דיר, פון מיר... וואָס קען מען זיך העלפען?...

— מיר לאַכען איצט פון איהם, מאַמע. און איך וועל דאָס איהם זאָגען אויך.

— זאָג איהם גאָר נישט, מיין זוהן. וואָס דאַרפסטו זיך מיט איהם אָנהויבען? מעהר פעלט דיר ניט, ווי אַריינצופאַלען צו פינע'ן אין מויל...

— ערשט אייערנעכטען האָט ער מיך אָנגערופען „אַלטער פערד" — האָט אָרע גערעדט ווייטער — איך בין געוואָרען אין כעס, עס האָט מיך פערדראָסען: סטייטש, דו שקץ, איך בין דאָך דיין שווער, און איך האָב איהם געוואָלט אויסזידלען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, נור דאָ האָט ער גענומען וואַרפען מיט פסוקים פון דער תורה הקדושה און איך האָב קיין העזה ניט געהאַט, איהם אויסצוזידלען. איך האָב געטראַכט: „אַ שקץ איז ער, אַן עזות פנים, אָבער ער איז פאָרט אַ למדן און איך בין, ברוך השם, אַן עם הארץ..."

אין דיעזער צייט האָט זיך פון הינטער דער טיהר דערהערט אַ קול פון אַ מאַן:

— באָבע, וואו זייט איהר?

— אָט איז ער דאָך! — האָט פרומע זיך אַ כאַפּ געטהאָן — שלאָף, אָרע, און געדענק: דערצעהל ניט קיין מעשיות...

— באָבע! האָט זיך דער קול דערהערט נעהענטער.

— ער געהט אַהער.

אָרע האָט זיך שנעל אומגעדרעהט מיט'ן פנים צו דער וואַנד און צוגעמאַכט די אויגען

די טיהר פון שלאָף־צימער האָט זיך האַסטיג אַן עפען געטהאָן, און אַ יונגערמאַן האָט דעם קאָפּ אַריינגעשטעקט.

— זעה, אָט איז ער דאָך, דער שווער! — האָט דער יונגערמאַן אויסגעשריען, און איז מיט אימפּעט אַריין אין שלאָף־צימער.

ער איז געווען פון מיטעלען וואוקס, מאָגער און דונקעל, מיט קליינע, כיטרע, פלינקע, שוואַרצע אויגען און מיט דינע שוואַרצע וואָנסעס, וואָס זייערע שפּיצען זיינען אַרונטערגעהאַנגען האַלב־רונד, ווי ביי אַ יאַפּאַנעזער. האָט אויסגעזעהן אַ יאָהר צוויי־דריי און דרייסיג אַלט, געטראָגען אַן אַלטע דונקעלע, פערשטויבטע הוט, פון אונטער וועלכע די קליינצינקע, כיטרע אויגעלאַך האָבען אַרומגעטאַנצט אויף אַלע זייטען, אַן אַלטען, דונקעלען רעקעל, גרויע הויזען און אַלטע פער־שטויבטע, צוקרימטע שיך.

— קום, קום פון דאַנען, לאָז איהם שלאָפען — האָט זי געזאָגט — ער האָט זיך ערשט צוגעלעגט.

— וואָס שלאָפט ער עפּעס אין מיטען טאָג? ער איז גאָר היינט ניט אַרויס פעדלען? — האָט פינע געפרעגט.

— קום, קום פון דאַנען — האָט פרומע איהם שטיל געענטפערט, און אָנגענומען איהם ביי אַן אַרבעל.

— שלעפט מיך ניט, באָבע! — האָט ער געזאָגט — איך וועל אַליין טרעפען דעם וועג אָהן אייך, ווען איך וועל וועלען אַרויסגעהן. איז דאָס אמת, וואָס איך האָב ערשט געהערט, אַז דער שווער איז היינט געוואָרען אַ ראָטשילד?... ווענען דעם טאַקי בין איך איצט געקומען... אפשר איז דאָס אמת און דערפאַר טאַקע פערגינט ער זיך היינט צו שלאָפען אין מיטען העלען טאָג, הא, באָבע?...

— איך פערשטעה ניט... וואָס ראָטשילד, וואו ראָטשילד? — האָט די אַלטע אַרויסגעמורמעלט צומישט און אַ טראַכט געטהאָן: „אָט, ער האָט שוין דערשמעקט!“

אָרע האָט מיט אַ געפיהל פון נצחון אַ טראַכט געטהאָן: „אהא, ווער איז אַ חכם? און איצט לאָך איך פון דיר, פינע לעבען!“

— איך האָב ערשט געהערט, אַז דער שווער האָט היינט געקויפט אַ „פּאַרסעל“ און פערדיענט פון האנד צו האנד עטליכע טויזענד דאָלאַר... עס איז אַפילו שווער צו גלויבען אַזאַ גוזמא, אָבער אַמאָל קען פּאַסירען אַ נס. אָט האָט דאָך מיט בלעם'ס עזעל — דערצעהלט

דער חומש — אויך אַמאָל אַ נס געטראָפען, האָט געקענט טרעפען אַ נס מיט דעם שוועך אויך.

„דו ביזט אַליין אַן עזעל, פאַרך איינער!“ האָט זיך אָרע אַ בייזער געטהאָן אויף איהם אין די געדאַנקען און צוגעלעגט מיט נצחון: „אהא, ווער איז אַ חכם, הא?“

און ער האָט אַרויסגעשטעקט די צונג געגען דער וואַנד.

די אַלטע האָט אַ דריק געטהאָן די אַקסלען.

— דו ביזט דאָך, דאַכט זיך, אַזאַ בר דעת, פינע, און דו גלויבסט אויך, אַז דיין שוועך האָט פערדיענט עטליכע טויזענד דאָלאַר? — האָט זי געזאָגט און זיך שטיל צולאַכט.

איהר געלעכטער האָט אָנגעשטעקט אָרע'ן און ער האָט אויך אַ לאַך געטהאָן אין זיך, אַ קאַרטשע טהאָנדיג זיך מיט'ן גאַנצען קערפּער.

— איך גלויב ניט — האָט פינע געענטפערט — איך וואָלט גיכער געגלויבט, דער שוועך זאָל פערלירען אין דעם דאָזיגען מסחר זיינע גאַנצע פינף הונדערט דאָלאַר. און אויב ער האָט היינט ניט פער־לאָרען, וועט ער מאָרגען פערליערען. איך האָב מעהר שכל פון איהם, און איך וואָרן איהם, ער זאָל ניט קריכען, דאַרף ער ניט קריכען...

— איך לאַך פון דיין היטעלע! — האָט זיך מיט אַמאָל דער־הערט אָרע'ס קול און גלייך נאָכדעם האָט ער זיך אומגעדרעהט מיט'ן פנים צו פינע'ן און צוגעלעגט:

— נו, ווער איז אַ חכם — איך צי דו?...

פינע איז אויף אַ רגע געבליבען שטעהן פערוואונדערט. פרומע האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו אָרע'ן:

— שלאָף, שלאָף! וואָס אַרט דיך, וואָס ער רעדט? נו, אודאי קיין טויזענטער האָסטו ניט פערדיענט, פאַר הונדערט דאָלאַר איז אויך געלויבט און געדאַנקט זאָל זיין גאָט.

— קיינעם'ס דאגה, וויפיעל איך האָב פערדיענט. דאָס האָט גאָט מיר צוגעשיקט! — האָט אָרע געשריען — ער פערגלייכט מיך צו בלעם'ס עזעל, אַזאַ שקץ... פינע — האָט ער פלוצים איהם גענומען סטראַשען מיט אַ פינגער, ליעגענדיג אויפ'ן בעט: געדענק, פינע, איך האָב גענוג דיר פערשוויגען. זינט דו ביזט מיין איידים, האָסטו זיך איבער מיר איזדעקעוועט, גערופען מיך „אָקס“, „עזעל“, „פערד“.

איך האָב דיר פערשוויגען, ווייל איך האָב מורא געהאט פאר דיין גרויס מויל. פון היינט אָן אָבער... גערענק, פינע, גערענק, גערענק!...

פינע האָט געקוקט אויף איהם פערוואונדערט און געדריקט די שמאָלע אַקסלען. ער האָט ניט געגלויבט זיינע אויערען. ביז אהער האָט זיין שווער נאָך קיינמאָל צו איהם ניט גערעדט אין אַזא טאָן. ער איז געוואָהנט געווען, אָרע זאָל ריידען צו איהם מיט דרך ארץ, זאָל זיך יחס'ען מיט איהם, אַז אָרע זאָל איהם אַלע גראָבקייטען פערשווייגען. ער איז געווען זעהר אַ כיטרער קערל, האָט ליעב געהאט צו וויצלען זיך און שפּאַסען פון מענשען און האָט אַנדערע גע'חנפה'ט, ווען דאָס האָט איהם געקענט טוצען ברייננגען. ער האָט געהאט אַ קליין קרעמעל און די קונדען זיינע, וואָס האָבען ביי איהם געקויפט ציימונגען און סיגארעטען, האָט ער זעהר גע'חנפה'ט און פאר יעדען פון זיי האָט ער אַ שמייכעל און אַ גוט וואָרט געהאט. אין דער אייגענער צייט האָט ער זעהר געהאַלטען פון זיך. ער האָט אַמאָל, אין דער היים אין רוסלאַנד, געלערנט אין אַ ישיבה, האָט ער זיך געהאַלטען פיר אַ למדן. האָט אַמאָל איבערגעלעזען עטליכע העברעאישע ביכלאך, האָט ער זיך גע־האַלטען פיר אַן אויפגעקלעהרטען. און ביי יעדער געלעגענהייט האָט ער ארויסגעוויזען, וואָס פיר אַ גרויסער קענער ער איז. זיין דיקע ווייב שרה'קען האָט ער ליעב געהאט, נאָך מעהר זיין בן יחיד'ל שלמה'לען. געגען זיין שווער האָט ער זיך געהאַלטען גראָב, חוצפה'דיג און קיינמאָל זיין כבוד ניט געשאָנעוועט מיט ווערטער. דער שטילער, דערשלאָגענער אָרע האָט איהם אַלע מאָל פערשוויגען, הגם אָפט, ווען פינע האָט איהם אָנגערופען „פערד“, “אָקס“, אָדער ווען ער האָט זיך געוויצעלט איבער איהם, האָט איהם, אָרע'ן, דאָס וועה געטהאָן, נור ער האָט איהם פערשוויעגען, ווייל, ערשטענס, האָט ער זעהר פיעל געהאַלטען פון פינע'ס למדנות און ער האָט גע־רעכענט, אַז עס וועט זיין גלייכער פאר איהם, דעם עם הארץ, ער זאָל איהם פערשווייגען און, צווייטענס, האָט ער זיך אָפט בערעכענט: ער טראָגט אריבער פון פרעמדע שקצים פון הינט, מעג ער פון אַן אייגענעם איידים אויך אריבערטראָגען, בפרט נאָך פון אַן איידים, אַזא קענער!...

נור די אַלטע פרומע האָט זיך אָפט אָנגענומען פאר איהר זוהן און זי האָט זיך מיט פינע'ן ארומגעקריעגט פאר איהם.

היינט אָבער אונטער דעם איינפלוס פון שאמפּאניער, וואָס ער, אָרע, האָט אויסגעטרונקען, און דעם גליק, וואָס האָט איהם אין גאנצען אויפגעטרייסעלט און אויפגעלעבט, האָט זיך ביי איהם צום ערשטען מאָל אַרויסגעריסען אַ פּראָטעסט געגען זיין איידים'ס גראָבקייטען.

פינע האָט ניט געגלויבט זיינע אויערען.

— זעה נור, ווער רעדט דאָס אַזוי — דער שווער אָדער עפּעס אַ בייזער פּריץ? — האָט ער אַרויסגערעדט.

און מיט אַמאָל איז איהם איינגעפאַלען: אפשר האָט ער טאַקע היינט פערדיענט טויזענדער? אַניט וואָס זעהט ער אויס עפּעס אַזוי און וואָס רעדט ער עפּעס אַזוי?...

און ער האָט זיך ווידער אָנגערופען אין אַ גאַנץ אַנדער טאָן:

— שווער לעבען, איהר האָט טאַקע היינט געכאַפּט אַ שענע אַפּויתיקע?...

— הונדערט דאָלאַר האָט ער היינט פערדיענט — האָט זיך פרומע אַ כאַפּ געטהאָן — קום, פינע, לאָז איהם שלאָפען.

— און אַז צעהן מאָל הונדערט? — האָט אָרע זיך געהיצט — נו, איז וואָס? אפשער דעם חכם אוועקגעבען, הא? שאַמפּאַניער האָב איך היינט אויך געטרונקען, חכם מיינער! — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן פון'ם בעט און איז אַרויסגעשפּרונגען — זאָג נור: האָסטו שוין אַמאָל געטרונקען שאַמפּאַניער, הא?

— איהר האָט געטרונקען שאַמפּאַניער?

— ריכטיגען שאַמפּאַניער, פון פלעשער. קאָכט ווי קיסלאָשצעי. זאָג נור, דו ווייסט כאָטש, ווער עס טרינקט שאַמפּאַניער? ראָטשילד, פּאָליאַקאָוו אין רוסלאַנד, און איך האָב היינט אויך געטרונקען. פערשטעהסט? און געלד האָב איך אויך פערדיענט אַ סך. און דו, חכם מיינער, רוף מיך „פערד„, „אָקס", „בלעם'ס עזעל" — איך לאַך פון דיין היטעלע!...

— שווער — האָט פינע געזאָגט מיט אַ שמייכעל — עפּעס שמעקט טאַקי פון אייך מיט... גביר... נו, אַ דאַנק גאָט. איך לויף אַרום היינט דעם גאַנצען טאָג נאָך אַ גמילת חסד... ווען איך זאָל פריהער וויסען, וואָלט איך גלייך צו אייך געגאַנגען... שווער, לייהט מיר אַ פינף און צוואַנציגער.

— געה צו בלמ'ס עזעל לייהען — האָט אָרע אַ געשריי געטהאָן.

— אָה, ער איז שוין פאַרטיג! — האָט די אַלטע פרומע אויס־געשריען — פינע, נאַר, וואָס האָסטו זיך איינגערעדט? דער שווער דיינער האָט פערדיענט הונדערט דאלאר, דארף ער ערשט קריגען. ער האָט זיך איינגעג'שיכור'ט, רעדט ער פון פייער און פון וואסער, און ער, דער נאַר, גלויבט איהם.

— באָבע, איך האָב אַ לאַנגע נאַז, אַ גוטען שמעקער — האָט פינע געזאָגט — איך האָב דערשמעקט, באָבע!....

— אָרע, דו לעג זיך שלאָפען — האָט פרומע זיך געווענדעט צו איהם — געה, ניכטער זיך אויס, וועסטו דעמאָלט וויסען, וואָס דו רעדסט. דיין מוח איז ניט געוואָהנט צו שיכרות. געה!

זי האָט איהם גענומען שטופען צום בעט. ער האָט זיך וויעדער צולאכט מיט זיין פריהערדיגען גליקליכען געלעכטער און גערעדט:

— איך וועל איהם איין מאָל פערגעבען אַ גאָב, וועט ער דרך ארץ האָבען פאר זיין שווער. איצט דארף ער האָבען פאר מיר דרך ארץ. ניט אזוי, מאמע? כאַ! כאַ! כאַ!

ער האָט זיך וויעדער אַוועקעלעגט אויפ'ן בעט און צוגעלייגט:

— געה, געה, חכם מיינער, געה, שקץ איינער, לאָז דיין שווער שלאָפען!

— קום, פינע! — האָט פרומע איהם אַ ציה געטהאָן ביים ארבעל.

— אָט איך געה גלייך — האָט פינע געזאָגט און זיך געווענדעט צו אָרע'ן:

— שווער, אויב איהר האָט טאקע היינט געהאַנדעלט ריעל עסטייט און נאָך פערדיענט דערביי עפּעס געלד, קען מען ווענען אייך זאָגען: „שומר פתאים ה'“ — אז גאָט היט אָפּ די נאַראָנים. וויטער זאָלט איהר זיך ניט פערלאָזען אויף גאָט'ס נסים. אויב איהר האָט פערדיענט עפּעס געלד, בעהאַלט עס און קריכט ניט מעהר. איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב מעהר שכל פון אייך.

— אָט דאָס האָסטו מעהר שכל פון מיר, אָט דאָס — האָט אָרע איהם געענטפערט, ליגענדיג אויפ'ן בעט, און געוויזען איהם אַ פייג.

— שיכור! — האָט פינע ארויסגעמורמעלט, אַ דריק געטהאָן די אַקסלען און איז ארויס מיט פרומע'ן פון'ם שלאָף־צימער.

זי האָט איהם בעגלייט ביז דער גאַס־טהיר, וואָס האָט געפיהרט צום גאַניק. ביי דער טהיר זיינען זיי שטעהן געבליבען.

— באָבע — האָט פינע זיך ווידער אָפּגערופען — איהר זייט א קלוגע אידענע, איך בין אָבער אויך ניט קיין נאַר. איהר וועט מיך ניט נאַרען. בעסער זאָגט מיר דעם אמת: וויפיעל האָט דער שווער פערדיענט?

— איך האָב דיר געזאָגט: הונדערט דאָלאַר, דערווייל האָט ער נאָך קיין דאָלאַר ניט געקראָגען...

— ניט מעהר?

— איך זאָג דאָך דיר...

— מילא, באָבע, וויפיעל ער האָט ניט פערדיענט, אָבער מעהר זאָלט איהר איהם ניט לאָזען קויפען קיין „ריעל עסטייט“, א רחמנות אויף זיין ביסעל געלד.

— גוט, פינע, גוט. גריס דיין ווייב און קינד.

ער איז אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן גאַניק. דאָרט איז געזעסען רייט־שעל, איינגעוויקעלט אין אַ היימישען טוך, און האָט אומעטיג און צומראָגען געקוקט פאַר זיך אויף דעם ווייטען וועלדעל, איבער וועלכען א טיעף־שוואַרצער וואָלקען האָט שווער געפּויזעט ווי א גרויסע, מגושם'דיגע חיה, און געשלונגען אַרום זיך דעם בלויען הימעל.

— העללאָ, רייטשעל! — האָט ער זיך אָנגערופען.

זי האָט אַ ציטער געטהאָן און זיך אומגעקוקט אויף איהם.

— וואָס איז דער מעהר, איהר אַרבייט ניט היינט?

זי האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

פינע האָט זי אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— רייטשעל, וואָס איז דער מעהר? איהר זיצט עפּעס גאָר ניט עפּעס ווי רייטשעל!...

זי האָט געצוואונגען אַ שמייכעל געטהאָן און שטיל אַרויסגערעדט:

— איך בין קראַנק, פינע...

— קראַנק? וואָס פעהלט אייך?

— דאָס האַרץ טהוט מיר וועה.

— עפּעס א ליובזשע?...

— אוי, געהט שוין!...

— וואָס דען? קיין שווינדזוכט האָט איהר דאָך ניט...

— אויב איך האָב ניט, וועל איך קריגען...

— אַ חתן אפשר...

— זאָלען געהן די חתנים אין דער ערד אריין.

— אין ד'רערד אריין?... די חתנים?... אַ סימן...

— אוי, לאָזט מיר צופריעדען. איך בין ניט אויפגעלעגט — האָט זי איהם אונטערגעבראָכען און זיך אומגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען.

— רייטשעל, איהר זייט פערליעבט. — האָט פינע ווידער גע־זאָגט.

זי האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צו איהם מיט אַ פלאַמענדען פנים און מיט ברענענדיגע אויגען.

— וואָס ווילט איהר? וואָס האקט איהר אַ טשייניק?

— ווען איהר זייט אין כעס, איז אַ סימן, אַז איך האָב געטראָ־פען — האָט ער געזאָגט און זיך צולאַכט — גוד־באַי. באַלד וועט געהן אַ רעגען.

און ער איז אַוועק מיט האַסטיגע טריט.

פון ווייט, הינטער'ן וואַלד, האָט זיך אַ דונער דערהערט.

רייטשעל איז געבליבען זיצען אויף איהר שטוהל.

זי האָט זיך געפיהלט אונגליקליך. זייט נעכטען האָט איהר פער־פאָלגט איין געדאַנק: וואָס וועט איצט זיין? פון קיין אַנדער זאַך האָט זי איצט ניט געטראַכט, ניט געקענט טראַכטען. זי האָט גע־פּרובט לעזען און ניט געקענט. געפּרובט עפּעס ארבייטען און די ארבייט איז געפאַלען פון איהרע הענד. און, מערקווירדיג, אויף סעמ'קען אליין איז זי ניט געוועזען בעזאָנדערס אין כעס; פאַר־קעהרט, צייטענווייז האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז ווען ער זאָל איצט קומען, וואָלט זי פאַר איהם איהר שווער האַרץ אויסגערעדט, ווי פאַר אַן אייגציגען פריינד, און אַן עצה ביי איהם געפרעגט. נור ווען־ניט־ווען האָט זי איהם אין האַרץ געשאָלטען און דאַן האָט זי איהם אין איהרע געדאַנקען געסטראַשעט: וואַרט, וואַרט, זי וועט נור אָפּ־וואַרטען, און זאָל נור עפּעס פאַסירען, דאַן איז איהר לעבען ניט ווערטה אַ פּעני, אָבער זיין לעבען אויך ניט...

עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער דונער, אַזש דאָס הויז האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן. רייטשעל איז אויפגעשפּרונגען און ביז זי

איז צוגעלאָפען צו דער הויז־טהיר, האָט אַ וואַרימער פריהלינגס־רעגען אַ גאַנץ געטהאָן מיט אַ רוישען און געפילדער, און קרומע וואַסערדיגע זיילען האָבען זיך געשלאָגען אָן דעם גאניק און בענעצט איהם ביז דער אריינגאַנגס־טהיר.

רייטשעל איז אריינגעלאָפען צו זיך אין צימער און פערקלאַפּט דאָס פענסטער. און פערביי דעם פענסטער האָבען זיך אויך געטראָגען קרומע וואסערדיגע זיילען און פון צייט צו צייט האָבען זיך צווישען זיי געשלענגעלט פייערדיגע שלאַנגען און איבער זיי האָט געפילדערט און געקראַכט...

דאַן איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרען. דער רעגען האָט פּלוצים אויפגעהערט. אין דרויסען איז העלער געוואָרען. די פריהלינגס־זונן האָט ווידער ארויסגעקוקט...

---

.11

## דער גאָלדענער מבול.

אויף מאָרגען איז אָרע אויפגעשטאַנען נאָך פריהער ווי געוועהנליך. און באלד ווי ער איז ארונטער פון׳ם בעט, האָט ער די ערשטע זאַך איבערגעקעהרט דעם מאַטראַץ, ארויסגעשלעפּט פון דאָרט דאָס געלד, איבערגעצעהלט מיט ציטערענדע הענד און ארויסגעמורמעלט מיט ציטערענדע ליפּען:

— ריכטיג, ניט קיין חלום!...

דערנאָך האָט ער דאָס געלד בעהאַלטען אונטער׳ן בוזים, זיך איינגעוואַשען און זיך געשטעלט דאַוונען. ער האָט זיך בעמיהט צו דאַוונען מיט כונה, צו לויבען און דאַנקען גאָט, וואָס האָט איהם געוויזען אַזא חסד, מיט אַלע אברים, מיט אַלע זיינע מחשבות, צוגעמאַכט די אויגען, כדי זיך מעהר אריינצוטהאָן אין דעם דאַוונען, ער האָט אָבער ניט געקענט. פערשיעדענע געדאַנקען האָבען זיך געדרעהט און געמישט אין זיין קאָפּ. ער האָט זיי געטריבען פון זיך, געדאַוונט אַלץ העכער אויפ׳ן קול, אַזוי ווי ער וואָלט מיט זיין שטימע זיי געוואָלט פערטרייבען

פון זיך; זיי זיינען אָבער פון דאָרט ניט אָפּגעטראָטען, האָבען גע־זשומעט און געזשומעט אין זיין מוח, ווי איינגעגנאַדעטע פליעגען. וואָס זאָל ער איצט טהאָן?... ווייטער האַנדלען מיט „ריעל עסטייט“, צי איצט מעהר ניט קריכען?... געדאַרפט בעסער קויפען עפּעס אַ ביזנעס... מיט 35 הונדערט דאָלאַר מזומן... אַ שעהנע ביזנעס קען מען קויפען... עטלעע וואָלט געקענט העלפען... און ער אליין וואָלט, אפשר, איצט אויך געקענט חתונה האָבען מיט עפּעס אַ יונגער, לייד־טישער ווייבעל, וואָס וועט קענען פיהרען אַ ביזנעס...

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און פערקרימט דעם פּנים. גוואַלד, וועגען וואָס טראַכט ער אין מיטען דאַוונען! און ער האָט פעסטער פערמאַכט די אויגען, צונויפגעדריקט דעם שטערן, צושאָקעלט זיך מיט'ן גאַנצען קערפּער און אָנגעהויבען ארויסצוזינגען די ווערטער פון'ם דאַוונען מיט געפיהל, הויך אויפ'ן קול. באַלד אָבער איז ער ווידער געשטאַנען און די ווערטער פון'ם דאַוונען האָבען ווידער גענומען קלינ־גען שלעפעריג און פערטראַכט. זיין מח האָט ווידער געאַרבייט: אַ צוואַנציג דאָלאַר קומט איהם ביי זיינע קונדען... אַ חוב ביי דעם אַלטען פאַרמער... פינף דאָלאַר... גוט געלד... אָבער זיין הונד... ניין, ער איז איהם איצט מוחל די פינף דאָלאַר, אבי דעם הונד ניט אָנצוקוקען... דאַנקען גאָט, ער וועט שוין איצט פּטור ווערען פון די הינד, פון די שקצים, פון דעם שווערען פּאַק סחורה, פון דעם שווערען פּאַק צרות... דאַנקען גאָט... דאַנקען גאָט...

און ער האָט זיך ווידער אַ כאַפּ געטהאָן, צושאָקעלט זיך מיט'ן גאַנצען קערפּער, ארויסגעזונגען די ווערטער פון'ם דאַוונען און זיין קול האָט געקלונגען פול פרייד.

אָפּגעדאַוונט, איז ער אריין אין עס צימער; קיינער איז דאָר־טען ניט געווען. דער זייגער אויף דער וואַנד האָט געוויעזען אויף נאָך פינף.

אין אַ ווינקעל איז געלעגען זיין פּאַק סחורה, איבערגעבונדען מיט רימענס. ער איז בעשטאַנען פון שלייקעס, ביליגע טיכלאַך, זאָקען, שפּילקעס, נאָדלען, שפּולקעס פּאָדים, קנעפּלאַך און נאָך אַזוינע קליי־ניגקייטען. אָרע האָט גענומען דעם פּאַק, אריינגעטראָגען איהם צו זיך אין שלאָף־צימער און איהם אַ וואָרף געטהאָן אונטער'ן בעט.

דערנאָך איז ער ארוים אויפ'ן גאניק. דאָרט איז געלעגען דעם בעל־הבית'ס ציעג אויפ'ן בויך און האָט מעלה גרה געווען. ווען זי האָט איהם דערזעהן, האָט זי אויף אַ רגע אויפגעהערט צו ארבייטען מיט'ן מויל און אָנגעקוקט איהם מיט איהרע תם'עוואטע אויגען. דערנאָך האָט זי אוועקגעדרעהט דעם קאָפּ פון איהם, אַ קראַץ געטהאָן דאָס בערדעל אָן איהר רוקען און גענומען ווייטער ארבייטען מיט'ן מויל.

ער איז ארונטער פון'ם גאניק און איז לאנגזאם אוועק איבער דער גרינער, ברייטער שטרעקע לאַנד, וואָס האָט זיך געצויגען ביז'ן וועלדעל.

אין דעם דאָזיגען פריהמאָרגען איז אין דער לופט צוגאָסען געווען אַ גאָלדענע ליכטיגקייט און דער הימעל איז געווען קלאָהר און בלוי. אויף די גראָז האָבען געפינקעלט טהוי־טראָפּענס און עס האָט געשמעקט מיט פרישער ערד און בליהענדען וואלד. הימעל און ערד האָבען מיט פריהלינג זיך אָנגעטרונקען. פון'ם וועלדעל האָט זיך געטראָגען אַ טשיריקען פון פייגעלאך. פרעהלאך, הילכיג און ליכטיג, פול פריה־טשיריקען פון פייגעלאך, פרעהלאך, הילכיג און ליכטיג, פול פריה־געהילכט פון דעם דאָזיגען געזאנג. עס האָט זיך געדאכט, אַז יעדער טהוי־טראָפּען זינגט מיט, אַז יעדעם גרעזעלע און בוימעלע לאָזט ארויס אַ פרעהליכען קלאנג.

ארע האָט אָבער ניט געהערט דעם דאָזיגען פריהלינגס־געזאנג. גאָר ניט בעמערקט ארום זיך, האָט זיך גאָר ניט ארומגעקוקט; ער איז אין גאנצען געווען פערטהאָן אין זיך, האָט ארומגעטראכט, וואָס ער זאָל איצט טהאָן: צי זאָל ער ווייטער האנדלען מיט „ריעל עסטייט", צי זאָל ער זיך קויפען פאר דאָס געלד אַ ביזנעס. אזוי איז ער גע־גאנגען פערטראכט, טריט ביי טריט, איבער אַן אויסגעטראָטענעם פייכטען וועג אין'ם וועלדעל, די הענד פערלעגט אהינטער אויפ'ן רו־קען, ווי אויף שפּאַציער, און האָט גאָר ניט בעמערקט ווי ווייט און וואוהין ער געהט.

פּלוצים האָט אַ הונד ערגעץ אַ האווקע געטהאָן. ארע האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און איז שטעהן געבליבען.

— וואוהין בין איך פערקראָכען? — האָט ער ארויסגעמורמעלט און זיך אונרוהיג ארומגעקוקט.

דערנאָך האָט ער ווידער דערהערט דאָס בילען, איצט, דאַכט זיך, גאַר נאָהענט, און באַלד אימיצענס טריט איבער די פייכטע גראָז.

און דאָ האָט אַרע'ן אַ האַק געטהאָן אין האַרצען. ער האָט מיט זיך דאָס גאַנצע געלד. טאָמער, חלילה וחס... מאַלע ווער...

און ער האָט אַ צוטומעלטער זיך געלאָזט לויפען פון'ם וועלדעל. ערשט, ווען ער האָט דערזעהן פון דער ווייטענס דאָס הויז, וואו ער האָט געוואָהנט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אומגעקוקט זיך אַהינ־טער. קיינער איז איהם ניט נאָכגעלאָפען. ער האָט אָפּגעצויגען דעם אָטהעם, אַ טאַפּ געטהאָן דאָס געלד אונטער'ן בוזים און איז ווידער אַוועק טריט ביי טריט, סאָפּענדיג שווער.

די אַלטע פרומע אין שוין אויף געווען און האָט צוגעגרייט דעם פריהשטיק. אויפ'ן טיש זיינען שוין געשטאַנען די גלעזער פאַר טהעע.

ווען זי האָט איהם דערזעהן, האָט זי זיך אָפּגערופען:

— זעה נור, און איך האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט נאָך.

— איך האָב שוין אָפּגעדאַווענט אויך — האָט ער געזאָגט און זיך אָפּגעווישט מיט דער לענג פון'ם אַרבעל דעם שוויים פון'ם שטערען.

— וואָס האָסטו זיך געאיילט, מיין זוהן? היינט האָסטו דאָך, דאַנקען גאָט, זיך געקענט פערגינען צו שלאָפען אַביסעלע שפּעטער?

— איך האָב גענוג געשלאָפען. נעכטען האָב איך אַ פּאָאַר שעה ביז מנחה געשלאָפען און נאָך מעריב האָב איך זיך באַלד געלייגט...

— נו, צו געזונד זאָל דיר זיין, מיין זוהן... וואו ביזטו געווען?

— איך בין זיך אַביסעל דורכגעגאַנגען... איך טראַכט אַלץ, מאַמע, וואָס טהוט מען איצט?...

— וואָס מיינסטו, מיין זוהן?

— איך מיין, צי זאָל איך ווייטער האַנדלען מיט „ריעל עסטייט", צי זאָל איך זיך גאַר אַ ביזנעס קויפען, וואָס איז דיין עצה, מאַמע?

— מיין עצה איז, דו זאָלסט זיך בעסער קויפען אַ ביזנעס, מיין זוהן. פּינע איז אַפילו אַ הולטיי, אָבער שכל האָט ער. ער זאָגט, אַז איך זאָל דיר מעהר ניט לאָזען קריכען מיט געלד אין ריעל עסטייט.

אַרע האָט אַ דריק געטהאָן די אַקסלען.

— כ'וויים? — האָט ער אַרויסגערעדט פערטראַכט — אפשר איז פּינע גערעכט. אפשר האָט מיר איינמאָל אָפּגעגליקט און אַ צווייטען

מאָל, חלילה... א ביזנעס איז די זיכערסטע זאַך און עטעלע וואָלט מיר געקענט העלפען...

— אודאי וואָלט זי דיר געקענט העלפען. דו הערסט, אָרע? — האָט זי צוגעלעגט מיט א ווייכען טאָן — גאָט האָט דיר געהאָלפען, דארפסטו זי ניט לאָזען מעהר געהן אין שאָפּ, קוים וואָס זי זשיפּעט נעבאַך...

— איך האָב דאָך איהר נעכטען ביי נאכט געזאָגט, אז זי זאָל מעהר אין שאָפּ ניט געהן — האָט אָרע זיך אָנגערופען.

— נו, א דאַנק גאָט. קום, אָרע, צום טיש.

— דערווייל וועל איך היינט דאָס געלד אריינלעגען אין דער באנק, ביז איך וועל עפּעס א ביזנעס געפינען.

זי האָט איהם דערלאַנגט א גלאָז טהעע און געפרעגט:

— וועסטו עסען אן איי, אָרע? איך האָב זיך נעכטען ביינאכט פערגונען צו נעהמען א האַלב דוצענד אייער אויף היינט. אז גאָט האָט דיר געהאָלפען, מעגסטו זיך פערגינען אויפצועסען אן איי... ווי זאָל איך דיר זי מאַכען — א הארטע, אָדער א שמאַטקע?...

— איך וויל ניט, מאַמע, עס אליין, גיב עטעלען.

עטעל איז אריינגעקומען, קעמענדיג זיך די האָאַר. זי איז געווען בלייך און פערשלאָפען. די גאַנצע נאכט האָט זי ביז׳ן גרויסען טאָג געלעזען א ראָמאַן.

— גיכער, באָבע, א גלאָז טהעע. איך וועל פערשפּעטיגען אין שאָפּ — האָט זי געזאָגט.

— זאָלען מיינע שונאים געהן אין שאָפּ — האָט די אלטע געזאָגט מיט א גליקליכען שמייכעל — דו וועסט מעהר אין שאָפּ ניט געהן, עטעלע.

עטעלע איז געבליבען שטעהן פערוואונדערט און געקוקט דאָ אויף איהר טאַטען, דאָ אויף איהר באָבען. די אויפגעהויבענע האנד מיט דעם קאַם איז געבליבען ווי פערגליווערט אין איהרע האָאַר.

— טאַקע? — האָט זי צום סוף ארויסגערעדט.

— יא, יא, עטעלע, איך האָב דיר נעכטען געזאָגט — האָט אָרע זיך צו איהר אָנגערופען.

עטעלע׳ס פּנים האָט זיך מיט פרייד בעגאָסען.

— טאַקע? — האָט זי ווידער ארויסגערעדט — און איך האָב

געמיינט, און דו האָסט נעכטען געשפּאַסט... טאַטע, דו האָסט עפּעס אַ סך געלד געמאַכט?

— אז דו ווייסט דאָס ניט וויסען — האָט די אַלטע זיך אַ כאַפּ געטהאָן — מאַכט אויך ניט אויס, מיין קינד. אַבי דו זאָלסט אין שאַפּ ניט דאַרפען געהן ארבייטען.

— פון מיינטוועגען מעג ער מאַכען הונדערט מיליאָן מיליאָסען. איך פערגין דאָס איהם אודאי — האָט עטעל געזאָגט מיט אַ שטראַה־לענדען פּנים און האָט אַ טאַנץ געטהאָן — אוי, איך וועל היינט קע־נען שלאָפען! איך בין שלעפעריג. און דעם ראָמאַן וועל איך נאָך אויך קענען ענדיגען!... דערפאַר, טאַטע...

זי איז צוגעגאַנגען צו אָרע'ן און איהם אַ קוש געטהאָן. דער־נאָך איז זי צוגעלאָפען צו רייטשעל'ס צימער, האָט מיט התפּעלות אין דער טהיר אריינגעשריען: „רייטשעל, גוד באַי, שאַפּ!” און איז אוועקגעלאָפען צו זיך אין צימער מיט די ווערטער: „אויב אזוי, געה איך שלאָפען!”

די אַלטע פרומע האָט זי בעגלייט מיט די אויגען און איהר גאַנצער פּנים האָט געלויכטען און געשטראַהלט. דאַן האָט זי אויפ־געהויבען די הענד איבער'ן קאָפּ און ארויסגערעדט מיט געפיהל:

— געלויבט און גערדאַנקט זאָלסטו זיין דערפאַר, גאָט!...

אָרע האָט אויך צוטראָגען געשמייכעלט.

רייטשעל איז אריינגעקומען און האָט זיך געזעצט ביים טיש. זי האָט אויסגעזעהן אומעטיג און דערשלאָגען.

— וואָס מאַכט דיין קאָפּ, רייטשעל? — האָט פרומע אַ פרעג געטהאָן.

— אָלל־רייט — האָט רייטשעל ארויסגעמורמעלט — איהר האָט אַ גלאָז טהעע?

פרומע האָט איהר דערלאַנגט אַ גלאָז טהעע.

— דו געהסט היינט אין שאַפּ?

— יעס.

אָרע האָט זיך אויפגעהויבען און אריינגעגאַנגען אין קיך און האָט מיט אַ געהיימען קול אַ רוף געטהאָן זיין מאַמען.

און ווען זי איז אריינגעקומען, האָט ער זיך געווענדעט צו איהר מיט אַ שטילען קול:

— זי מוז זיין הפּנים גוט קראנק. שוין דער צווייטער טאָג ווי זי זיצט, ווי אן איינגעגראָבענע...

— מען הערט גאָר ניט פון איהר איצט קיין פּארע. גאָר זי ניט צו דערקענען — האָט די אלטע געזאָגט.

— גיה איהר, מאַמע, אַן איי...

— וואָס נאָך? — האָט די אלטע אויסגעשריען.

— אַ רחמנות, מאַמע, זי איז ניט געזונד...

— דערפאַר איז דאָך אַזוי שטיל אין הויז...

— מאַמע, מען דאַרף ניט זיין שלעכט.

— וואָס שלעכט? מיר וועלען איצט אין גאַנצען אויסקומען אָהן איהר.

— מאַמע, גאָט האָט אונז געהאָלפען, עטעלע האָט אויפגעהערט צו געהן אין שאָפּ און זי איז דאָך אויך... אַ מיידעל... אַ... אַ טאַ־טען'ס אַ קינד — האָט ער געזוכט ווערטער — איז אויף איהר אויך אַ רחמנות. גיב איהר, גיב איהר אַן איי...

— מילא, זאָל זיין ווי דו זאָגסט — האָט פרומע צום סוף ארויס־גערעדט — אפשר ביזטו טאַקע גערעכט, אפשר איז טאַקע אַ רחמנות אויף איהר. גוט, איך וועל איהר געבען.

זיי זיינען אריין צוריק אין עס־צימער. רייטשעל האָט שוין גע־האָט אויסגעטרונקען איהר גלאָז טהעע און זיך געקליבען אין שאָפּ צו געהן.

ווערסט עסען אַן איי, רייטשעל? — האָט פרומע געזאָגט, ווען זי איז אריינגעקומען.

רייטשעל האָט אויף איהר אויסגעגלאָצט איהרע גרויסע, שווארצע אויגען.

— עס אַן איי, דו ביזט ניט געזונד...

— וואָס זייט איהר מיט אַמאָל אַזוי גוט? — האָט רייטשעל ארויסגעמורמעלט.

— אַן איי, רייטשעל, קען ניט שאַדען — האָט אָרע זיך אריינ־געמישט.

— טהענק יו, — האָט רייטשעל שטיל געזאָגט מיט אַן אָר־מעטיגען שמייכעל און איז ארויס פון הויז.

— זי וויל ניט, דאַרף מען ניט — האָט פרומע זיך אָנגערופען.

— אַ רחמנות, זי איז נעבאַך קראַנק און דאַרף גהען אַרבייטען — האָט אָרע געזאָגט.

— פאַר וואָס האָט זי ניט חתונה, אַזאַ מויד? דאַמאָלס וואָלט זי ניט געדאַרפט געהן אַרבייטען — האָט פרומע פּלוצים זיך ווידער אַנגערופען.

— האַ? — האָט אָרע אַרויסגעמורמעלט — טאַקע אַ וואונדער...

און איהם איז מיט אַמאָל עפּעס אַזוי שווער געוואָרען אויפ'ן האַרצען, ער האָט אַליין ניט געוואוסט, ווארום.

שפּעטער איז ער אַרויס פון הויז מיט דעם פעסטען בעשלוס אַריינצוטראָגען דאָס געלד אין דער באַנק און אָנהויבען צו זוכען אַ ביזנעס.

עס איז געווען נאָך צו פריה, און כאָטש די באַנק איז נאָך ניט געווען אָפען, זיינען אַרום איהר שוין געשטאַנען אידען אין בעזונדערע קופּקעלאַך, אין קלענערע און אין גרעסערע, האָבען נערוועז געמאַכט מיט די הענד, געשריען, געליאַרעמט און געהיצט זיך. די הוט זיינען פערדרעהט געווען אויף די קעפּ, די אויגען אויסגעפּוטשעט, הענד און אַקסלען האָבען זיך בעוועגט און אין דער פריהלינגס לופט האָט זיך געטראָגען אַ געמורמעל, ווי ביי אַ פּאַניק. זיי אַלע האָבען גערעדט וועגען „לאָטס“, „פּאַרסעלס“, אַלץ וועגען „ריעל עסטייט“ און וועגען דער צוקונפט פון בראַנזוויל...

אָרע איז צוגעגאַנגען צו איין קופּקע, דאָרט איז געשטאַנען סעמקע מיט אַ נייער קעפּקע אויף אַ זייט קאָפּ, אַ קעפּקע, פּונקט ווי ביי סאַמועלסאָן'ען, האָט זיך געדרעהט אויף די פיס דאָ אַהין און דאָ אַהער, דאָ צו איינעם און דאָ צו אַן אַנדערען און געקאָכט זיך, און געשריען, און די אידען אַרום איהם האָבען זיך אויך אַזוי געקאָכט און געליאַרעמט ווי ער.

— גיט מיר הונדערט „לאָטס“ אויף פּיטקין עוועניו און איך צאָהל גלייך צו צוויי טויזענד דאָלאַר אַ „לאָט“! — האָט געשריען סעמקע.

— און איך צאָהל דריי! — האָט געשריען אַ צווייטער.

— אַ „לאָט“ אויף פּיטקין עוועניו איז ווערטה פיער טויזענד! — האָט געשריען אַ דריטער.

— פיער טויזענד — האָט זיך סעמקע א כאַפּ געטהאָן צו יענעם — און פארוואָס ניט פינף? און פארוואָס ניט זעקס? איך צאָהל גלייך פינף טויזענד, גיט מיר כאָטש הונדערט לאָטס אויף פיטקין עוועניו...

דערביי איז געשטאַנען חיים זיסע פליוך. א נידעריג בּרייט אידעל מיט א געל, שפּיציג בערדעל און רויטע, „פּאדשליאפּעטע“ אויגען, וועלכער האָט ביז מיט א פּאָאר וואכען צוריק פערקויפט פיש אויף א וועגעל אין בעלמאָנט עוועניו. ער איז איצט אויך געווען איינער פון די „ריעל עסטייטניקעס“. „פליוך“ האָט מען איהם גערופען אויס העפ־ליכקייט. אז מען איז אין כעס געוואָרען אויף איהם, האָט מען איהם גערופען פּשוט'ער, מחמת דעם גרויסען גלאַנציגען פּליך אויף זיין קאָפּ. אז ער האָט דערהערט, וואס פאר א פּרייז סעמקע באַט אָן פאר א „לאָט“ אויף פּיטקין עוועניו, איז ער צוגעגאַנגען צו איהם און איהם אָנגענומען ביי אַן ארבעל:

— סעי, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב דריי „לאָטס“ אויף פּיטקין עוועניו, דריי. צו פינף טויזענד פערקויף איך, צו פינף...

— הא? — האָט זיך סעמקע א דרעה געטהאָן און איהם אָנגע־קוקט.

— צו פינף טויזענד, צו פינף. דריי לאָטס, דריי. — האָט חיים־זוסע ווידער געזאָגט.

— דריי? — האָט סעמקע ארויסגעמורמעלט עטוואס צומישט. באַלד אָבער האָט ער זיך א כאַפּ געטהאָן און געזאָגט מיט זיכערקייט אין זיין קול:

— דריי איז גאָר נישט. גיט מיר פופציג, הונדערט „לאָטס“, מיט קליינינקייטען לוינט זיך מיר ניט צו פערנעהמען.

און ער האָט זיך אוועקגעדרעהט פון איהם און איז שנעל אריבער צו א צווייטער קופּקע, צווישען וועלכער יאכנעטשיק איז אויך געשטאַ־נען, און באַלד האָט זיך ווידער דערהערט זיין קול...

צווישען א דריטער קופּקע איז געשטאַנען סאַמועלסאָן און אויך גערעדט. דער קלאַנג פון זיין אָנגענעהמען באריטאָן האָט זיך דורכ־געריסען דורך דעם ארומיגען טומעל. אָרע איז צוגעגאַנגען נעהענטער. סאַמועלסאָן האָט גערעדט:

— מיר וועלען עס אויסרייניגען פון מאסקיטאס, פון זומפען. מיר וועלען פערשיטען די גריבער, מיר וועלען ארונטערשאבען די בערגלאך, אויסלייגען נייע געאספאלטע סטריטען. די אלע דאזיגע וויסטע געגענדען ביז קאנארסי וועלען בעלעבט ווערען מיט שענע סטריטען, שענע הייזער. מענשען וועלען ניט פעהלען. נייע קארס וועלען לויפען. די קאר קאמפאניע טראכט שוין וועגען דעם...

און הערענדיג איהם, האבען זיך פאר ארע'ס אויגען געטראגען די אלע וויסטע געגענדען, וועלכע ער האט געקענט, מיט זייערע טהאלען, גריבער און זומפען, מיט זייערע מאסקיטאס, בייזע הינט און שלעכטע שקצים. און ער האט געזעהען ווי דאס אלעס ווערט פערשאטען און פערטריבען, פערבויט מיט שענע הייזער און בע־פעלקערט מיט רוהיגע, עהרליכע מענשען, אהן הינט און אהן שלעכטע שקצים. ער האט געגלויבט אין דעם, וואס סאמועלסאן האט גערעדט. סאמועלסאן איז געווען א לאיער, און א לאיער ווייסט, מסתמא, וואס ער רעדט. וויעדער, ווען ניט סעמועלסאן, וואלט ער דען איצט געהאט אזא פערמעגען?...

ער האט א טראכט געטהאן: „טאמער וואלט איך פארט ווייטער געהאנדעלט מיט „ריעל־עסטייט“?...“

די באנק האט זיך געעפענט, און אלע האבען זיך האסטיג א ווארף געטהאן צו דער אריינגאנגס־טהיר. ארע האט זיך אויך א לאז געטהאן אהין.

פלוצים האט איהם אימיצער א שלעפ געטהאן פון הינטען. ער האט זיך אומגעקוקט—ערשט, יאכנעטשיק.

— ר' ארע, איך דארף אייך — האט יאכנעטשיק געזאגט — איך האב געוואלט געהן צו אייך מיט חיים־זוסע פליוך. א שטיקעלע ביזנעס...

ער איז מיט איהם אבגעגאנגען אן א זייט און האט א רוף געטהאן חיים־זוסע'ן, וועלכער האט זיך דארט געשטופט הינטער די אנדערע ביי דער טהיר פון דער באנק.

חיים־זוסע איז צוגעגאנגען צו זיי.

— אט, ר' חיים־זוסע, איך דערצעהל ר' ארע'ן וועגען דעם „פאר־סעל“ — האט איהם יאכנעטשיק ערקלערט.

— נו, וויל ער?

— ער וועט שוין וועלען. היינט איז ער שוין קליגער ווי נעכטען. ניט אזוי, ר׳ ארע?...

אין ארע׳ס נשמה, וועלכע איז נאך געווען אונטער דעם איינדרוק פון סאמועלסאָן׳ס ווערטער, האט זיך איצט א ריהר געטהאָן א געפיהל, וואס ער האט נאך ביז אהער ניט געקענט, דאס געפיהל, וואס איז אזוי גוט בעקאנט קארטען־שפּיעלער און שפּעקולאנטען. ער האט שטיל געפרעגט:

— וואס איז דאס פיר א „פארסעל״?

— איך האב איהם נעכטען דערשמעקט, האב איך — האט חיים־זוסע זיך א כאפּ געטהאָן — עס שטעהט אין איהם גאלד צו מאכען, שטעהט אין איהם. א גרויסער „פארסעל״, א גרויסער. איך דארף נור זאגען סאמועלסאָן׳ען אדער דאקטאר זילבערשטיין׳ען, דארף איך נור, כאפּט מען איהם אוים, כאפּט מען...

— נו זאָלען מיר איהם קויפען — האט ארע זיך אנגערופען — וויפיעל געלד דארף מען?

— א צוואנציג טויזענד דאלאר. גלייך נור זעקס — האט יאכנעטשיק זיך אריינגעמישט — יעדער פון אונז צו צוויי טויזענד.

ארע האט א טראכט געטהאָן. „צוויי טויזענד. וועלען זיך ביי מיר נאך אלץ אפּשטעלען פּופצעהן הונדערט... זאל איך?״

דערנאך האט ער א פרעג געטהאָן:

— וואו איז דער „פארסעל״?

— א פארם — האט יאכנעטשיק געענטפערט.

— א פארם גאר? וואו?

— דא, דערביי, מיר וועלען אייך ניט זאגען, וואו דאס איז...

— אבער וואס טויג אונז א פארם? — האט ארע ארויסגערעדט פערוואונדערט.

— באלד וועט דארט מעהר קיין פארם ניט זיין, באלד — האט זיך חיים־זוסע מיט אמאל צוהיצט — איהר פערשטעהט ניט קיין ביזנעס, פערשטעהט איהר ניט, זאלט איהר מיר מוחל זיין, זאלט איהר. מיר וועלען די פארם צושניידען אויף „לאטס״, וועלען מיר. יעדען „לאט״ וועט מען פערצוקערען, יעדען „לאט״, ווייל די פארם איז דא דערביי, די פארם...

אָרע האָט זיך פערטראַכט. ער האָט ארויסגערופען אין זיין געדעכעניש די אַלע נאָהענטע פארמס, וועלכע ער האָט געקענט, און זיך בעמיהט צו טרעפען וועלכע פארם זיי מיינען.

אין דיעזער צייט איז צו דער באנק צוגעפאָהרען דאָקטאָר זיל־בערשטיין אויף א וועגעל. ער איז אריין אין באנק און באלד צוריק ארויס מיט א פערהאַוועטער מינע. צוגעהענדיג צו זיין וועגעל, האָט ער זיך פּלוצים אומגעדרעהט צו חיים־זוסע'ן, אזוי ווי ער וואָלט איהם ערשט בעמערקט, און זיך אָנגערופען מיט זיין קאַרטאַווען קול:

— העללאָ, מיסטער חיים־זוסע! ווי געהט עס?

— פיין, דאָקטאָר, פיין! — האָט חיים־זוסע געענטפערט און אויף זיין פּנים האָט זיך צוגאָסען א מינע פון דרך ארץ.

— האָט איהר נאָך אייערע „לאָטס“ אויף פּיטקין עוועניו?

— יאָ, דאָקטאָר, — האָט חיים־זוסע געענטפערט און איז צוגע־גאַנגען צו איהם.

— פאַרוואָס ווילט איהר מיט מיר ניט האַנדלען, מיסטער חיים־זוסע?

— איך וויל דען ניט, איך?...

— נעהמט דריי טויזענד. קיינער וועט אייך מעהר ניט געבען.

— ניט ווייניגער פון פיער, דאָקטאָר, ניט ווייניגער... אין א וואָך ארום וועלען זיי ווערטה זיין פינף, אין א וואָך ארום...

דאָקטאָר זילבערשטיין האָט ביטרע א שמייכעל געטהאָן און פּלוצים ארויסגערעדט אויף דייטש:

— זי זינד דום, ווי איין שעפּס, מיין הערר!

ער איז ארויפגעקראָכען אויפ'ן וועגעל און האָט צוגעלעגט מיט פעראכטונג אין זיין קול:

— וואָס ווייסען זיי פאָן ריעל עסטייט. זיי ברויכען האַנדלען מיט פיש!

חיים־זוסע האָט געקוקט אויף איהם און צומישט געשמייכעלט.

— אָבער דאָקטאָר, — האָט ער געמורמעלט. — זיי ברויכען ניט זיין אין צאָרן, אָבער...

— אָלל רייט — האָט דאָקטאָר זילבערשטיין ווידער געזאָגט אין מאַמע־לשון — איך וועל אייך געבען פינף און דרייסיג, ליעגט מיר אין דער אדמה!

— פיער, דאָקטאָר, פיער, — האָט חיים־זוסע געשמייכעלט.

— איהר האָט דאָך בעצאָהלט פופצעהן הונדערט דאָלאר א „לאָט“. איז אייך נאָך וועניג פערדיענסט?

— אָך, ליעבער דאָקטאָר, ליעבער, וואָס פערגינט איהר מיר ניט, וואָס?...

— געהען זיי צום טייפעל! — האָט דאָקטאָר זילבערשטיין א געשריי געטהאָן, און האָט א טרייב געטהאָן דעם פערד.

חיים־זוסע האָט א ציטער געטהאָן פון זיין געשריי און איהם נאָכגעקוקט מיט א צומישטע מינע אויפ׳ן פנים. באַלד אָבער האָט דאָקטאָר זילבערשטיין ווידער אָבגעשטעלט זיין פערד און א מאַך געטהאָן מיט דער האַנד צו חיים־זוסע׳ן. חיים־זוסע איז צו איהם צוגעלאָפען.

— אָלל־רייט, איך נעהם צו אייערע „לאָטס“, — האָט דאָקטאָר זילבערשטיין געזאָגט — קומט שפּעטער צו מיר אין אָפיס, איהר וועט קריגען א טשעק.

און ער איז אוועקגעפאָהרען.

חיים־זוסע האָט זיך צוריקגעקעהרט צו אַרע׳ן און יאַכנעטשיק׳ן מיט א שטראַהלענדען פנים.

— פאַרט איהם פערקויפט, פאַרט — האָט ער געזאָגט. — בייזערט זיך, אָבער ער האָט בעצאָהלט, אָבער...

— מיט די חולאים איז ער אויך אַזוי — האָט זיך יאַכנעטשיק אנגערופען. — שרייט אויף זיי ווי א משוגע׳נער, אָבער א גוטער דאָקטאָר איז ער, וואָס אמת איז אמת...

— יעדער גוטער דאָקטאָר איז א משוגע׳נער — האָט אַרע בעמערקט.

— הקיצור, וואָס בלייבט?—האָט דערנאָך זיך אַנגערופען יאַכנעטשיק. — ווילט איהר זיין א פּאַרטנער צום „פּאַרסעל“, ר׳ אַרע? אַניט וועלען מיר אריינגעהמען סעמקע׳ן.

אַרע האָט א ווייל געשוויגען. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— מילא, איהר שטעלט דאָך אויך איין. גוט...

דעם אייגענעם אויף דער נאַכט, ווען ער איז געקומען אהיים, האָט ער דערצעהלט זיין מאַמע׳ן, אַז ער האָט אָפּגעקויפט מיט שותפים א פאַרם ביי א בעקאַנטען גוי און מען באַט זיי שוין צעהן טויזענד

דאָלאַר פּערדיענסט. ער האָט געוואָלט פּערקויפען, אָבער די שותפים זיינע ווילען דוקא צוואַנציג טויזענד דאָלאַר פּערדיענסט. ביי דער אַלטער פרוי האָט זיך אַזש דער קאָפּ פּערדרעהט, ווען זי האָט דער־הערט, וויפיעל פּערדיענסט מען באַט איהם.

— פּערקויף, מיין זוהן, פּערקויף, — האָט זי קוים אַרויסגעשטאַ־מעלט — מען קען נאָך חרטה האָבען. דאַנק גאָט דערפאַר... אַי! אַי! אַי! — האָט זי געמורמעלט — מען זאָל נאָר ניט חרטה האָ־בען... סטייטש, אַזוי פיעל גאָלד. אַי! אַי! אַי!... אַי! מיין מח קען דאָס גאָר ניט פּערנעהמען!...

און אין אַ וואָך שפּעטער איז ער איינמאָל געקומען אַהיים און האָט קוים געקענט ריידען פאַר אויפרעגונג. זיי האָבען פּערקויפט זייער „פּאַרסעל" צו אַ ריעל עסטייט קאָמפּאַניע מיט אַ פּערדיענסט ניט פון צוואַנציג טויזענד, נאָר פון דרייסיג..

יענעם פאַרנאַכט האָט ער געלאָזט רופען צו זיך אַ שניידער און בעשטעלט ביי איהם אַ גוטען אַנצוג פאַר זיך, דעם ערשטען גוטען אַנצוג כמעט אין זיין גאַנצען לעבען. און זיין מאַמע'ן און עטלען האָט ער אויך געלד געגעבען אויף נייע קליידער. און צו רייטשלען איז ער דאַן צוגעגאַנגען, וועלכע איז נאָך אַלץ צו זיך ניט געקומען, און איז די גאַנצע צייט געזעסען ביי זיך אין'ם צימער שטיל, ווי אַ טויב, גאָר ניט ווי רייטשעל, — איז ער דאַן צו איהר צוגעגאַנגען און גע־זאָגט:

— רייטשעל, טאָמער ביזטו ניט געזונד, געה ניט אַרבייטען, רוה זיך אויס. איך וועל דיר ניט רעכענען קיין געלד.

זי האָט איהם נור געענטפערט:

— אַה, לאָזט מיך צורוה!... האָט אָוועקגעדרעהט דעם קאָפּ פון איהם און זיך שטיל צו־וויינט...

---

.12

## די איבערקעהרעניש ביי אָרע'ן אין הויז.

צוויי חדשים זיינען אוועק, אין אָרע'ס לעבען, ווי אין דעם לעבען פון זיין הויז־געזינד איז פארגעקומען אַ גאַנצע איבערקעהרעניש, ווי דורך אַ כשוף.

עטעל האָט פלוצים געקראַגען אַ „פּריצישען יצר הרע", ווי פּינע האָט זיך אויסגעדריקט. זי האָט געשלאָפען שפּעט, געגייהט זיך יעדע וואָך אַ נייע קלייד, איז כמעט יעדען טאָג געפאָהרען אין קוני איילאנד זיך באָדען, האָט גערעדט וועגען אריינציהען אין אַ נייע, שענע וואָהנונג, אריינגענומען אַ פּיאַנאָ אין הויז און האָט געצימבעלט אליין, אי מיט אַ פּיאַנאָ־לעהרערין. מיט איהרע פריהערדיגע אָרימע פריינ־דינען, מיט וועלכע זי האָט אין'ם שאָפּ געארבייט, האָט זי זיך איצט מעהר ניט געוואָלט טרעפען. עס איז איהר ניט אָנגעשטאַנען צו חבר'ן זיך מיט זיי. זי האָט זאגאר אויסגעמיעדען די גאַס, וואו דער שאָפּ איז געשטאַנען, ווייל עס האָט זיך איהר געדוכט, אז ווי נור זי וועט זיך דארט בעווייזען, אזוי גלייך וועלען אלע איהרע בעקאַנטע ארבייטער און ארבייטערינען ארויסלויפען פון'ם שאָפּ מיט אַ געשריי: „העללאָ, עטעל!" זי האָט אויך איצט אויסגעמיעדען די יונגע לייט, מיט וועלכע זי פלעגט פריהער גערן אַמאָל ארויסגעהן, אפילו אזוינע, וואָס זיינען איהר פריהער שטארק געפעהלען געוועזן, ווייל זיי אלע זיינען געוועזן אָרעמע ארבייטער און ניט וועגען אזוינע האָט זי איצט גע'חלום'ט... זי האָט געוואוסט, אז איהר טאַטע וועט איהר איצט קאָנען געבען אַ סך נדן. רייטשעל אליין איז פערבליעבען פון אלע איהרע פריהערדיגע פריינדינען, מיט וועמען זי האָט איצט אַמאָל גערעדט, מיט וועמען זי האָט זיך איצט אַמאָל מיישב געווען וועגען אַ נייע קלייד, הוט און נאָך אזעלכע זאכען. זי, רייטשעל, האָט שוין איצט ניט געוואוהנט ביי זיי. נאָך מיט אַ מאָנאַט צוריק, באַלד ווי זי האָט זיך בערוהיגט, האָט זי ארויסגעצויגען צוריק צו איהר שוועסטער. ערשטענס, ווייל זי האָט איינגעזעהן, אז זי איז איצט אַן איבעריגע אין דעם פלוצים רייך־געוואָרענעם הויז און

אויב זי וועט אליין ניט ארויסציהען, וועט מען איהר הייסען ארויסציהען; און, צווייטענס, ווייל די לעצטע צייט האָט זיך סעמקע ווידער גענומען ווייזען ביי אָרע'ן אין הויז, און ווי ליעב זי האָט איהם ניט געהאַט, איצט, נאָך יענער נאַכט, אפשר נאָך מעהר ווי פריהער, ווייל גאַנץ אָפט האָט די ערינערונג אָן יענער נאַכט איהר בלוט אָנגעצונדען און איהר מוח פער'שיכור'ט, — האָט זי דאָך ביי זיך אָפּגעמאַכט, אויסצומיידען איהם, אנטלויפען פון איהם. אָבער אזוי גיך, ווי זי האָט אריינגעצויגען צו איהר שוועסטער, האָט זי אָנגעהויבען צו בענקען נאָך אָרע'ס הויז און גענומען געהן אהין. זי האָט זיך געזוכט איינצורערען, אַז דאָס ציהט זי אזוי אהין דאָס בענקעניש נאָך עטלען; אין דער אמת'ען אָבער, האָט זי אהין געצויגען א געהיימער, פערבאָרגענער וואונש, וואָס האָט זיך געצאַפּעלט טיעף אין אַ ווינקעלע פון איהר נשמה, איהם דאָרט צו טרעפען, סעמ'קען, איהם צו זעהן, זיין קול צו הערען; און יעדעס מאָל, ווען זי איז פון דאָרט אוועק און איהם ניט געזעהן, האָט זי געפיהלט אזא בענקעניש, אזאַ אומעט... צוליב עטלען אליין וואָלט זי אהין איצט גיכער ניט געגאַנגען. זייט זי איז געוואָרען אַן אנדער עטעל, זייט איהר טאַטע איז רייך געוואָרען און זייט זי, עטעל, האָט אָנגעהויבען ארויסצוּווייזען איהר גדלות, האָט רייטשעל זי פיינד בעקומען. זי האָט עטלען מקנא געווען די שענע קליידער, דעם רייכען טאַטען, די שענע טרוימען, וועלכע זי האָט זיך איצט געקענט פערגינען. זי האָט אינסטינקטיוו גענומען פיהלען ווי אַן אבגרונד האָט זיך פּלוצים צווישען זיי געעפענט, וואָס איז מיט יעדען טאָג אַלץ ברייטער און טיעפער געוואָרען, וועלכער האָט זיי מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר און מעהר דערווייטערט איינע פון דער אנדערער — דאָס אָרימע שאַפ־מיידעל פון דער רייכער מיידעל... דאָס האָט זי געגריזשעט. דאָס האָט זי אָנגעפילט מיט קנאה און פערבאָרגענער פיינדשאפט צו עטלען. זי האָט אָבער די דאזיגע פיינדשאפט עטלען אָפען ניט ארויסגעוויעזען. פערקעהרט, וואָס מעהר די קנאה האָט איהר הארץ געגריזשעט, אַלץ פריינדליכער האָבען איהרע ליפּען געשמייכעלט צו עטלען, אַלץ מעהר פרייד האָט זי אויסגעדריקט מיט עטעל'ס נייע קליידער און אַלץ מעהר אויפמערקזאמקייט האָט זי כלומרשט ארויסגעוויזען אלסדינג, וואָס יענע האָט גערעדט און געטהאָן. נור פון צייט צו צייט האָט זי ניט

אויסגעהאַלטען און איהרע אמת'ע געפיהלען יענער ארויסגעוויזען, אַמאָל מיט א שטעך־ווערטעל, אַמאָל מיט אַ בייזען קוק פון איהרע פייערדיגע אויגען און אַמאָל מיט אַ שמייכעל פון גאַל. זי האָט זיך דאָן אָבער גלייך פערכאַפּט און דאָס געזוכט צו פערגלעטען מיט אַ חניפה'לע, מיט אַ קוש... אַ סך מאָל האָט זי פערלאָזען עטלען מיט דעם געדאַנק, ניט צו געהן מעהר צו איהר. עס זיינען אבער אוועק אַ פּאָאָר טעג, סעם'קעס געשטאַלט פלעגט אַ שוועב טהאָן פאַר איהר, יענע נאַכט פלעגט אויפלעבען פאַר איהר, און דאָן איז זי ווידער געגאַנגען צו עטלען און ווידער האָט זי זיך געזוכט איינצורייִדען, אַז זי בענקט נאָך עטלען, אַז זי האָט זי באמת ליעב, נור קען אַמאָל ניט פערטראָגען די פליעגען וואָס יענע האָט אין דער נאָז געקראָגען...

זי האָט זיך אַזוי עפּעס ווי בעמיהט, ניט צו פיהלען יענעם גע־היימען, פערבאָרגענעם וואונש אין איהר נשמה, צו טרעפען דאָרט סעם'קען, צו זעהן איהם כאָטש פון ווייטען. און פאַר דעם אומעט און די שווערקייט, וואָס זי האָט געפיהלט, בעת זי האָט איהם דאָרט ניט געטראָפען, האָט זי איננאַנצען בעשולדיגט עטעל'ס „פליעגען אין נאָז". נור אַ פּאָאָר מאָל האָט זי איהם דאָרט געזעהן: איינמאָל, בעת זי איז געזעסען מיט עטלען אויפ'ן גאַניק, איז ער דאָן צוגעפאָהרען אויף אַ וועגעל צום הויז — ער איז שוין צופוס מעהר ניט געגאַנגען, האָט געהאַט זיין אייגענעם שעהן וועגעל און פערד — דאָן האָט דאָס בלוט איהר אין פּנים אַ זעץ געטהאָן, זי האָט זיך אָנגעצונדען פלאַם־פייער און דעם קאָפּ פון איהם אוועקגעדרעהט. ער האָט זי דערזעהן, איז ער ווי צומישט געוואָרען, און פון'ם וועגעל ניט ארונטערגעקראָכען, האָט קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט, האָט אַ שמיץ געטהאָן דעם פערד און איז שנעל אוועקגעפאָהרען. און אַ צווייטען מאָל האָט זי איהם בעגעגענט, ווען ער איז ארויס פון אָרע'ס הויז. זיי האָבען זיך דאָן געטראָפען פּנים צו פּנים און ביידע זיינען דאָן אויף אַ רגע שטעהן געבליעבען ווי איינגעגראָבענע, און ביידע האָבען זיך דאָן אַ כאַפּ געטהאָן צוריק ווי פון איין שטוים געטראָפען, און ער איז ארונטערגע־לאָפען פון'ם גאַניק, און זי האָט נאָך אַ היבשע צייט ניט געקענט קומען צו זיך. קענטיג געווען, אַז ער האָט זי אויך אויסגעמיעדען.

די אַלטע פרומע האָט שוין אויך אַזוי שווער ניט געאַרבייט. צו דער שטוב־אַרבייט האָט מען אריינגענומען אַ פּוילישע שיקסע

פאר צוועלף דאלאר א חודש. די אלטע האט נור געקאכט און אכטונג געגעבען, אז די שיקסע זאל עפעס ניט טריף מאכען און אז עס זאל צופיעל ניט אוועק אין ניוועץ. די זאקען האט זי נאך אלץ, ווי פריהער, געצירעוועט אויף א גלאז און די אלטע העמדער געלאטעט. נור די שווערע ארבייט אין הויז, ווי שייערען, וואשען און סקראבען, האט זי מעהר ניט געטהאן. זי האט איצט געקראגען גענוג געלד אויף דער הוצאה, האט זי פונדעסטוועגען געקארגט און געשפארט, פיעל זי האט נור געקאנט. אמת, זי האט יעדען טאג געקאכט שבת'דיגע מאכלים און דאן האט זי ביים טיש זיך געווענדעט צו ארע'ן און עטלען מיט א שטראהלענדיגען פנים: „עסט, קינדערלאך, עסט, האט הנאה, איהר האט גענוג געהונגערט אויף אייער לעבען. דאנקען גאט, ביי אונז עסט מען היינט ווי ביי אלע גבירים!“ — נור ווען זי איז ארויס־געגאנגען איינקויפען די פראוויזיאן פיר דאס הויז, האט זי איצט אויך געדונגען זיך ווי פריהער מיט דעם קרעמער, און ארונטערדינגען א פעני איז ביי איהר איצט אויך געווען א קרן... דערפאר אבער האט זי איצט מיט א בעזונדערע שמחה געגעבען א נדבה אן ארעמאן, און שוין א פאאר מאל אוועקגעשיקט עטליכע רובל צו איהרען אן ארעמען ברודער אין רוסלאנד. עס האט איהר אויך הנאה געטהאן, וואס עטעל קליידט זיך און פוצט זיך. א כלה־מויד דארף אויסזעהן שען. בכלל, האט זי געהאלטען, ווען ניט עטעל'ס מזל, וואלט איהר טאטע ארע געבליעבען נאך עד היום אן ארעמאן. עטלען איז אנגעשריעבען — האט זי גע'טענה'ט — צו נעהמען א לייטישען חתן, האט גאט געמאכט דעם „בום“ און איהר טאטען געהאלפען...

און איהר טאטע'ן האט טאקי גאט געהאלפען מיט יעדען טאג אלץ מעהר און מעהר. ער איז געבליעבען א „ריעל־עסטייטניק“, געווארען א שרייפעל פון דער גרויסער בום־מאשין און האט געשארט גאלד, פונקט ווי די אנדערע... וואס פיר א „פארסעל“ ער האט ניט געקויפט, צי אליין, צי מיט א פארטנער, און וויפיעל ער האט ניט געצאהלט — איז אלץ געווען א „בארגען“, א מציאה. מען האט דאס באלד פון איהם אפגעקויפט, צי סאמועלסאן, צי דאקטאר זילבערשטיין, צי יאכנעטשיק, צי סעמקע, צי חיים־זוסע פליוד, צי גאר איינע פון די נייע קאמפאניעס, וואס האבען זיך יעדען טאג געגרינדעט, און דאס האט איהם אריינגעבראכט נייע טויזענדער... קיין געלד האט די

„בומערס" ניט געפעהלט: די באנקען האָבען גענוג געלד געהאַט און זיי, די באַנקען, הייסט עס, זיינען געווען די הויפּט קראַפט, וואָס האָט געטריבען די רעדער פון דער בום־מאַשין אַלץ האַסטיגער און ווייטער... די פּרייזען אויף לאַנד־אייגענטהום האָבען זיך געהויבען און געשטיגען אַלץ העכער און העכער. פּלעצער, פיר וועלכע מען האָט געצאָהלט צו פינף הונדערט דאָלאַר, האָט מען אין א טאָג שפּעטער פערקויפט צו טויזענד און אין א וואָך שפּעטער — צו צוויי טויזענד דאָלאַר...

די נייע טויזענדער האָבען שוין ניט געמאַכט אַזאַ איינדרוק אויף אַרע'ן, ווי די ערשטע. אמת, ער האָט זיך געפרעהט מיט זיי, אבער איבערראַשט און צוטומעלט ווי די ערשטע האָבען זיי שוין איהם מעהר ניט. ער האָט זיי אריינגעקראַגען צו אַפּט און צו לייכט, דאָס זיי זאָלען איהם איבערראַשען. אגב, האָט ער נאָך ריכטיג גאר ניט אַ טראַכט געטהאָן וועגען זיין נייער לאגע, ניט אפּגעגעבען זיך קיין קלאהרע רעכנונג אין דעם, איז אינגאַנצען אריינגעטהאָן געווען אין דעם קויפען און פערקויפען די „פּארסעלס", און האָט זיך פון אין דער־פריה ביז פארנאַכט ארומגעפיהרט מיט די אנדערע ריעל־עסטייט־ניקעס, ווי א פער'כשופ'טער, אָדער נאָך ריכטיגער, ווי איינער, וואָס איז היינגעריסען אין קארטען־שפּיעל, אין וועלכען איהם „געהט"...

נור אַמאָל, בעת ער האָט אויף דער גאַס א אידישען פּעדלער בעגעגנט, האָט ער זיך ווי פון א טיעפען שלאָף א כאַפּ געטהאָן. דאַן האָט ער געטראַכט: „גאָטעניו הארציגער, איז דאָס טאַקי אמת?" און ער האָט זיך דעמאָלט דערמאָנט אָן זיין אייגענעם פּאַק סחורה, וואָס איז נאָך דאָרט געלעגען ביי איהם אונטער'ן בעט, און זיין הארץ איז איבערפילט געוואָרען מיט פרייד און דאנקבארקייט צו גאָט, און זיינע אויגען זיינען פערצויגען געוואָרען מיט טרעהרען. אין אַזאַ צייט האָט ער אַלע מאָל געוואָלט צוגעהן צום פּעדלער, קויפען ביי איהם עפּעס און בעצאָהלען איהם צעהן מאָל אַזוי פיעל, פיעל ער וועט בעטען. נור עפּעס האָט איהם דאַן צוריקגעהאַלטען דאָס צו טהאָן, א מין שאַם־געפיהל...

מען האָט זיך איצט פערהאַלטען צו איהם גאַנץ אַנדערש, ווי פריהער—מאַנכע פון זיינע נייע בעקאַנטע מיט דרך ארץ, און אַנ־דערע פון זיינע אַלטע בעקאַנטע, וואָס האָבען איהם ניט פערגונען, מיט

פערבארגענער שנאה. אין גאס האבען איהם מענשען געגריסט. אין זיין שוהל, וואו ער האט איצט אפט נדבות געגעבען, האט מען איהם מיט שענע עליות מכבד געווען, הגם אפט האט ער דארט אינסטינקטיוו געפיהלט שפאטישע בליקען הינטער זיין רוקען, און זאגאר געהערט בעמערקונגען, פון וועלכע עס איז איהם ניט אנגענעהם געווען. אין דער באנק האט מען איהם כבוד אפגעגעבען, און זיין איידעם פינע, וועלכער האט ביי איהם גאנץ אפט איצטער א גמילת חסד געכאפט, האט איהם גע'חנפ'עט. קיין אויפמערקזאמקייט אבער האט ער צו דעם אלעם ניט געשענקט: א רגע האט איהם דער כבוד אנגענעהם א קיצעל געטהאן, א רגע איז איהם אונאנגענעהם געווען פון א שפאטישען בליק, פון א פיינדליכער בעמערקונג, באלד אבער האט ער אן דעם פערגעסען און געטראכט ווידער וועגען זיין ריעל־עסטייט. וואו ער איז ניט געווען און וואס ער האט ניט געטהאן, ביי יעדער געלעגענהייט, צי ביי אן אנגענעהמער, צי ביי אן אונאנגענעהמער, איז שטענדיג זיין מוח איצט פול געווען מיט געדאנקען וועגען „ריעל־עסטייט", ווי דער מוח פון א קארטען־שפיעלער מיט געדאנקען וועגען א גוטער קארט...

---

.13

## א דאקטאר א חתן.

פרייטאג איז ער געקומען פאר־פריה אהיים, ווי בעשעפטיגט ער איז ניט געווען. אזוי האט ער זיך געפיהרט, בעת ער האט געפעדעלט און אזוי האט ער זיך איצט אויך געפיהרט. דעם שבת האט ער בעגעגנט, ווי ער איז געוועהנט געווען איהם צו בעגעגענען נאך אין זיין געבורטס־שטעדטעל. נור אין זיין שטעדטעל איז ער יעדען פרייטאג אין באד געגאנגען, און דא ניט. קומענדיג אהיים, האט ער פריהער, בעת ער האט געפעדעלט, זיך בעפרייט פון אלע וואכעדיגע זארגען און מחשבות, צוגעגרייט זיך צום שבת מיט א שבת'דיגען גוף און נשמה, אויסגעוואשען זיך הענד און פנים, די נעגעל פון די פינגער

זיך אַרונטערגעשניטען, איבערגעטהאָן זיך אין גאַנצען און „שיר־השירים" מיט אַ ניגון געלייענט. און אַזוי האָט ער דערפיהלט אין זיך און אַרום זיך דעם שבת־קודש. היינט אַבער, זינט ער איז געוואָרען אַ „ריעל־עסטייטניק", הגם ער האָט זיך צוגעגרייט צום שבת פונקט ווי פריהער, האָט ער זיין מוח ניט געקענט בעפרייען פון די וואָכע־דיגע מחשבות, און דער שבת קודש, ביז ער איז צוגעקומען צו אָרע'ס נשמה, האָט געמוזט שפרייזען איבער „לאָטס" און גאַנצע „פּאַרסעלס" און ערשט דאָן האָט ער דאָרט קיין רוה ניט געפונען... ער האָט זיך איינגעוואַשען און געטראַכט: „אפשר האָט מען געדאַרפט צונעהמען דעם „פּאַרסעל"? „וואוהין איז יאַכנעטשיק געלאָפען?" „וואָס האָט זיך סעמקע מיט חיים־זוסע פּליוך גע'סוד'עט?" ער האָט זיך גע־שניטען די נעגעל און געטראַכט וועגען דעם. האָט זיך איבערגעטהאָן און געטראַכט וועגען דעם. האָט געלייענט דעם „שיר־השירים" און געטראַכט וועגען דעם. געטרונקען דערנאָך טהעע און געטראַכט וועגען דעם. האָט זיך געזעצט אויפ'ן גאַניק און געטראַכט וועגן דעם.

מאַנכעס מאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן: סטייטש, אַז ער איז אַן אביון געווען, האָט ער זיך צום שבת קודש יאָ צוגעגרייט, די וואָכעדיגע דאגות און זאָרגען פערגעסען, און היינט, אַז גאָט האָט אויף איהם רחמנות געהאַט... וואָס טהוט זיך דאָס מיט איהם? — האָט ער דאָן געטראַכט מיט וועהטאָג און אַ ווייִלע זיך בעמיהט אַרויסצורופען אין זיך די פריהערדיגע שטימונג פון רוה און הייליג־קייט... אָבער טאַקע נור אַ ווייִלע. באַלד האָט ער זיך אָן דעם פערגעסען און ווידער האָט זיין מוח געאַרבייט: „לאָטס", „פּאַר־סעלס", סעמקע, יאַכנעטשיק, חיים־זוסע פּליוך, סאַמועלסאָן, דאָקטאָר זילבערשטיין, און פאַר זיינע אויגען האָבען זיך געצויגען שטרעקעס לאַנד, וואו טהאָלען ווערען פערשאָטען, בערגלאַך אַרונטערגעגראָבען און וועלדלאַך אויסגעהאַקט, וואו נייע גאַסען, פריש בעדעקט מיט אַס־פאָלט, טריקענען זיך אונטער דער זון און וואו נייאינקע ליכטיגע הייזלאַך ווערען מיט לעבען אָנגעפּילט...

וועגען דעם נור האָט ער איצט געטראַכט, דאָס נור האָט ער איצט פאַר זיך שטענדיג געזעהען... בלויז צייטענווייז, אַז ער האָט געטראָפען רייטשלען ביי איהם אין הויז, האָט ער עפּעס מיט אַ מין שווערער בענקעניש אַ טראַכט געטהאָן: „עט, וואָס איז די פּעולה.

נאָך געלד, נאָך געלד, אַז מ׳לעבט ניט!" און אמאָל: „אַי, ווען איך וואָלט געווען אינגער מיט אַ יאָהר צוואַנציג!"...

דאָס אָבער האָט ער געפיהלט און געטראַכט נור צייטענווייז... מעהר מאָל האָט ער זי גאָר ניט בעמערקט, ווי ער האָט ניט בעמערקט זיין ליעבסטע טאָכטער עטלען. געוועהנליך האָט ער איצט געלעבט, ווי שוין געזאָגט, כסדר ווי אין אַ חלום, ווי אַ פער׳כשוף׳טער...

איין מאָל — דאָס איז געווען אַ פרייטאָג אין מיטען אויגוסט — איז ער געזעסען אויפ׳ן גאַניק אַ פּאָר שעה פאַר ליכט־בענשען און האָט געקוקט מיט פער׳חלום׳טע אויגען אויף די מענשען, וואָס האָבען דאָרט אנטקעגען געגראָבען, אויף די שווערע פוהרען מיט ציעגעל, וואָס זיינען פאַרבייגעפאָהרען, און אויף די וועגען, וועלכע מען האָט מיט ערד אָנגעלאָדען ארום דעם פּלאַץ, וואו מען האָט געגראָבען. דער טאָג איז געווען זעהר אַ הייסער. ער איז געזעסען אָהן אַ ראָק, מיט אַ צושפּיליעטער וועסט, אין אַ יאַרמולקע, האָט זיך פון צייט צו צייט אָפּגעווישט דעם שוויים פונ׳ם שטערן און פונ׳ם נאַקען מיט׳ן אַרבעל פון העמד און שווער געסאָפּעט. יעדע ווייַלע האָט איהם אין אויער אַ זשומע געטהאָן אַ מאָסקיטאָ מיט איהר שטאָהלענעם זשוזשען און איהם אַ ביס געטהאָן. דאָס אָבער האָט איהם ניט געאַרט. ער איז שוין צוגעוואָהנט געווען צו דעם זשוזשען און בייסען פון די מאָס־קיטאָס, ווי יעדער אַלטער תושב פון בראָנזוויל. אין דער הייסער, שטיקענדער לופט האָט געשמעקט מיט וואַרימען לעהם און וואַרימער פאַרנאַנדערגעגראָבענער ערד.

אָרע האָט געטראַכט: אפשר איז דאָס געווען אַ נאַרישקייט פון איהם, וואָס ער האָט ניט געוואָלט זיין קיין שותף צו די דאָ־זיגע הייזער, וואָס מען האָט זיך איצט געשטעלט בויען. סעמקע און יאַכנעטשיק האָבען דאָס איהם פאָרגעלעגט. עס קען זיין, אַז זיי וועלען אין די הייזער פערדיענען געלד. אַ סך האָבען זיך איצט גענומען צום בויען נייע הייזער... וואָס הערט זיך דאָרטען?...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ קוק געטהאָן אין דער ריכטונג פונ׳ם וועלדעל. קיין סימן פון דונקעלען וועלדעל איז שוין מעהר ניט געווען. אַ פּלאַכע, ליכטיגע שטיק לאַנד האָט זיך דאָרט אונטער דער זון געפּרעגעלט און פוהרען זיינען דאָרט לאַנגזאַם געפאָהרען הין און צוריק, און מענשען מיט העק און גראָב־אייזענס האָבען זיך בעוועגט.

„אַ געוואַלד — האָט ער אַ טראַכט געטהאָן — ווי שנעל דאָס ווערט אַלץ געמאַכט אין אַמעריקאַ. ערשט מיט אַ חודש צוריק איז דאָרטען געוועזן אַ וועלדעל און היינט איז שוין קיין סימן פון אַ ביימעלע דאָרטען ניט פערבליבען. מען וועט בויען נייע הייזער. בראַנזוויל וועט טאַקע ווערען אַ כרך גדול“...

ער האָט דערהערט הינטער זיך שנעלע טריט. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזעהען עטלען. זי איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון דער גאַס מיט אַ צופלאַמט פּנים, אין אַ ווייסען קלייד מיט אַ בוקעט רויטע בלומען, צוגעשפּיליעט צו דער טאַליע, אין אַ גרויסען הוט מיט ווייסע פעדערען און אין ווייסע שיך. די באַקען האָבען ביי איהר געברענט און זי האָט אויסגעזעהן שטאַרק אויפגערעגט.

— פּאַפּאַ — האָט זי אַרויסגערעדט שטיל און פערסאָפּעט (די לעצטע צייט האָט זי איהם צוגעהויבען צו רופען „פּאַפּאַ“ אַנשטאַט „טאַטע“) — ווי געהסטו אַרום? מיין גאָט, ווי שעהמסטו זיך ניט?

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט תמ'עוואַטע אויגען.

— אַ מענש איז דאָ. גיה, טהו אָן דיין רעקעל און פערשפּילע זיך — האָט זי ווידער געזאָגט גאַנץ שטיל און איהרע אויגען האָבען געקוקט צומישט.

— האַ? ווער? — האָט ער אַרויסגערעדט, אומגעקוקט זיך, און פּלוצים דערזעהן אונטען פאַר זיך אַ הויכען יונגען מאַן מיט אַ קליין בלאָנד בערדעלע און אין ברילען. דער יונגער מאַן האָט אַרונטערגענומען דעם שטרויענעם הוט און זיך אַ נויג געטהאָן.

אַרע'ן האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ער האָט דעם דאָזיגען יונגען מאַן שוין אַמאָל ערגעץ־וואו געזעהען. ער האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צו עטלען:

— ווער איז ער? עפּעס אַ בעקאַנטער...

— דאָס איז דאָקטאָר הורקין — האָט זי אַרויסגעשעפּצעט שטאַרק נערוועז — גיה, טהו אָן דיין רעקעל, איך בעט דיך...

— אַ דאָקטאָר? וואָס טהוט ער עפּעס דאָ?...

— איי, גיה, פרעג ניט! — האָט זי זיך שיער צו־וויינט — גיה, טהו אָן דעם רעקעל און פערקאָם אביסעל די באָרד, האָב רחמנות... ער איז געקומען מיט דיר וועגען עפּעס ריידען...

— מיט מיר? עפּעס וועגען אַ „פּאַרסעל“?...

— ער וועט דיר שוין זאגען... געה, האב רחמנות...

—איך געה. רוף איהם ארויף אויפ'ן גאניק. וואס לאזטו איהם שטעהן דארטען? — קומט, זעצט זיך צו! — האט ארע זיך געווענדעט צום יונגען מאן — איך וועל באלד מיט אייך ריידען.

און ארע איז אריין אין הויז.

באלד איז דער יונגערמאן געשטאנען נעבען עטלע'ן, האט גע־האלטען איהר האנד, געקוקט פערליעבט איהר אין די אויגען אריין און געשמייכעלט.

איהרע באקען האבען נאך געברענט. זי האט געשמייכעלט פערשעהמט און געקוקט אויף איהם, אזוי ווי זי וואלט זיך אין עפעס געפיהלט שולדיג...

דערנאך האט זי זיך אנגערופען מיט אן אויפגערעגט קול, שמייכ־לענדיג פערשעהמט:

— מיין פאפא האלט ניט פון פוצען זיך... און ער האט זיך אויף אייך ניט געריכט אויך. ער ווייסט נאך פון גארניט.

— אפשר וועל איך איהם גאר ניט געפעלען?... ווי דענקט איהר: וועל איך איהם געפעלען? — האט ער ארויסגערעדט מיט א ווייך קול און א גלעט געטהאן איהר האנד.

איהרע באקען האבען זיך נאך מעהר צופלאמט. זי האט ארונ־טערגעלאזט די אויגען און ניט געענטפערט.

— און ווען איך זאל איהם ניט געפעלען, מאכט אויך ניט אויס — האט ער גערעדט ווייטער — אבי איך בין געפעלען דער, וועמען איך וויל געפעלען. א יא?... נו, ענטפערט... ענטפערט, ענטפערט — האט ער צוגעלעגט מיט ליעבע אינ'ם קול און אנגענומען זי ביי דער שפי־ציגער מארדאטשקע — ענטפערט, נו, נו!... און קוקט מיר אין די אויגען!...

זי האט א קוק געטהאן אויף איהם און שטיל געענטפערט:

— יעס, דאקטאר, יעס...

— וואס „יעס"... איך בין אייך ניט געפעלען?...

— ניין — האט זי א לאך געטהאן.

ער האט זיך אויך צולאכט:

— אי, אי, שוין, אזוי שנעל?... איהר האט דאך ערשט מיט א האלבע שטונדע צוריק... אי די פאלשע קושען פון די פרויען!...

פּלוצים האָט איהר פּנים אָנגענומען אַ קאָקעטישען אויסדרוק און זי האָט זיך אָנגערופען:

— זיי שמעקען אייך גאָר ניט!

און האָט דערביי קאָקעטיש אַ דרעה געטהאָן מיט איהר טאַליע.

— זיי שמעקען מיר שוין גאָר פיין — האָט ער געזאָגט און צו־גערוקט זיינע אויגען נאָהענט צו איהרע — בעזונדערס די פאַלשע קו־שען פון איינער, וועלכע האָבען מיך היינט אַזוי גליקליך געמאַכט... נאָך דיעזע קושען האָב איך געבענקט די גאַנצע צייט, זייט איך האָב זיך מיט איהר בעקענט אין קוני איילאַנד. גלייך ווי איך האָב זיך בע־קענט מיט איהר, האָב איך דערפיהלט, אַז זי האָט מיין הארץ אָוועק־גערויבט, זי, זי, די קליינע — האָט ער גערעדט אַלץ שטילער און שטילער, ביז ער האָט אָנגעהויבען צו פליסטערען, און געקוקט איהר אַלץ טיעפער און טיעפער אין די אויגען אריין: — היינט האָב איך דיעזע קושען ענדליך בעקומען צוזאַמען מיט דעם גליקליכען ענטפער... ווי ליעב איהר זייט, ווי ליעב, עטעל! — האָט ער געענדיגט מיט אַ פליסטערען און געדריקט איהר האַנד.

פון זיינע ווערטער האָט איהר דער קאָפּ געדרעהט, דאָס הארץ האָט אין דער ברוסט געטאַנצט און איהר גאַנצער פּנים האָט מיט גליקזעליגקייט געשטראַהלט.

זי האָט איהם געקענט ניט לאַנג. ערשט מיט פינף וואָכען צוריק האָט זי איהם צום ערשטען מאָל געטראָפען ביים ים אין קוני־איילענד מיט סעמקען. סעמקע האָט איהם דאַן איהר פאָרגעשטעלט. פון דע־מאָלט אַן האָט ער זי געטראָפען אַלץ אָפטער און אָפטער, כמעט יע־דעם מאָל, ווען זי איז געפאָהרען אין קוני־איילענד. ער האָט דאָרט געהאַט זיין אָפיס און נאָך די אָפיס־שטונדען איז ער אַלע מאָל גע־זעסען אויפ'ן זאַמד ביים ים און האָט געקוקט, ווי מען באָדט זיך. זי האָט איהם תמיד געטראָפען אויף דעם אייגענעם אָרט ביים ים, דאָרט וואו זי האָט זיך געבאָדען. האָט ער זי דערזעהן, האָט ער זיך גלייך אויפגעהויבען פון'ם זאַמד, העפליך ארונטערגענומען פאַר איהר דעם הוט און איז צוגעגאַנגען צו איהר. די ערשטע צייט האָט זי זיך געפיהלט מיט איהם ניט אנגענעהם. ער איז געווען אַ דאָקטאָר, האָט זי זיך ניט געטרויט מיט איהם צו ריידען, ווייל זי האָט מורא געהאַט אַז ער וועט באַלד דערשמעקען, ווי אונגעבילדעט זי איז. האָט

זי די ערשטע צייט טאַקע אַליין װעניג גערעדט, מעהר געשװיגען און געלאָזט איהם ריידען. שפּעטער אָבער האָט זי איינגעזעהן, אַז עס איז גאָר ניט אַזאַ קונץ צו ריידען מיט אַ דאָקטאָר — ער האָט גערעדט מיט איהר אַלץ װעגען געװעהנליכע זאַכען: װעגען װעטער, באָדען זיך, קוני־איילאַנד, װעגען די שענע און מיאוסע פּרויען, װאָס האָבען זיך דאָרט געבאָדען, — און זי איז געװאָרען ביי זיך דרייסטער. אין אַ װאָך שפּעטער איז זי געגאַנגען מיט איהם אין די דאָרטיגע אַמיוזמענט פּלעצער, האָט מיט איהם בעזוכט לונאַ פּאַרק, איז געפאָהרען מיט איהם אויף שיפּלאָך און דערנאָך האָט ער זי בעגלייט אַהיים אויפ'ן קאַר און זי אװעקגעפיהרט ביז צו איהר הויז.

קיין ערנסטען געדאַנק װעגען איהם איז איהר אָבער דאַן אַפילו אויפ'ן זינען ניט אַרויף. פּערקעהרט, ביי זיך אין'ם האַרצען האָט זי זיך אַפּט געװאונדערט, װאָס ער געהט מיט איהר אַרום, אַקוראַט װי זי װאָלט געװען זיין גלייכען. דאָך האָט זי װעגען דעם קיינעם ניט דערצעהלט, אַפילו רייטשעל'ען, פיר װעמען זי האָט זיך איצט ליעב געהאַט צו בעריהמען, אויך ניט.

אַזוי זיינען אַװעק אַ דריי װאָכען. דערנאָך האָט ער צו איהר אָנגעהויבען צו ריידען װעגען איהר שענקייט און קאָמפּלימענטען איהר געגומען געבען. און דרייסטע געדאַנקען האָבען זי דאַן אָנגעפאַנגען צו פּערפאָלגען: זי געפעלט איהם. ער איז פערליעבט אין איהר. אַניט װאָס לויפט ער איהר נאָך? װאָרום רעדט ער אַזוי צו איהר?

און דאָס האַרץ האָט זיך ביי איהר גענומען צאַפּלען.

און אין דער אייגענער צייט האָט זיך דאָס איהר גאָר ניט גע־גלויבט און, ליגענדיג ביינאַכט אויפ'ן בעט און צוהערענדיג זיך צו דעם קלאַפּען פון איהר האַרצען, האָט זי אָפּט געשאָקעלט דעם קאָפּ און געטראַכט: „מאַלע װאָס ער רעדט...ער מיינט דאָס ניט... ער קען דאָס ניט מיינען... אַ דאָקטאָר און איך בין ניט קיין פּרינצעסין... אַרע'ם אַ טאָכטער... מען טאָר זיך ניט איינריידען".

אָבער ביסלעכװייז האָט זי איהם גענומען גלויבען. ער האָט אַזוי שען צו איהר גערעדט, דאָס קיין צװייפעל האָט ניט געקענט מעהר זיין, אַז ער איז אין איהר פערליעבט.

און היינט האָט ער דאָס איהר ערקלעהרט אָפען דורך ברענענ־דיגע ווערטער...

זי איז געקומען אין קוני איילענד זיך באָדען און האָט איהם דאָרט געטראָפען. נאָכ'ן באָדען זיך האָט ער זי ניט איינגעלאַדען אין אַ רעסטאָראַן, ווי ער פּלעגט עס פריהער טהאָן, נור האָט זי געבעטען, צו געהן צו איהם אין אָפיס, ער וויל איהר עפּעס זאָגען זעהר וויכטי־געס. פריהער איז זי ביי איהם נאָך קיינמאָל אין אָפיס ניט געווען, איז זי אונרוהיג געוואָרען און האָט ניט געוואָלט געהן אַהין. צום סוף אָבער האָט ער זי איינגערעדט און זי איז אוועק מיט איהם אַהין. און דאָרט האָט ער זיך איהר ערקלעהרט. זיינע ווערטער האָבען איהר דעם מוח צומישט און ווי אין אַ חלום האָט זי געפיהלט זיינע קושען און איהם געקושט...

דערנאָך האָט ער זי אויפ'ן קאָר בעגלייט, ווי יעדעס מאָל, אַהיים, היינט פריהער, וויי״ל עס איז געווען פרייטאג און זי, עטעל, האָט ניט געטאָרט פערשפּעטיגען דאָס ליכט־בענשען. אויפ'ן וועג איז איהם פּלוצים איינגעפאַלען, צו האָבען טאַקע היינט אַן אונטערערעדונג מיט איהר טאַטען אויך. ער האָט עס איהר געזאָגט. וואָס וואָלט זי ניט געגעבען אין דער דאָזיגער מינוט, ווען איהר טאַטען'ס הויז זאָל איצט אויסזעהן אַביסעל שענער און איהר טאַטע אַליין אַביסעל לייטישער!...

און דאָס ערשטע מאָל האָט זי איצט פּלוצים דערפיהלט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך גענדאַרפט שעהמען מיט איהר טאַטען...

דערפאַר האָט זי זיך אַזוי אַנגעצונדען, בעת זי האָט איהם געטראָפען אויפ'ן גאַניק, זיצענדיג אַזוי אָפּגעלאָזט, ווי קיין דאָקטאָר הודקין וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען, און דערפאַר האָט זי זיך אַזוי פערשעהמט...

אָרע איז אַרויסגעקומען אין אַ העלען רעקעל, נייעם שטרויענעם הוט, גלעטענדיג מיט ביידע הענד זיין משונה'דיגע באָרד.

— נו, איצט קענען מיר ריידען — האָט ער געזאָגט, צוגעהענדיג צו זיי: — זיצט, מיסטער...

— דאָקטאָר — האָט שטיל איהם אונטערגעזאָגט עטעל.

— האַ?... יאָ, יאָ, איך מיין טאַקע דאָקטאָר... האָט זיך אָרע פערכאַפּט און גערעדט ווייטער — איך וואָלט אייך, דאָקטאָר, גע־

בעטען אין הויז אריינגעהן, איז דאָרטען אַבער היים ווי אין אַ פּעקליע: אויפ'ן גאַניק אין לופטיגער. זיצט, דאָקטאָר.

ער האָט צו איהם אַ רוק געטהאָן אַ שטוהל.

— טהענק יו — האָט דאָקטאָר הודקין זיך העפליך אָנגערופען און זיך געזעצט.

— מיר וועלען אין גיכען מופען אין אַן אַנדער הויז — האָט עטעל געזאָגט, איז צוגעגאַנגען צו דער פּארענצע פון'ם גאַניק, האָט זיך ארויפגעזעצט אויף איהר, ארומגעכאַפּט זיך מיט אַן אָרעם ארום אַ הילצערנעם זייל, ארויסגעשטעלט די ווייסע שיך און עטוואָס פון די זיידענע זאָקען פון אונטער דעם ווייסען קלייד און געקוקט מיט גע־היימניספולע אויגען אויף דאָקטאָר הודקין'ען.

— איך זוך טאַקי עפּעס אַ לייטישע הויז — האָט אָרע ארויס־גערעדט און זיך אויך געזעצט. דאַן האָט ער אַ קוק געטהאָן אויף עטעל'ן און ברייט די אויגען געעפענט, אַקוראַט ווי ער וואָלט זי ערשט אונערוואַרטעט דערזעהן, און איבער זיין פּנים האָט זיך מיט אַמאָל ווי אַ ליכטיגע זון צוגאָסען: „ווי שען זי איז" — האָט ער אַ טראַכט געטהאָן — „ווי זי האָט זיך, קיין עין הרע, פאַפּראַוועט!"

— וואו ביזטו געווען, עטעלע? — האָט ער פּלוצים געפרעגט מיט אַ ווייך קול.

— אין קוני־איילענד, פּאַפּאַ...

— קומסט ערשט פון דאָרטען?

— יעס.

— און וואו האָסטו זיי געטראָפען? — האָט ער ווייטער גע־פרעגט — דעם מיסטער, איך מיין זיי, דעם דאָקטאָר?...

זי האָט אַ לאַך געטהאָן, איז ארונטערגעשפּרונגען פון דער פּאַ־רענצע, איז צוגעלאָפען צו איהם, האָט זיך האַסטיג אַ וואָרף געטהאָן איהם אויף דער ברוסט און זיך פעסט אריינגעדריקט אין איהם. דערנאָך האָט זי איהם מיט אַן אימפּעט אַ קוש געטהאָן און איז אריינ־געלאָפען אין הויז, נים זאָגענדיג איהם קיין וואָרט.

אָרע איז געבליבען זיצען מיט אַ ברייטע, פערוואונדערטען שמייכעל. דאַן האָט ער זיך צולאַכט הויך אויפ'ן קול:

— האָט איהר שוין געזעהן אויף אייער לעבען אַזאַ?... אַט אַזוי, דאָקטאָר — האָט ער דערנאָך זיך געווענדעט צו הודקין'ען —

אַז דער טאַטע איז ניט קיין אָרימאַן, האָבען איהם די קינדער טאַקע האָלד. זי איז אַ טהייער קינד, מיין עטעלע! — האָט ער צוגעלעגט און אַ גלעט געטהאָן די באָרד מיט הרחבה.

— יעס, מיר איז זי אויך געפעלען — האָט דאָקטאָר הודקין געזאָגט.

— אַלעמען געפעלט זי, אַ מיידעל אַ בר דעת... דאנקען גאָט, דאנקען גאָט! — האָט אַרע גערעדט, און מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— נו, איצט וועלען מיר ריידען ביזנעס... איהר זייט דאָך מסתמא געקומען וועגען אַ „פּאַרסעל"...

— יעס — האָט דאָקטאָר הודקין געענטפערט מיט אַ שמייכעל

— איך וויל ביי אייך קריגען אַ „פּאַרסעל", וואָס איז מיר טהייערער ווי דאָס לעבען...

— ביי מיר?...

— יעס, ביי אייך, ביי אייך — האָט דאָקטאָר הודקין זיך צו־לאַכט.

— וועלכען „פּאַרסעל" מיינט איהר? אין וועלכער געגענד?...

— אין דער געגענד, דאָ...

— דאָ האָב איך ניט קיין „פּאַרסעלס", בלוס האָט דאָ אַ „פּאַר־סעל", יאַכנעטשיק, זיי בויען דאָ אַנטקעגען 50 הייזער. און דאָרטען, וואו דער וועלדעל איז פריהער געווען, זיינען איצט אויך דאָ „פּאַר־סעלס". זיי געהערען צו אַ קאָמפּאַניע, פרעגט זיך נאָך ביי סאַמור־על סאָן, דעם לאָיער, אָדער ביי דאָקטאָר זילבערשטיין, זיי געהערען אויך צו דער קאָמפּאַניע...

— זייערע „פּאַרסעלס" טויגען מיר ניט. איך וויל קריגען ביי אייך דעם שענסטען „פּאַרסעל" אייערען.

הא? איך האָב אַ „פּאַרסעל" אויפ'ן בולוואַר. זעהר אַ שענער „פּאַרסעל" פיר אַ דאָקטאָר. זאָגט מיר, איך בעט אייך — האָט אַרע פּלוצים אונטערבראָכען — איהר קומט מיר אוים עפּעס זעהר בע־קאַנט. וואו האָב איך אייך געזעהן?

— איהר האָט מיר אַמאָל געזעהען ביי מיין קאַזין סעם בלום אין'ם הויז — האָט דאָקטאָר הודקין געענטפערט.

— אי, טאקע! — האט זיך ארע א כאפ געטהאן — זיי זיינען דאס. איך דערמאן זיך. בלום האט מיט זיי דאמאלט גערעדט וועגען עפעס א שידוך... זיי האבען געזאגט, אז זיי וועלען דעם שידוך ניט טהאן סיידען מען וועט זיי געבען פינף טויזענד דאלאר נדן...

— צעהן טויזענד — האט דאקטאר הודקין זיך אנגערופען.

— צעהן? דאכט זיך פינף?...

— צעהן, צעהן...

— צעהן, זאגט איהר? כ'וויים, אפשר... נו, וואס איז גע־ווארען?...

— גאר נישט.

— דער כלה'ס צד האט ניט געוואלט געבען?...

— יא געוואלט געבען, נור...

— איהר האט חרטה געהאט?...

דאקטאר הודקין האט א טראכט געטהאן, דערנאך האט ער געענטפערט:

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת: דער שידוך האט שוין גע־זאלט געשלאסען ווערען, נור דא האב איך זיך בעגעגענט מיט איי־נער, וועלכע איז מיר אזוי געפעלען געווארען, דאס איך האב אין גאנצען מיין רוה פערלארען...

— אזוי גאר? א דאקטאר פערליעבט זיך אויך? — האט ארע זיך אנגערופען און זיך גוטמוטהיג צולאכט.

— א דאקטאר האט אויך א הארץ — האט הודקין פלוצים גע־ענטפערט ערנסט און מיט געפיהל — און די ליעבע ווירקט אויף איהם פונקט ווי אויף יעדען מענשען. איך זאג אייך, מיסטער בירינג, זייט איך האב געטראפען יענע מיידעל, האב איך אין גאנצען מיין רוה פערלארען.

— האט איהר גאר קיין רפואה צו דעם? איהר זייט דאך עפעס א דאקטאר? — האט ארע זיך אנגערופען מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל.

— איין רפואה איז דא צו דעם: חתונה האבען... קיין אנדער רפואה איז צו דעם ניטא...

— אי, א מיאוסע זאך, די דאזיגע ליעבע. ווען האט מען אמאל פון דעם געהערט — האט ארע געזאגט.

— אַמאָל האָט מען פון דעם אויך געהערט — האָט דאָקטאָר הודקין געענטפערט — דערמאַנט זיך נור, נאָך יעקב אבינו האָט זיך פערליעבט אין רחל'ען און געדיענט פאר איהר גאַנצע זיעבען יאָהר איהר פאָטער לבן'ען...

„טאַקי, טאַקי" — האָט אָרע א טראַכט געטהאָן — „עס שטעהט אַזוי בפרוש אין'ם חומש"...

— און דוד המלך — האָט דאָקטאָר הודקין גערעדט וויטער — האָט צוליעב דער ליעבע בעגאַנגען אפילו א פערברעכען. ער האָט זיך פערליעבט אין בת שבע'ן און אום איהר מאַן זאָל איהם ניט שטער־רען, האָט ער איהם אוועקגעשיקט אויף דער מלחמה און איהם ארויס־געשטעלט אין דער ערשטער רייהע געגען דעם פייער פון'ם שונא, אום ער זאָל דער'הרג'עט ווערען.

— „טאַקי, טאַקי" — האָט אָרע געטראַכט — „אַזוי, דאַכט זיך, שטעהט אין'ם פּרק, צי אין'ם חומש, צי אין'ם סידור, צי אין'ם תהילים"...

און ער האָט זיך געוואונדערט ווי אַזוי דאָס איז איהם אַליין ביז היינט ניט איינגעפאַלען.

„אי־אַי" — האָט ער געטראַכט וויטער — „אַזאַ צדיק ווי דוד המלך אַליין — און ער זאָל אָפּטהאָן אַזאַ מעשה!"

און ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געשמאַקצעט מיט די ליפּען. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען:

— אמת, דאָקטאָר, איהר זייט גערעכט. איך פערשטעה נור ניט, ווי אַזוי דוד המלך, אַזאַ צדיק...

— ער האָט געהאַט א שטאַרקען יצר הרע.. מען דערצעהלט, אַז א סך צדיקים האָבען א שטאַרקען יצר הרע געהאַט — האָט דאָקטאָר הודקין זיך צולאַכט.

— א שטאַרקען יצר הרע? — האָט אָרע ארויסגעמורמעלט פער־טראַכט. און פּלוצים האָט רייטשעל פאר איהם א שוועב געטהאָן, ווי אַזוי ער האָט זי אַמאָל געזעהען דורכ'ן שליסעל־לאָך, און ער האָט דערפיהלט די בענקעניש פון זיין אייגענעם יצר הרע, און א זיפץ געטהאָן.

— יאָ, יאָ — האָט ער ארויסגעמורמעלט, געקוקט מיט פער־טראַכטע אויגען פאר זיך און זיך געגלעט די באָרד.

די הויז־טהיר האָט זיך שטיל געעפענט און עטעל האָט ארויס־געשטעלט דעם קאָפּ אָהן אַ הוט און אַ קוק געטהאָן אין דער ריכטונג, וואו איהר טאַטע מיט׳ן יונגען מאַן זיינען געזעסען.

— קומט אַהער, עטעל — האָט זי דאָקטאָר הודקין אַ רוף געטהאָן.

זי איז ארויסגעקומען, האָט געקוקט אויף איהר טאַטען, אויף הודקין׳ען און געזוכט צו לעזען אויף זייערע פּנים׳ער.

— אָט דאָס איז דער „פּארסעל״, וועלכען איך וויל ביי אייך קריגען, מיסטער כּיריג — האָט דאָקטאָר הודקין דאַן געזאָגט.

— הא? — האָט אָרע זיך אַ כאַפּ געטהאָן ווי פון׳ם שלאָף.

— אייער טאָכטער, אייער עטעלע׳ן...

— וואָס, מיין עטעלע?...

— זי וויל איך ביי אייך בעטען... זי איז דאָס מיידעל, וועלכע האָט ביי מיר מיין רוה אוועקגערויבט...

אָרע האָט אויף איהם אויסגעפּוטשעט די אויגען.

— מיר ליעבען איינע די אנדערע — האָט הודקין גערעדט ווייטער.

— הא? — האָט אָרע געעפענט דעם מויל און איז געבליבען אזוי זיצען מיט ברייט פאַנאַנדערגעעפענטע ליפּען און אויסגעפּוט־שעטע אויגען אויף הודקין׳ען.

— און יעצט בין איך געקומען בעטען אייך, איהר זאָלט ניט זיין געגען דעם שידוך. איך ליעב אייער טאָכטער און זי ליעבט מיך אויך.

ביי עטעל׳ען האָט זיך דער פּנים ווידער אָנגעצונדען פלאַם־פייער. זי האָט געקוקט אויף איהר טאַטען און אויפגערעגט געשמייכעלט. פּלוצים האָט זי זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהם און ארויסגעשעפּצעט:

— ענטפער איהם, פּאַפּאַ. ער וויל מיט מיר אַ שידוך טהאָן. פּאַפּאַ, איך ליעב איהם, ער ליעבט מיך!...

— וואַרט, וואַרט! — האָט אָרע ארויסגעמורמעלט צוטומעלט און זיך אויפגעהויבען. ער האָט גענומען דרעהען זיינע צומישטע אויגען דאָ אויף זיין טאָכטער און דאָ אויף הודקין׳ען. דערנאָך האָט ער ארויסגערעדט הייזעריגלאַך, אַ קעהר טהאָענדיג זיך צום יונגען־מאַן:

— איהר מיינט אַ שידוך?

— געוויס.

— מיט איהר, מיט מיין טאָכטער?

— יעס, מיט עטלען.

— טאַקי אַ שידוך?

— אַ שידוך מיט תנאים, מיט אַ חתונה. ווי דען?...

אָרע האָט זיך ווידער ארונטערגעלאָזט אויף זיין פריהערדיגען פּלאַץ, ניט ארונטערנעהמענדיג די אויסגעפּוטשעטע אויגען פון׳ם יונגען מאַן. דאַן האָט ער אַ פּיהר געטהאָן מיט דער האַנד איבער׳ן שטערען, אַ ווײַלע געשוויגען און דערנאָך זיך געווענדעט צו עטלען:

— ווי קומט ער צו דיר? ווי לאַנג קענסטו איהם?

— שוין לאַנג פּאַפּאַ. מיסטער בלום האָט אונז בעקאַנט געמאַכט אין קוני־איילענד.

— און ער ליעבט דיך, זאָגט ער, האַ?

— איך וויס, פּאַפּאַ, אַז ער ליעבט מיך.

— און ער וויל, הייסט עס, מיט דיר אַ שידוך טהאָן?...

— וועגען דעם בין איך דאָך געקומען צו אייך, מיסטער כיריג! — האָט הודקין זיך ארייגגעמישט.

„וואָס איז דאָס?“ — האָט אָרע אַ טראַכט געטהאָן. פאַר איהם דעם פּשוט׳ען אידען, דעם פריהערדיגען פעדלער, איז אַ דאָקטאָר אַן איידים געווען כמעט דאָס אייגענע, ווי פאַר יענע אמעריקאַנישע פאַמיליען, וואָס יאָגען זיך נאָך טיטולען, אַן איידים אַ פּרינץ.

אַ ווײַלע האָט ער געשוויגען. דערנאָך האָט ער זיך ווידער גע־ווענדעט צו הודקין׳ען:

— און איהר זייט אַ דאָקטאָר, האַ?

— שור.

— אַ ריכטיגער, אַ געענדיגטער, האַ?

— נו, געוויס...

— איהר פערשרייבט רפואות און געהט צו קראַנקע, האַ?

— יעס, יעס...

— ווי דאָקטאָר זילבערשטיין, האַ?

— מען זאָגט, אַז איך בין נאָך אַ בעסערער דאָקטאָר ווי דאָקטאָר זילבעשטיין — האָט הודקין געענטפערט.

— אזוי? — האָט אָרע ארויסגעמורמעלט און זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין איהם. מיט אמאָל האָבען די ליפּען ביי איהם אַ

ציטער געטהאָן. ער האָט אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ און גענומען שווער סאָפּען.

עטעל איז צו איהם צוגעלאָפען.

— וואָס איז דער מעהר, פּאַפּאַ? — האָט זי אַרויסגערעדט צו־שראָקען.

ער האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן צו זיך, צוגעדריקט זיינע ליפּען צו איהר קאָפּ, געקושט זי און געסאָפּעט.

דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צום יונגען מאַן און האָט געזאָגט שטיל, מיט טרעהרען אין'ם קול:

— דאָקטאָר, הערט־זשע מיך אויס... איך האָב זיך אויף דעם גאָר ניט גערעכט... מיר האָט זיך דאָס גאָר קיינמאָל אפילו ניט גע־חלום'ט... זאָגט מיר דעם אמת: ליעבט איהר זי, מיין עטעלען, צו איהר זייט נור אויסען איהר נדן? איך וועל אייך אודאי געבען נדן, וויפיעל מען דאַרף געבען אַ דאָקטאָר... אַז גאָט האָט מיר געהאָלפען, האָט ער מיר פיר אַ דאָקטאָר אַן איידים אויך געהאָלפען... אָבער ליעבט איהר זי ווי געהעריג, מיין עטעלען?...

— איך ליעב זי מעהר ווי זיך אַליין, מיסטער כיריג! — האָט הוד־קין געענטפערט — גלויבט מיר, אַז איך ליעב זי און ניט אייער נדן!...

— אַי! — האָט זיך ביי אַרע'ן אַרויסגעריסען שיער אַ יאָמער — איך בין דאָס ניט ווערטה!...

ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן הודקין'ס האַנד, זי שטאַרק געשאָקעלט, געקוקט איהם אין די אויגען און אויפגערעגט געשמייכעלט. דאַן האָט ער מיט אַמאָל אַרויסגעלאָזט אַ מין קלאַנג, וואָס איז געווען אַ האַלב לאַך און אַ האַלב יאָמער, און זיך אַ לאָז געטהאָן צו דער הויז־טהיר און זי מיט אַ געפּילדער געעפענט.

די אַלטע פרומע האָט דאַן אויסגעשטעלט די לייכטער צום ליכט־בענשען אויפ'ן טיש, וואָס איז בעדעקט געווען מיט אַ שנעע־ווייסע סערוועט. זי, די אַלטע, האָט אויסגעזעהן איצט פערהאַוועט, ווי גע־וועהנליך פרייטאָג פאַר ליכט־בענטשען.

אַרע איז אריין אין שטוב, צוגעקומען צום פענסטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויפ'ן גאַניק, און האָט שטיל, מיט אַ געהיימניספולען קול, אַ רוף געטהאָן:

— מאַמע!...

— וואָס איז? — האָט זי געפרעגט, אַנקוקענדיג איהם.

— קום אהער, דו וועסט עפּעס זעהן — האָט ער זי ווידער גערופען שטיל, געהיימניספול און געשמייכעלט.

— איך האָב ניט קיין צייט, מיין זוהן...

— קום, דו וועסט האָבען נחת, מאַמע...

זי איז צוגעגאַנגען:

— וואָס איז?...

— קוק אָן דעם יונגען מאַן...

— ווער איז ער?

— ווי געפעהלט ער דיר, מאַמע?

— כ'וויים?... און וואָס דאַרף ער מיר עפּעס געפעהלען?... זעה נור, אַרע — האָט זי זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטהאָן — וואָס איז דאָס? דו האָסט געזעהן? ער האָט זיך דאָך אַ שפּיעל געטהאָן מיט עטלען?...

אַרע האָט זיך צולאַכט:

— איאַ, אַ שקץ? אָבער ער מעג, ער מעג, מאַמע!...

— דו ביזט ביים זינען, אַרע?...

— ער מעג, ער מעג, — האָט אַרע גע'טענה'ט — דו ווייסט, ווער ער איז, מאַמע? אַ דאָקטאָר, אַ ריכטיגער דאָקטאָר, אַ געענדיגטער!...

— און אַז אַ דאָקטאָר? וואָס פיר אַ מחותן איז ער מיט עטלען?

— שוין גאָר אַ מחותן. אַ גרויסער מחותן מיט איהר, מאַמע. ער איז איהר חתן. נו, מאַמע, נו?...

זי האָט אויסגעגלאָצט אויף איהם די אויגען.

— אַ חתן? — האָט זי ארויסגעמורמעלט — וואָס מיינסטו?...

— אַ חתן, אַ חתן, אַ ריכטיגער...

— איך פערשטעה ניט, אַרע, דו לאַכסט פון מיר? ווען־וואָס? פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? ווער האָט איהר גערעדט דעם שידוך?

— אַ ליעבע, מאַמע!

און ער האָט איהר גענומען דערצעהלען, ווי אַזוי עטעל און יענער זיינען צו איהם געקומען און וואָס און ווי אַזוי יענער, דער דאָקטאָר, האָט צו איהם גערעדט, און בעת ער האָט דערצעהלט, האָט זיין קול געקלונגען מיט פרייד און טרעהרען.

— מאמע — האט ער געענדיגט — איך האב דאס ניט פער־דיענט ביים גאט!...

פרומע האט געדריקט מיט די אקסלען און אויסגעזעהן אין כעס.

— וואס הייסט, ער ליעבט זי, א וועהטאג איז מיר? — האט זי ארויסגעמורמעלט — זי איז עפעס א שיקסע? און ער פרעהט זיך נאך, דער נאר! די באקען האט מען איהר געדארפט צופאטשען, עטלען, פאר אזא זאך. רבונו של עולם, וואס איז דאס פיר אן אמע־ריקא! אי, די רייטשעל, איינגעזונקען זאל זי דארטען ווערען, וואו זי איז, זי האט דאס איבערגעפיהרט עטלען!...

ארע האט זיך צולאכט:

— אי, מאמע, דו פערשטעהסט ניט! ביי זיי איז דאך ליעבע, דו פערשטעהסט?...

— וואס ליעבע? ווען ליעבע? דו ארע, ווערסט מיר עפעס אויך א הולטיי!... האט ווער אין אונזער משפחה שוין אמאל געוואוסט פון דעם? דאס פאסט פאר שיקסעס און צולאזענע מיידלעך...

— ניט אמת, מאמע. יעקב אבינו האט זיך אויך פערליעבט אין רחל'ן און דוד המלך האט פון דעם אויך געהאלטען...

אויף דעם האט שוין פרומע ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען. זי האט נור ארויסגעלאזט: „הא?“ — און איז אנשוויגען געווארען. דערנאך האט זי זיך אנגערופען:

— מילא, מסתמא וויל גאט אזוי. כ'וויים?... פארוואס רופסטו איהם ניט אריין אין הויז?...

— איך רוף איהם גלייך אריין. מען האט געדארפט האבען א שענערע הויז פיר א דאקטאר א חתן — האט ארע זיך אנגערופען און זיין פנים האט געשטראהלט.

דערנאך האט ער ארויסגערוקט דעם קאפ פון'ם פענסטער און א רוף געטהאן:

— דאקטאר, זייט מוחל, קומט אריין, קומט אריין!...

יענער איז אריינגעקומען מיט עטלען.

— דאס איז מיין באבע — האט עטעל זיך אנגערופען.

הודקין איז צוגעגאנגען צו דער אלטער און צו איהר אויסגע־שטרעקט די האנד.

זי האָט איהר האנד איהם ניט געגעבען, נור א מאך געטהאָן צו איהם מיט'ן קאָפּ און זיך איינגעגעסען מיט די אַלטע אויגען אין איהם.

— פאַרוואָס גיסטו איהם ניט די האנד, מאמע? — האָט אָרע צומישט ארויסגערעדט.

זי האָט זיך ניט אַ ריהר געטהאָן און די אויגען פון דעם יונגען מאָן ניט ארונטערגענומען.

— זי איז אַן אַלט־פרענקישע, האַלט ניט פון די זאַכען — האָט זיך אָרע אַ קעהר געטהאָן צו הודקין'ען מיט א צומישטען שמייכעל.

פלוצים האָט די אַלטע שטיל ארויסגערעדט:

— איהר זאָלט מיר מוחל זיין... איך בין אַ פּשוטע אידענע און עטעלעס באָבע... איהר דאַרפט ניט קיין פאַראיבעל האָבען, אויב איך רייד נאַרישקייטען. איהר זעהט אויס דוקא א גאַנץ פיינער יונגער־מאָן. האָט איהר א טאַטען, אַ מאַמען?...

— געוויס האָב איך — האָט הודקין געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

— טאַקי דאָ, זאָלט איהר לעבען?

— ניין, אין רוסלאַנד, אין אָדעס.

— אזוי, אין אָדעס?... עפּעס אידישע... איהר פערשטעהט... איהר זאָלט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען... אמעריקא... מען וויים דאָ הפּנים ווער איז ווער?

— מיין פאָטער איז א פרומער איד, אַן אנשטענדיגער, קען גוט לערנען... איהר פרעגט נור מיינע אָדעסער לאַנדסלייט. פרעגט מיסטער בלום'ן...

— אזוי? דאנקען גאָט! — האָט פרומע ארויסגעמורמעלט און פרעהליך אַ קוק געטהאָן אויף עטעלען, וועלכע איז געשטאַנען אַ נער־ווענע מיט אַ מינע פון אונגעדולד אויפ'ן פּנים.

— ער אַליין, מאַמע, איז אויך אַ למדן — האָט אָרע זיך אָנגע־רופען מיט הרחבה אין'ם קול — דו האָסט געדאַרפט הערען ווי ער האָט פריהער גערעדט וועגען יעקב אבינו און דוד המלך. קענטיג אַז ער האַלט אויך אמאָל אַ ספר...

— נו, געלויבט איז גאָט! — האָט די אַלטע געזאָגט, איז צוגע־גאַנגען צו עטעלען, האָט זי צוגעדריקט צו זיך, געקושט זי און זיך צוכליפּעט:

— נו, עטעלע, דאַנקען גאָט... איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט קריגען אַ לייטישען חתן...

שפּעטער אַ ווײַלע, ווען הודקין האָט זיך געקליבען אַוועקצוגעהן, האָט אָרע זיך אָנגערופען צו איהם:

— וואָס איילט איהר זיך, דאָקטאָר? זיצט נאָך אַ ווײַלע. פאַרברענגט גאָר ביי אונז איבער שבת.

— איך קען ניט. איך מוז זיין אין אָפּפּיס. אַ דאָקטאָר, ווייסט איהר. מיר וועלען זיך אָבער אין גיכען ווידער זעהן. גוד־ביי. איך פערלאָז אייך פיעל גליקליכער ווי איך בין צו אייך געקומען.

עטעל איז אַרויס, איהם בעגלייטען.

— קומ ניט צו שפּעט, עטעלע. מען וועט באַלד דאַרפען ליכט בענשען — האָט איהר די אַלטע פרומע נאָכגעשריען.

אָרע האָט זיי בעגלייט אַ שטיקעל וועג. דערנאָך האָט ער נאָך אַמאָל אַ דריק געטהאָן די האַנד הודקין'ען און זיך צוריקגעקעהרט.

„אויף דעם האָב איך זיך גאָר ניט געריכט" — האָט ער געטראַכט און דאָס האַרץ אין זיין ברוסט האָט געטאַנצט פאַר הרחבה.

ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן גאַניק. און דעם ערשטען מאָל זייט ער איז רייך געוואָרען, האָט ער זיך איצט פערטראַכט וועגען דער גרויסער ענדערונג אין זיין לעבען. אין אַזאַ קורצער צייט און ער איז גאָר אַנאַנדער מענש געוואָרען: רייך, און ווערט מיט יעדען טאָג רייכער... ביי מענשען געקראָגען גאָר אַנאַנדער פּנים... מען רעדט צו איהם מיט דרך ארץ. מען גיט איהם אָפּ כבוד אין סטריט, אין שוהל, אפילו אין דער באַנק... און אָט וועט ער האָבען אַן איידים אַ דאָקטאָר אויך... און ער אַליין וועט נאָך אפשר אויך... פאַרוואָס טאַקי ניט חתונה האָבען מיט עפּעס אַ לייטישער ווייבעל?... און פאַרוואָס עפּעס ניט מיט אַ מיידעל? — איז איהם איינגעפאַלען... פאַרוואָס ניט מיט אַ מיידעל?... עלטערע פון איהם האָבען חתונה מיט מיידלאָך... און קיין זוהן האָט ער אויך ניט... פאַרוואָס זאָל ער טאַקי ניט האָבען קיין קדיש. יעדער איד מוז האָבען אַ קדיש... און טאַקי אַביסעלע עולם הזה אויך... אַזאַ צדיק ווי דוד המלך האָט צוליעב אַביסעלע עולם הזה געשיקט אַ מענשען, צו דער'הרג'עט ווערען... ער טהוט דאָך דאָס ניט חלילה... וועמען וועט עס שאַדען, אַז ער וועט חתונה האָבען מיט אַ מיידעל?... נו, טאַקי וועמען, האַ?...

און מיט אַמאָל האָט פאַר זיינע אויגען ווידער אַ שוועב געטהאָן רייטשעל...

אָט עפּעס אַזאַ מיידעל... עפּעס ווי די... אָט דאָס איז אַ פּאַר־שוין!... ווען זי... ווען ער... ניין, זי וועט איהם ניט וועלען... צו אַלט פאַר איהר... און אפשר?... ער וואָלט זי אויף די הענט גע־טראָגען, אין די אויגען אריינגעקוקט, גאָלד איהר אין׳ם האלז געגאָסען...

דאַן איז איהם איינגעפאַלען: ער וועט פּרובען צו איהר שיקען אַ שדכן...

— וויים איך! — האָט ער טאַקי באַלד מיט שרעק ארויסגע־מורמעלט און זיך אויפגעהויבען פון׳ם אָרט. — שדים ווייסען, וואָס מיר קען איינפאַלען...

ער האָט זיך ווידער געזעצט.

„אָבער איך וועל חתונה האָבען מיט אַ מיידעל און דוקא מיט אַ פּאַרשוין!“ האָט ער דערנאָך ווידער אַ טראַכט געטהאָן, און עס איז איהם דערפון געוואָרען אַזוי וואַרעם און ליכטיג אויפ׳ן הארצען.

מיט אַמאָל האָט ער דערהערט אימיצען׳ס קול. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און דערזעהן נעבען גאניק אַ יונגען מאַן מיט אַ קערבעל אין די הענד.

— קויפט עפּעס, מיסטער, ביי מיר — האָט דער יונגערמאַן גערעדט מיט אַ הייזעריגען, מיעדען קול.

אָרע האָט אויף איהם אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגען. דער יונגערמאַן איז געוועזן שטאַרק פערשוויצט און אָנגעברענט און די ליפּען זיינען ביי איהם געוועזן פערטריקענט. ער האָט אויסגעזעהן נאָך גאָר אַ גרינער.

— קויפט עפּעס, מיסטער, ביי מיר...

אָרע האָט זיך אויפגעהויבען און אַ ווינק געטהאָן צו איהם, ער זאָל ארויפגעהן אויפ׳ן גאַניק.

דער יונגערמאַן איז ארויפגעגאַנגען און האָט ארונטערגעלאָזט דאָס קערבעל אויף אַ שטוהל.

— וואָס האָט איהר דאָ? — האָט אָרע שטיל געפרעגט.

דער יונגערמאַן האָט ארונטערגענומען די סאַראַטע פון׳ם קערבעל. און אָרע האָט דאָרט דערזעהן זיין בעקאַנטע סחורה: קנעפּלאַך, נאָד־לען, האָאָר־שפּילקעס און אַזוי ווייטער.

ער האָט מיט אַ ציטערענדיגער האנד אַ כאַפּ געטהאָן אַ פּעקעלע האָאר־שפּילקעס פון'ם קערבעלע, ארויסגענומען פון אַ קעשענע אַ גאנצען הויפען מיט זילבערנע מטבעות און אריינגעשפּאַרט דעם יונגען־מאַן אין האַנד.

דער יונגערמאַן איז געבליבען שטעהן אַ צומישטער מיט דעם געלד אין דער האנד און געקוקט אויף אָרע'ן מיט גרויסע אויגען.

— בעהאַלט, בעהאַלט דאָס געלד — האָט אָרע געמורמעלט — אַ ביטערע פּרנסה, האַ? הינט בעפאַלען, שקצים, האַ? ווארט דאַ אַ ווײלע, איך קום גלייך ארויס!

און ער איז האַסטיג אריינגעלאָפען אין הויז.

דער יונגערמאַן איז נאָך אַ ווײלע געשטאַנען אַ צוטומולטער. דערנאָך איז ער מיט אַמאָל געקומען צו זיך, האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו זיין קערבעלע, אַ כאַפּ געטהאָן עס און שוין געוואָלט אנטלויפען. ערשט אָרע איז פון'ם הויז ארויסגעלאָפען מיט אַ פּאַק, האָט איהם ארויפגעוואָרפען דעם יונגענמאַן אויפ'ן אקסעל מיט די ווערטער:

— דאָ איז נאָך פון אייער סחורה... געהט זיך געזונטערהייט... פרעגט ניט און דאַנקט ניט, און זאָל אייך גאָט געבען הצלחה.

און ער האָט געהאָלפען דעם צוטומעלטען יונגענמאַן ארונטער־צוגעהן פון'ם גאַניק.

אונטען, אויפ'ן טראָטואַר, האָט דער יונגערמאַן זיך אַ קעהר גע־טהאָן צו איהם, געוואָלט אָפּנים זעהן, אויב דער משוגענער איד לויפט איהם ניט נאָך; דאַן האָט ער זיך שטילערהייט אַנגעהויבען אַוועקצו'גנב'ענען פון אָרע'ס הויז, אומקוקענדיג זיך אַלץ אַהינטער אויף אָרע'ן, און פּלוצים האָט ער גענומען לויפען און איז באַלד פער־שוואונדען מיט'ן פּאַק אויפ'ן אקסעל און מיט'ן קערבעל אין דער האנד

אָרע האָט איהם נאָכגעקוקט און זיין פּנים האָט אין גאַנצען געקוואָלען.

— אַן עק, אויסגעראַמט דעם חמץ פון'ם הויז — האָט ער ארויס־געמורמעלט — דעם פּאַק צרות.

שפּעטער אַ ווײלע האָט ער זיך ווידער אַוועקגעזעצט און אַ טראַכט געטהאָן מיט פרייד:

„פּערדיענט אַ שענע מצוה... דער יונגערמאַן וועט אויך האָבען אַ פרעהליכען שבת!“

אין דער אייגענער צייט האָט פרומע די בענש־ליכט אין'ם הויז אָנגעצונדען און זיי האָבען דורך דאָס פענסטער איפ'ן גאַניק אַרויס־געלייכט, און אָרע האָט געפיהלט, אַזוי ווי אין זיין נשמה וואָלטען ליכט געברענט, אַזוי ווארים און ליכטיג, אַזוי פרעהליך און הייליג...

---

.14

## רייטשעל'ס פערביטערטקייט און אָרע'ס זינדיגע מחשבות.

אויף מאָרגען נאָכמיטאָג איז אָרע געזעסען אויפ'ן גאַניק און האָט געלעזען אַ אידישע צייטונג. פריהער, בעת ער האָט געפּעדעלט, האָבען איהם די צייטונגען קיינמאָל ניט אינטערעסירט. נור זייט ער איז רייך געוואָרען, האָט זיך איהם געוואָלט וויסען וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך. מען קומט זיך צוזאַמען מיט מענשען, זיי ריידען אַמאָל וועגען „וועלט־פּאָליטיק", און ער, אָרע, שטעהט דערביי בשעת יענע ריידען, און מוז זיי אָנקוקען, ווי אַ באָק... האָט ער דערפאַר גענומען לעזען יעדען אויף דער נאַכט די אידישע צייטונג, וואָס עטעל האָט געלעזען. ער האָט אָבער זעלטען־ווען געוואוסט, וואָס ער לעזט. ערשטענס, מחמת עס איז פאַר איהם טאַקי צו שווערלאַך געווען צו לייענען אַ צייטונג אָהן נקודות, און, צווייטענס, מחמת זיין מוח איז אַלע מאָל פערנומען געווען מיט ענינים, וואָס האָבען איהם מעהר אינטערעסירט, ווי די „וועלט־פּאָליטיק".

איצט, אין דעם דאָזיגען שבת נאָכמיטאָג, האָט ער אויך גענומען לעזען אין דער צייטונג אַן אַרטיקעל וועגען רוסלאַנד און יאַפּאַן, האָט געלעזען, ווי זיין טבע איז געווען, הויך אויפ'ן קול, האָט זיך אין מיטען דערינען פערטראַכט וועגען אַ „פּאַרסעל", פון וועלכען ער האָט היינט אין שוהל געהערט.

„מאָרגען בלא נדר מוז מען דאָס געהן אָנקוקען. דאָס דאַרף זיין אַ גוטער „פּאַרסעל"...

אין דיעזער צייט איז סעמקע צוגעפאָהרען צום הויז מיט אַ גע־פּילדער און האָט אָפּגעשטעלט דעם פערד. אָרע האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון דער צייטונג.

— גוט שבת, מחותן! — האָט סעמקע פרעהלאך אויסגעשריען און איז געשיקט אַרונטערגעשפּרונגען פונ'ם וועגעל.

ער האָט היינט נאָך מעהר געשיינט, ווי געוועהנליך. זיין פּנים מיט די וואיל־יונגיש פערדרעהטע, בלאָנדע וואָנסעס האָט אין גאַנצען געשמייכעלט און געקליידעט איז ער געווען אין א ווייסען אַנצוג, ווייסע שיך, מיט א פּאַנאַמאַ־הוט אויפ'ן קאָפּ.

אָרע האָט אוועקגעלייגט די צייטונג און זיך אויפגעהויבען פונ'ם אָרט.

סעמקע איז פלינק אַריפגעלאָפען אויפ'ן גאַניק און האָט דערלאַנגט אָרע'ן די האַנד.

— נו, מיסטער כיריג, ווי געפעלט אייך עפּעס אייער חתן? מיר האָט איהר דאָס צו פערדאַנקען פאַר אַזא חתן...

אָרע האָט געשמייכעלט.

— אייך? — האָט ער זיך אָנגערופען.

— יעס. יעס, נור מיר. ער איז דאָך מיינער א קאָזין, האָב איך איהם פאַרגעשטעלט פאַר אייער עטל'ען און איהם צוגערעדט... איהר פערשטעהט? אַזא יונגערמאַן ווי דאָקטאָר הודקין, איז ווערטה מעהר ווי צעהן טויזענד דאָלאַר, וואָס איהר וועט איהם געבען...

— צעהן טויזענד דאָלאַר? פון וואַנען ווייסט איהר, אַז איך וויל איהם געבען צעהן טויזענד דאָלאַר? — האָט אָרע זיך פערוואונדערט.

סעמקע האָט פּלוצים אויפגעהערט צו שמייכלען און געמאַכט אַן ערנסטע מינע.

— האַ? — האָט ער זיך אָנגערופען — איהר ווילט דען איהם געבען 15 טויזענד?... עס וועט מאַקי זיין זעהר שען פון אייך... קיין צעהן מעכטער האָט איהר ניט און אַזא איידים, ווי דאָקטאָר הודקין...

— ווייס איך, וואָס איהר רעדט, מיסטער בלום — האָט איהם אָרע אונטערבראָכען און צומישט געשמייכעלט — צעהן טויזענד... וואָס מיינט איהר, איך בין עפּעס א ראָטשילד?

— אָה, מיסטער כיריג, איהר דאַרפט ניט זינדיגען. מיט פינף מאַנאַטען צוריק האָט זיך אייך ניט גע'חלום'ט צו האָבען אַן איידים א דאָקטאָר...

— איך זינדיג ניט, חלילה. פּערקעהרט, איך לויב און דאַנק גאָט פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט מיר בעוויזען — האָט ער געזאָגט — אָבער וויפיעל מאָל 15 טויזענד פערמעג איך אין גאַנצען?

— יאָ, וויפיעל? — האָט זיך סעמקע אַ כאַפּ געטהאָן.

— וויפיעל? — האָט אָרע איבערגעפּרעגט און דערנאָך אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד — איך וויים ניט. דעם חשבון לאָז איך איבער גאָט צו פיהרען.

סעמקע האָט ווידער גענומען שמייכלען:

— ניש־קשה, מיסטער כיריג, ביז אייער טאָכטער'ס חתונה וועט איהר נאָך ווערען אַזוי רייך, אַז איהר וועט איהר קענען געבען צוואַנציג טויזענד דאָלאַר נדן. איהר וועט נאָך מאַכען גענוג געלד...

אָרע האָט אַ ווײַלע געשוויגען און דערנאָך געזאָגט:

— דער דאָקטאָר האָט אין גאַנצען ניט אינ'ם זינען קיין נדן. ער וויל עטעלע'ן, מחמת ער האָט זיך אין איהר פערליעבט. אַזוי האָט ער מיר נעכטען אַליין געזאָגט...

סעמקע האָט זיך צולאַכט.

— נו, אודאי וועט ער אַזוי זאָגען. ער איז דאָך אַ דאָקטאָר, ער מוז דאָך ריידען ווי אַן עדעלמאַן — האָט ער זיך אָנגערופען — אָבער אַז ער איז אַן עדעלמאַן, דאַרף מען דאָך אַליין אויך ניט זיין קיין חזיר, ניט אמת, מיסטער כיריג? ווייל ער איז אַן עדעלמאַן, דאַרפט איהר נאָך מעהר זיין עדעלמאַן, מיסטער כיריג!...

— איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל איהם אודאי געבען נדן, ווי אַ דאָקטאָר — האָט אָרע אַרויסגערעדט.

אָ־אָ אָט אַזוי רעדט! — האָט סעמקע אונטערגעכאַפּט — נדן ווי אַ דאָקטאָר... אָט אַזוי האָט איהר איהם קלוג געענטפערט! ער וועט שוין אַליין פערשטעהן, אַז נדן פיר אַ דאָקטאָר מיינט ניט וועניגער ווי אַ צעהן טויזענד דאָלאַר... איך האָב איהם אַליין געזאָגט, אַז איך גאַראַנטיר איהם פיר אייערע צעהן טויזענד דאָלאַר נדן...

אָרע האָט איהם אָנגעקוקט צומישט.

— ער האָט אייך געזאָגט, אַז ער וויל ביי מיר צעהן טויזענד? — האָט ער אַרויסגערעדט.

סעמקע האָט איהם גלייך ניט געענטפערט און אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט. דאַן האָט ער פּלוצים געמאַכט אַ געהיימע מינע, איז

צוגעגאַנגען נעהענטער צו איהם און האָט שטיל, אַזוי ווי ער וואָלט אַ סוד איהם דערצעהלט, ארויסגערעדט:

— מיסטער כיריג, יאַכנעטשיק וויל איהם פיר זיין טאָכטער, חיים־זוסע פליוך און אַ סך אנדערע· זיי ווילען איהם געבען 15 טויזענד נדן, זעכצעהן, אכצעהן... אָבער אַזוי ווי ער איז פערליעבט אין אייער טאָכטער און איך אליין טאָקע רייד איהם אויך צו צו דעם. וועל איך ביי איהם פועל'ן, אַז ער זאָל נעהמען ביי אייך צעהן טויזענד... איהר וואָלט ווייסען, מיסטער כיריג, ווי בראַנזוויל קאָכט מיט דעם; אומעדום רעדט מען וועגען דעם, אַז דאָקטאָר הודקין ווערט אייער איידים... יאַכנעטשיק'ן האָט איהר דאָס שוין אויך דערצעהלט, און חיים־זוסע פליוך אויך...

— איך האָב אין שוהל אַלעמען דערצעהלט — האָט אָרע זיך אָנגערופען אַלץ צומישט — איך האָב אָבער געמיינט, אַז איך וועל ניט דארפען געבען אַזוי פיעל געלד...

— וועט איהר איהם אַפּלאָזען, מר. כיריג, וועט איהם יאַכנעטשיק צוכאַפּען, אָדער חיים־זוסע פליוך, צי אַנאַנדערער. ווען גאָט האָט געהאָלפען, ווילט זיך יעדען האָבען אַ דאָקטאָר אַן איידים. איהר וועט זיך דערנאָך דארפען שעהמען. מען וועט זאָגען, אַז דאָקטאָר הודקין האָט חרטה געקראָגען. איהר פערשטעהט?... און אייער טאָכטער וועט עס אויך קאָסטען געזונד. דערפאַר איז מיין עצה, מיסטער כיריג, איהר זאָלט זיך גאָר ניט דינגען. איהר דארפט זיין צופריעדען, וואָס גאָט האָט אייך געהאָלפען, אַז איהר זייט אימשטאַנד צו געבען אַזוי פיעל נדן. ווי מען פיהרט זיך, מיסטער כיריג, אַזוי העלפט גאָט!...

אָרע האָט צונויפגענומען זיין גרויסע באָרד איןביידע הענד. געקוקט אויף סעמקע'ן צומישט און פערוואונדערט און געדריקט די אַקסלען. דערנאָך האָט ער זיך אין אַזאַ פּאָזע ארונטערגעלאָזט אויף אַ שטול, איז אַ ווײַלע געזעסען אַזוי און האָט געשוויגען. צום סוף האָט ער ארויסגעלאָזט די באָרד פון די הענד און אַ מאַך געטהאָן צו סעמקע'ן מיט'ן קאָפּ.

— וואָס? — האָט סעמקע געפרעגט.

— מילא — האָט אָרע ארויסגעמורמעלט — מסתמא וועט גאָט

העלפען. דער דאָקטאָר וועט זיך ניט דאַרפען לאָדען מיט מיר פיר דעם נדן... איהר קענט דאָס איהם זאָגען...

— אָ־אָ! — האָט זיך סעמקע אַ כאַפּ געטהאָן — אָט דאָס, וואָס איך האָב איהם טאַקע געזאָגט...

און זיינע גנב'ישע אויגען האָבען צופריעדען געשמייכעלט.

אין אַ ווײַלע אַרום זיינען זיי געזעסען און האָבען גערעדט וועגען דער רייהע הייזער, וואָס סעמקע און זיינע פּאַרטנערס האָבען אָנגעהויבען צו בויען געגענאיבער. אין מיטען דערינען האָט סעמקע פעררויכערט אַ סיגאַר. ערע האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן.

— וואַרפט אַוועק אייער סיגאַר, מיסטער בלום — האָט ער זיך אָנגערופען — איהר פערגעסט, אַז ביי מיר איז שבת.

— איך רויכער דאָך, ניט איהר! — האָט סעמקע זיך צולאַכט.

— אָבער ביי מיר אויפ'ן גאַניק...

— ווייס איך, זאָל אייך דאַכטען, אַז איך בין אַ גוי...

— איי, מיסטער בלום! — האָט ערע אַרויסגערעדט מיט פער־דרוס — איין טאָג שבת... איהר זייט דאָך פּאָרט אַ איד. גאָט האָט אייך געהאָלפען, האָט איהר דאָך געדאַרפט דערפאַר עהרליך האַלטען זיין נאָמען, געדאַרפט אַביסעלע פרימער ווערען, לייטישער...

— מיסטער כיריג — האָט סעמקע געזאָגט, האַלטענדיג דעם סיגאַר אינ'ם מויל און קוקענדיג אויף ערע'ן מיט לעבעדיגע אויגען: — פיר אייך איז בעסער, ווען איך בין ניט פרום. אין'ם גן עדן וועט גראַמער זיין און אַזאַ פרומער איד ווי איהר וועט דאָרט מעהר פּלאַץ האָבען. שאַ, ווייסט איהר גאָר וואָס? איך פערקויף אייך מיין „פּאַרסעל" אינ'ם גן־עדן. ביליג, קויפט!

— אַי, געהט, איהר זייט אַ הולטאַי! אַלץ איז ביי אייך אַ געלעכטער — האָט ערע מיט פערדרוס געזאָגט — ניש־קשה, אַז מען וועט אייך דאָרט קאָטעווען, וועט איהר שוין ניט לאַכען...

סעמקע האָט זיך ווידער צולאַכט.

— פאַר מיין טויט — האָט ער געזאָגט — וועל איך הייסען, מ'צן זאָל מיר דיקע ברעטלאַך אַרויפלייגען אויפ'ן ריכטיגען אָרט... דאַן זאָל מען קאָטעווען...

ערע האָט אַ שמייכעל געטהאָן:

— עס וועט שוין דורכנעהמען די ברעטלאך אויך, מיסטער בלום. זייט רוהיג.

— איך בין שוין גאר רוהיג, מיסטער כיריג, איהר זייט אבער ניט רוהיג...

— עס פערדריסט מיך. א איד דארף געדענקען, אז ער וועט אמאל שטארבען...

— יא, מיסטער כיריג, איהר זייט גערעכט — האט סעמקע זיך אנגערופען — א איד דארף געדענקען, אז ער וועט אמאל שטארבען, דערפאר מוז ער זעהן צו לעבען, כל זמן ער לעבט. ווי זאגט יענער: כל זמן שהנשמה בקרבי, דוי, ברודער, וואו ווסיו... הוליע, טרינק, רייס דעם פערגעניגען, וואו דו קענסט און האב הנאה. אך, מיסטער כיריג, די וועלט איז אזוי שען, דאס לעבען האט אזוי פיעל גוטע זאכען, אזוי פיעל שענע פרויען... איך זאג אייך, צוליעב איין קוש פון א שענער, לעבעדיגער פרוי אויף דער וועלט איז כדאי אונטער־צושטעלען די טויטע ברעטלאך אונטער דעם קאנטשיק אויף יענער וועלט, און זאל מען דארט, אויף יענער וועלט, האקען אין די טויטע ברעטלאך אריין, וויפיעל זיי ווילען, אבי איצט, אויף דער וועלט, קוויקט זיך מיין לעבעדיגע נשמה...

ארע האט זיך צוגעהערט צו איהם, געשאקעלט מיט'ן קאפ און געקוקט אויף איהם האלב פערוואונדערט און האלב מיט א פארוואורף. דערנאך האט ער זיך אנגערופען:

— אי האט איהר א צינגעלע, פערשמאליעט זאלט איהר ווערען! עס איז דאך גאר א סכנה, אייך צו הערען. איהר האט דאך אבער א ווייב, יונגאטש!...

— נו, אז מען עסט אין דער היים, טאר מען דערפאר ניט עסען אין א רעסטאראן? — האט סעמקע געענטפערט מיט א פראגע און זיך צולאכט.

ארע האט צוערשט ניט פערשטאנען זיין וויץ. באלד אבער האט ער זיך א כאפ געטהאן און זיך אזוי צולאכט, דאס ער האט זיך שיער ניט ארונטערגערוקט פונ'ם שטוהל, לאכענדיג.

— אוי, א ממזר... אוי, א יונגאטש! — האט ער זיך געקא־טשעט — כא־כא־כא! פערברענט זאל ער ווערען! כא־כא־כא!

פערשמאַליעט זאָל ער ווערען! אַ צינגעלע! באַ־באַ־באַ!... וואַרט, איך מוז דאָס דערצעהלען אייער ווייב!...

— מיין ווייב איז ניטאָ, דערפאַר בין איך דאָך היינט אַזוי פרעה־לאַך. איך האָב זי נעכטען אַוועקגעפּעקעלט אין קאַנטרי. זי וועט זיך דאָרט אַ פּיער וואָכען פיטערען אויף פרישער לופט און טשיקענס און איך וועל דאָ אויך ניט פאַסטען קיין תעניתים... מיסטער כיריג, קומט גאָר היינט ביינאַכט מיט מיר צו אַ „סמוקער?“

— וואָס איז דאָס? — האָט אָרע געפרעגט.

— דאָס איז שוין די ריכטיגע זאַך — האָט סעמקע געענטפערט — פערלאָזט זיך אויף מיר. מיידלאַך ועלען דאָרט טאַנצען. האָט איהר שוין אַמאָל געזעהן אַ הוטשי־קוטשי טאַנץ?...

— הוטשי־קוטשי? וואָס נאָך? אַי, געהט שוין מיט אייערע שפּאַסען! — האָט אָרע זיך אָנגערופען.

— איהר גלויבט ניט? — האָט זיך סעמקע אַ כאַפּ געטהאָן — זאָל איך שטאַרבען, זאָלט איהר אַזוי לעבען מיט מיר צוזאַמען, ווי איך מיין דאָס ערנסט. דאָ אין אַ האָלל וועט עס זיין: מיידלאַך. וואָלט איהר זעהן... איין מיידעל וועגט אודאי אַ הונדערט און אַכ־ציג פונט. ווערט צו מאַכען איבער איהר „שהחינו“. איך האָב זי שוין איינמאָל געזעהען אין קוני איילאַנד. אַ, טאַנצט זי! וואַרפט די פיס פון דער פאַטילניצע צו דער נאָז. קומט, פינף דאָלאַר אַ טיקעט. יאַכנעטשיק געהט אויך מיט מיר...

אָרע האָט זיך געוועהרט געגען איהם מיט ביידע הענד און אונ־געדולדיג געקרימט דעם פּנים.

— גענוג — האָט ער גערעדט — אַי, שווייגט, איך וויל דאָס גאָר ניט הערען. יאַכנעטשיק וועט גאָר געהן אַהין; איהר אפשר יאָ, אָבער ניט יאַכנעטשיק...

— זאָלט איהר אַזוי לעבען — האָט זיך סעמקע אַ כאַפּ גע־טהאָן מיט היטע — ווי יאַכנעטשיק געהט!...

— וואָס שווערט איהר זיך מיט מיר? שווערט זיך מיט אייך! איך גלויב אייך ניט.

— וואָס איז? איהר מיינט אפשר, אַז יאַכנעטשיק איז אַ צדיק — האָט זיך סעמקע צולאַכט — נעווער מיינד, זייט ער האָט געקראָגען די קלינגערס, זוכט ער אויך עולם הזה... מיר דאַכט זיך

גאָר, אַז ער וועט זיך נאָך אַמאָל גט'ן מיט זיין אַלטער אשת חיל און וועט חתונה האָבען מיט דער שווארצער דיענסט, וואָס איז ביי זיי יעצט אין הויז...

— אַי, רעדט ניט קיין לשון הרע, איך גלויב אייך ניט — האָט אָרע איהם פּלוצים אונטערבראָכען מיט היטץ.

— גלויבט ניט. נו, ווען איך וועל אייך זאָגען, אַז אפילו חיים־זוסע פליוך...

— איך וויל ניט הערען קיין לשון הרע. איך גלויב אייך ניט — האָט אָרע איהם ווידער אונטערבראָכען.

— איהר גלויבט ניט, האַ? — איז סעמקע פּלוצים געוואָרען אין כעס און זיך אָנגערופען מיט א העכערען טאָן — סעי, מיסטער כיריג, מאַכט זיך אויך ניט פאַר אַזא צדיק. איך קען אייך עפּעס דערצעהלען וועגען מיסטער אָרע כיריג אויך... סעי, מיר דאַכט זיך, אַז איהר האָט אַמאָל אויך ארייגעקוקט אין א שליסעל־לאָך... הע?

אָרע האָט זיך אַזש א צאַפּעל געטהאָן.

— האַ? — האָט ער ארויסגעמורמעלט און א קוק געטהאָן צו־מישט אויף סעמקע'ן.

— נו, זייט איהר א צדיק, האַ?

— דאָס איז כזב ושקר — האָט זיך אָרע מיט אימפּעט א כאַפּ געטהאָן — איך בין ניט קיין הולטאַי.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פונ'ם אָרט און צוגעלייגט מיט געבעט אינ'ם קול:

— איך בעט אייך, רעדט ניט מעהר וועגען אַזוינע זאַכען. איך וויל דאָס ניט הערען! — האָט ער פּלוצים אויסגעשריען ווי מיט פערצווייפלונג — איך בין א איד אָהן א ווייב און איך וויל ניט האָבען גאָר די מחשבות אינ'ם קאָפּ!

סעמקע האָט זיך צולאַכט הויך אויפ'ן קול:

— האַ, אַזוי? — האָט ער אויסגעשריען — עס קיצעלט אייך, ר' איד, און איהר האָט מורא דערפאַר? אָט אַזוי, רעדט קלאָרע רבורים! קומט היינט מיט מיר, איהר דאַרפט ניט מורא האָבען. איהר וועט דאָרט זעהן מוידען, ווי זיי טאַנצען!

אָרע האָט א מאַך געטהאָן צו איהם, ווי פערצווייפעלט, מיט

ביידע הענד און איז אָפּגעטראָטען פון איהם. פאַר זיינע אויגען האָט איצט ווידער געשוועבט די שענע רייטשעל...

סעמקע האָט זיך אויפגעהויבען פונ׳ם אָרט און איז איהם נאָכ־געגאַנגען מיט אַ גנבה׳שען שמייכעל אין די אויגען:

— קומט, איהר האָט דאָס נאָך אויף אייער לעבען ניט געזעהען... הוטשו־קוטשו טענץ. איהר פערשטעהט? וואָס האָט איהר מורא? אייער ווייב האָט איהר דאָך אין דר׳ערד אויף אַן אמת...

— טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר, שטן מקטרג — האָט אָרע אַרויס־געמורמעלט.

— איך וואָלט נור וועלען אַ קוק טהאָן, ווי איהר וועט דאַן אויס־זעהן! — האָט זיך סעמקע צולאַכט.

— איהר וועט גאָר גישט זעהן. איך בין ניט קיין הולטאַי — האָט אָרע געמורמעלט — לאָזט מיך געמאַך און רעדט גאָר ניט צו מיר וועגען אָט די דאָזיגע אַלע הולטאַיסטוואָס. איך וויל גאָר ניט וויסען פון דעם!

— און אז איך וועל אייך ריידען אַ שידוך? — האָט סעמקע זיך פּלוצים אַנגערופען און פון זיינע אויגען האָט געשפּריצט אַ גע־לעכטער.

— געוויס וועל איך טאָן אַ שדוך — האָט אָרע ווידער אַרויס־געמורמעלט. און פּלוצים האָט ער אַ טראַכט געטהאָן: "אפשר גאָר איהם בעטען וועגען רייטשעלען?"

— איך האָב אַן אַלטע מוהמע — האָט סעמקע ווייטער גערעדט.

— מוחל! — האָט אָרע זיך אַ כאַפּ געטהאָן — רעדט מיר ניט קיין שדוכים.

— און אַ מיידעל?...

— לאָזט מיך, איך בעט אייך, צופריעדען.

סעמקע האָט איהם ווידער עפּעס געוואָלט זאָגען, נור אין דיעזער צייט איז עטעל אַרויסגעקומען פונ׳ם שטוב, און ער האָט מעשה העפליכער דזשענטעלמאַן אַרונטערגעכאַפּט דעם פּאַנאַמאַ־הוט פונ׳ם קאָפּ און זיך אַ לאָז געטהאָן איהר אַנטקעגען.

— הא דו יו דו, מיסס כיריג? — האָט ער געזאָגט, דריקענדיג איהר די האַנד — ווי פיהלט איהר זיך היינט?

— אָה, טהענק יו! — האָט זי געענטפערט און איז רויט גע־וואָרען.

זי האָט היינט געטראָגען אַ ראָזעווע קלייד און מיט איהרע שמאָלע אקסלען, אונענטוויקעלטע פאָרמען און דער פודרע אויף דעם מאָגער קליין פּנים'ל האָט זי אויסגעזעהן נאָך במעט גאָר אַ קינד, וואָס האָט זיך אויסגעפּודערט.

— אָה, יו לוק פיין טו־דעי! — האָט סעמקע ווידער געזאָגט.

זי איז נאָך רויטער געוואָרען און האָט מיט אַ גליקליכען שמייכעל אַרויסגערעדט:

— יעס? איהר מיינט דאָס טאַקי אויף אַן אמת?

ער האָט געענטפערט מיט געפיהל אינ'ם קול:

— אָה, מיסס כּיריג, איהר צווייפעלט אין דעם? איך בעט אייך, צווייפעלט קיינמאָל ניט אין מיינע ווערטער. איך זאָג קיינמאָל ניט, וואָס איך מיין ניט. יעס, איהר זייט וואונדערשעהן, רייצענד, געטליך. עס איז גאָר קיין וואונדער, וואָס מיין קאָזין דאָקטאָר הודקין איז אַזוי פערליעבט אין אייך!

ביי עטלען האָט דער פּנים גענומען שטראַהלען. זי האָט גע־פרעגט:

— פאַרוואָס איז ער נאָך ניטאָ? ער האָט שוין געזאָלט זיין.

— ער וועט מסתמא באַלד קומען. איך וואַרט אויך אויף איהם — האָט סעמקע געענטפערט און צוגעלענט: — ענטשולדיגט, איך'ל צו־געהן זעהן מיינע אַרבייטער.

און ער איז אַרונטערגעגאַנגען פונ'ם גאניק און איז אַוועק צום פּלאַץ געגענאיבער, וואו מען האָט געגראָבען.

אָרע איז געשטאַנען אויפ'ן צווייטען עק פון'ם גאניק און האָט איהם בעגלייט מיט פערטראַכטע אויגען. מיט אַמאָל האָט ער זיך אָנגערופען:

— עטעל, וואָס טהוט די באָבע? זי שלאָפט?

— ניין. זי לייענט דעם טייטש־חומש — האָט עטעל געענטפערט.

דערנאָך איז זי שנעל צוגעגאַנגען צו איהם און האָט שנעל אַרויס־גערעדט:

— פּאַפּאַ, פאַרוואָס האָסטו איהם ניט אַריינגערופען און איהם מכבד געווען מיט עפּעס... כאָטש מיט אַ גלאָז טהעע.

— שבת, מיין קינד — האָט ער שטיל געענטפערט — ער רויבערט. מען טאָר ניט.

זי האָט אונגעדולדיג אַ מאַך געטהאָן מיט דער האנד און געזאָגט:

— אָי, פּאַפּאַ, שוין צייט אַז דו זאָלסט ווערען אויס גרינהאָרן. דו מוזט זיך אָנהויבען צו פיהרען ווי אַן אַמעריקאַנער דזשענטעלמאַן. דאָקטאָר הודקין זאָל זיך מיט דיר ניט דארפען שעהמען. דו ביזט שוין ניט מעהר קיין פעדלער, פּאַפּאַ!...

ער האָט זי אַ גלעט געטהאָן איבער די האָאר און ארויסגערעדט מיט אַ גוטמוטהיגען שמייכעל:

— עטעלע, איך וויל זיך אָבער פאר גאָט אויך ניט שעהמען. אמת, איך בין ניט מעהר, דאַנקען גאָט, קיין פעדלער, אָבער אַ איד בין איך נאָך, טאָכטערעל.

און פּלוצים האָט ער זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און איז ווי צומישט געוואָרען.

— רייטשעל געהט — האָט ער געזאָגט עפּעס ווי מיט אַ פערשטיקט קול.

— וואו? — האָט זיך עטעל אַ כאַפּ געטהאָן, אומגעקוקט זיך און דערזעהען פון ווייטען רייטשעל'ן, וועלכע איז געגאַנגען איבער'ן טראָטואַר צום הויז צו, אין אַ נייעם ווייסען קלייד, גרויסען הוט מיט אַ סך רויטע בלומען, וואָס האָבען זיך געשאָקעלט און געבויגט איבער'ן ראַנד פון פאָרענט. איהרע טריט איבער'ן אַספאַלט האָבען הילכיג אָפּגעקלונגען.

— טאָקי זי — האָט עטעל זיך אָנגערופען — זעה נור, ווי זי האָט זיך דאָס אויסגעפּוצט!... די באָבע האָט זיך שוין געפרעהט. זי איז אַ וואָך צייט ניט געוועזן, האָט די באָבע שוין געמיינט אַז זי וועט שוין מעהר ניט קומען... דעם אמת געזאָגט, פּאַפּאַ, וואָלט איך אַליין איצט אויך שטארק ניט געבענקט נאָך רייטשעל'ן...

— וואָס איז דער מעהר? האָסט זיך מיט איהר צוקריעגט?

— ניין. אָבער...

— וואָס?

— גאָרנישט. אָט אזוי. זי דאַרף וויסען איהר אָרט...

— וואָס מיינסטו?

— איך'ל דיר זאָגען, פּאַפּאַ... מיר דאַכט זיך, אַז מיר דאַרפען ניט זיין מעהר קיין מחותנת'טעס...

— וואָס הייסט? — האָט אָרע זיך אָנגערופען פערוואונדערט — דו ביזט דאָך געווען איהר בעסטע חבר'טע?

— מאַלאַ וואָס איך בין געווען. איצט... זאָל זי זיך זוכען איהר גלייכען און איך וועל זוכען מיין גלייכען...

— אי, אי, טאַכטערעל, טאַכטערעל, זינדיג ניט אַזוי! — האָט אָרע געזאָגט — אַז גאָט האָט דיין טאַטען געהאָלפען, דאַרפסטו דער־פאַר גאָט דאַנקען, אָבער מענשען דערפאַר מבייש זיין דאַרפסטו ניט. פערקעהרט, זיי דו מקרב רייטשעלען איצט נאָך מעהר. זי איז אַן אָרים מיידעל. געווען אַ חבר'טע דיינע, דו קענסט איהר אַמאָל אפשר אויס־העלפען, טאַכטערעל, דו דאַרפסט ניט זיין צו אַנדערע שלעכט, ווען דיר איז, דאַנקען גאָט, גוט...

— איך בין ניט שלעכט צו איהר. אָבער, פּאַפּאַ, איך פיהל, אַז זי פערגינט מיר ניט. זאָגט מיר אַמאָל אַ שטאָך־וואָרט... און חוץ דעם, פּאַפּאַ, ווי לאַנג נאָך?...

— וואָס, ווי לאַנג נאָך? — האָט אָרע געפרעגט.

— כ'מיין, ווען איך וועל חתונה האָבען מיט'ן דאָקטאָר — האָט עטעל געזאָגט מיט אַ שטיל קול — וועל איך דאָך מוזען... דער דאָק־טאָר וועט געוויס ניט וועלען, אַז איך זאָל זיין אַ פריינדין פון אבי וועמען...

אָרע האָט זי אַ רגע אָנגעקוקט פערטראַכט. דערנאָך האָט ער אַ שאָקעל געטהאָן דעם קאָפּ.

— איך וויל דאָס ניט, דו הערסט? — האָט ער דאַן ארויסגעמורמעלט מיט פערשטיקטער אויפרעגונג אין'ם קול — דו וועסט איהר אומזיסט ניט פערגיסען דעם בלוט. זי איז ניט ערגער פון דיר...

— זעה נור, וואָס ווילסטו? — האָט עטעל זיך אָנגערופען און איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— נעהם זי צו פאַר אַ גוטען גאַסט, דאָס וויל איך...

— נו, געוויס. ארויסטרייבען וועל איך זי ניט. — האָט עטעל געזאָגט — איך מיין נור...

— און זיי מיט איהר אַ חבר'טע ווי פריהער — האָט זי אָרע אונטערבראָכען.

— אָבער, פּאַפּאַ, איך פערשטעה ניט... דו מיינסט, אז עס פּאַסט איצט פיר מיר?...

זי איז שטיל געוואָרען, ווייל הינטער איהר האָט זיך דערהערט רייטשעל׳ס קול:

— גוט שבת אייך!...

— גוט שבת, גוט יאָהר! — האָט אָרע זיך אָנגערופען מיט אַן אויפגערעגט קול — אַן אורח!...

— טאַקי אַן אורח! — האָט זיך עטעל א כאַפּ געטהאָן און געמאכט א פריינדליכע מינע צו רייטשלען, וועלכע איז ארויפגעקומען אויפ׳ן גאניק.

דאָס קלייד, וואָס רייטשעל האָט געטראָגען איז געווען פון לייכטען דורכזיכטיגען שטאָף און ווייט אויסגעשניטען ביים האלז פון הינטען און פון פאָרענט, און אָרע׳ן האָט זיך אין די אויגען געוואָרפען די נאקעטע פולע רונדקייט אונטער איהר האלז, וואָס האָט זיך היים בעוועגט ארויף און אראב, און ער האָט אַפּגעקעהרט דעם קאָפּ.

— פאַרוואָס האָט מען דיך עפּעס אזא צייט ניט געזעהן, רייטשעל? — האָט עטעל זיך ווידער אָנגערופען.

— טאַקי שוין א היבשע צייט, ווי מיר האָבען זיך ניט געזעהען — האָט רייטשעל געזאָגט — מעהר ווי א וואָך. דו האָסט עפּעס שטאַרק געבענקט נאָך מיר? — האָט זי צוגעלעגט מיט א לייכטער איראָניע אין׳ם קול.

— פון וואַנען ווייסטו, אז ניט?...

רייטשעל האָט מיט א מינע פון מיסטרויען א שאָקעל געטהאָן דעם קאָפּ און געענטפערט:

— דאָס הארץ זאָגט מיר עפּעס, אז ניט... דו ווייסט דאָך, עטעלע, אז גאָר קיין גראָבער נאַר בין איך ניט, אז קיין פינגער אין׳ם מויל דאַרף מען מיר ניט ארייגלייגען... איך ווייס, אז...

— נו, נו, חכמ׳ע זיך ניט — האָט עטעל זי אונטערבראָכען — בעסער לאָז מיך זעהן דיין נייע דרעסס...

זי האָט לכתחילה ניט געמיינט דאָס נייע קלייד, האָט נאָר געוואָלט יוצא זיין פאַר איהר טאַטען און אביסעל פיר רייטשלען אויך, ווייל גראָב זיין און מיט אַמאָל אָפּברעכען איהר פריינדשאַפט מיט רייטשלען האָט זי ניט געקענט, כאָטש די לעצטע צייט האָט זי גענוג

געלאָזט פּיהלען יענער, אז זי, עטעל, איז שוין ניט די אייגענע, וואָס פריהער. ווידער האָט זי איהר איצט געוואָלט ארויסווייזען פריינד־ליכע אויפמערקזאמקייט, ווייל טיעף אין'ם הארצען איז זי איצט געווען צופריעדען, וואָס רייטשעל איז געקומען. זי איז אין גאַנצען פול גע־ווען מיט איהר חתן, האָט זיך גענויטיגט אויסצורעדען פיר ווע‏מען און האָט אויסער רייטשלען קיין אנדערע פריינדין ניט געהאַט. אָבער בעטראַכטענדיג דאָס קלייד, האָט זי זיך באַלד אויף אַן אמת פער־אינטערעסירט מיט דעם, צוליעב דעם קלייד גופא. האָט אויף אַ ווײַלע פערגעסען אַלסדינג, האָט בעטראַכט דאָס קלייד פון אַלע זייטען, בע־טאַפּט עס פון פאָרענט און פון הינטען און געדרעהט רייטשלען אויף אַלע זייטען.

— פיין, פערנויץ געזונטערהייד — האָט זי צום סוף געזאָגט.

— אַ דאַנק — האָט רייטשעל געענטפערט און ארונטערגענומען דעם הוט פון'ם קאָפּ — און ווי געפעהלט דיר מיין העט?

עטעל האָט ארייַנגענומען רייטשעלס הוט אין די הענד, איבער־געטאַפּט אַלע בלומעלאַך, האָט דאָס אָנגעמאָסטען אויף זיך, ווידער ארונטערגענומען, דאָס געדרעהט און בעטראַכט ווידער פון אַלע זייטען און דערנאָך געזאָגט:

— אַ פיינע העט. וואָס האָסטו בעצאָהלט?

— דריי דאָלאַר.

— ווערטה.

— אַ מציאה! — האָט רייטשעל אונטערגעכאַפּט, אָנגעטהאָן דאָס ווידער, קאָקעטיש אַ דרעה געטהאָן דעם קאָפּ און פרעהלי־גערעדט ווייטער, קוקענדיג מיט איין שוואַרץ, לאַכענדיג אויג אויף אָרע'ן און מיט דעם אַנדערען אויף עטלען: — נו, און ווי זעה איך אויס אין דעם? — איאָ, ניט מיאוס?

עטעל האָט אַ טראַכט געטהאָן: „אָה, זי איז שוין דאָ מיט איהרע פרעכע שטיק!" און זי האָט גאָר נישט געענטפערט. אָרע האָט נור פערוווירט אַ שמייכעל געטהאָן.

פּלוצים האָט זיך רייטשעל אַ כאַפּ געטהאָן:

— זעה נור, איך האָב גאָר ניט בעמערקט! דו טראָגסט דאָך אויך אַ נייע קלייד... ווען האָסטו זיך דאָס געמאַכט?

— די וואָך — האָט עטעל געענטפערט — איאָ, שען?

און איהר פנים האָט ווידער אָנגענומען אַ פריינדליכען אויס־דרוק.

— וואָס קאָסט דאָס?

— אַ פערציג דאָלאַר. איאָ, עס פּאַסט צו מיר?

— פערציג דאָלאַר? — האָט רייטשעל ארויסגערעדט פערוואונ־דערט און אַ טראַכט געטהאָן: „גוואלד, וויפיעל געלד זי גיט אויס אויף קליידער... אַזאַ שלימזל און האָט אַזאַ מזל!"...

און זי האָט גענומען טאַפּען דאָס קלייד, ווי עטעל פריהער זיהרען. עטעל האָט זיך געדרעהט פאַר איהר מיטביידע מאָגערע הענטעלאַך פון הינטען ביי דער טאַליע.

— ווי ליעגט עס אויף מיר, רייטשעל?

— ווי זאָל ליגען אַ פּערציג דאָלארדיגע קלייד?...

— שען, איאָ?

זעהר שען. דו האָסט איצט, עטעלע, קיין עין הרע, קליידער, ווי אַ פּרינצעסין...

עטעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעקוקט זי פּלוצים מיט שטראַה־לענדיגע אויגען און אַרויסגערעדט מיט אַ גאַנץ בעזונדערען ווייבען טאָן:

— איך דאַרף איצט, רייטשעלע, שענע דרעסעס...

— וואָס עפּעס דוקא איצט?...

— אָט אַזוי — האָט עטעל געענטפערט, געמאַכט אַ געהיימע מינע און זיך גליקליך צולאַכט.

— אמת, רייטשעל, אמת! — האָט זיך אָרע פּלוצים אָנגערופען און צופריעדען אַ גלעט געטהאָן די באָרד. — דו גיב איהר אָפּ מזל טוב. זי קריגט מיט מזל אַ חתן, אַ פיינעם חתן, אַ דאָקטאָר, אַ צאַצקע...

— אַ חתן?!... עטעל?!...

זי האָט ווייט פונאַנדערגעעפענט איהרע שווארצע אויגען און געקוקט דאָ אויף אָרע'ן און דאָ אויף עטלען.

עטעל איז צו איהר צוגעגאַנגען, האָט זי ארומגענומען און ארויפ־געקוקט צו איהר מיט ווארימע אויגען, פול גליק.

— יאָ, יאָ, רייטשעלע — האָט זי אריסגעפּליסטערט — ער וועט דאָ באַלד זיין... אַ דאָקטאָר!...

— אַ פיינער חתן, אַ צאַצקע, אַ ציערונג! — האָט אָרע אויך אונטערגעהאַלטען דעם געשפּרעך.

— אַ דאָקטאָר? טאַקי אַ ריכטיגער דאָקטאָר? — האָט רייטשעל ארויסגעמורמעלט.

— יאָ, יאָ, אַ ריכטיגער דאָקטאָר — האָט עטעל געענטפערט און צוגעלעגט מיט אַ פּליסטערן — און ווי שען ער איז, רייטשעל, אַן אמת'ער גראַף. און ער האָט זיך אַזוי פערליעבט אין מיר און ער האָט מיך אַזוי ליעב, רייטשעלע!...

— ער האָט זיך פערליעבט אין דיר? — האָט רייטשעל אויסגערעדט און זיך אומגעקוקט אויף אָרע'ן מיט פערוואונדערטע אויגען, אקוראט ווי זי וואָלט ביי איהם געפרעגט, אויב דאָס איז אמת.

— יאָ, ער האָט זיך טאַקע פערליעבט אין איהר, רייטשעל! — האָט זיך אָרע אַ כאַפּ געטהאָן און איבער זיין פּנים האָט זיך צוגאָסען אַ ברייטער, קעלבערנער שמייכעל — און נאָך ווי? ווי יעקב אבינו אין רחל'ן!... דער דאָקטאָר האַלט שטאַרק פון דעם פון... פון ליעבע מיין איך — האָט ער ערקלעהרט און זיך פּלוצים ווי פערשעהמט.

„מאַמעלאַך, איך וועל אויף זיך די הויט צורייסען!" האָט רייטשעל אַ טראַכט געטהאָן און עס איז איהר געוואָרען אַזוי שווער אויפ'ן הארצען. דערנאָך האָט זי ארויסגערעדט, ווי פערווירט:

— אָבער ווען איז דאָס מיט אַמאָל געוואָרען? פאַרוואָס האָב איך וועגען דעם גאָר ניט געוואוסט? זעהסט, וואָס פיר אַ פריינדין דו ביזט מיר, עטעלע? — האָט זי זיך דאַן מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטהאָן — דו האָסט מיר אפילו ניט דערצעהלט...

— ביז נעכטען האָב איך דאָס נאָך אליין ניט געוואוסט. אוי, רייטשעלע, דו וועסט איהם באַלד זעהן! ער איז אַזוי, אַזוי ליעב, אַזאַ דזשענטעלמאַן!

— ער איז שען אויך?...

— ווי גאָלד, רייטשעלע...

— און האָט קיין שום פעהלער?...

— וואָס הייסט? — האָט זיך עטעל אַ כאַפּ געטהאָן און איז אַפּגעטראָטען פון איהר.

— איך מיין, אַזוי איז ער אָלל-רייט, ווי אַלע מענשען? — האָט רייטשעל ווייטער געפרעגט מיט אָפענער נערוועזיטעט.

— איך פערשטעה דיך ניט — האָט עטעל געענטפערט און אויף איהר פנים, וואָס האָט נור וואָס געשטראַהלט, האָט זיך פּלוצים א וואָלקען אַנגערוקט.

— איז ער א געזונטער מענש?

— וואָס פרעגסטו ביי מיר אַזוינע פראַגען — האָט עטעל זיך אָנ־געריפען מיט אַ שניידענדיגען טאָן.

— פאַרוואָס זאָל איך ניט פרעגען? נאַרוניו, איך וויל וויסען, וואָס פאַר א חתן דו קריעגסט!

— מיר איז ער געפעלען. און טאָמער וועט ער דיר ניט זיין געפעהלען, בין איך אויך ניט בדלות. דו זאָלסט אזא ניט נעהמען!

— האָט עטעל געזאָגט, א מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ, פערצויגען מיט פעראַכטונג די ליפּען און זיך אָפּגעקעהרט פון איהר.

— אָט, זי איז שוין אין כעס! — האָט רייטשעל זיך אָנגערופען און נערוועז זיך צולאַכט — מאָדנע, איך ווייס גאָר ניט איצט, ווי צו ריידען מיט דיר. מען דאַרף זיך היטען מיט א וואָרט, אקוראַט ווי דו וואָלסט א פּרינצעסין געווען. איהר זעהט, ר' אָרע — האָט זי זיך א קער געטהאָן צו איהם — זינט איהר זייט געוואָרען א נגיד, קען מען גאָר מיט איהר ניט אויסקומען. אָט איז זי, דאַכט זיך, מיט מיר אדרבה וואדרבה און מיט אַמאָל פערדרעהט איהר דער קאָלטען, ווערט בייז און...

— דו ביזט א שלאַנג! דו פערגינסט מיר ניט דעם לעבען! — האָט עטעל זי אונטערגעבראָכען מיט כעס — דיך פערדריסט, וואָרום מיין טאַטע איז איצט ניט קיין אָרימאַן און איך געה ניט אין שאָפּ אַזוי ווי דו. איך קען דיך, רייטשעל!

און געזאָגט עס, אַז זי מיט כעס אוועקגעלאָפען אין הויז אריין.

רייטשעל איז געבליבען שטעהן מיט א צומישטען שמייכעל.

— וואָס זאָגט איהר צו אייער עטלע'ן? — האָט זי ארויסגע־מורמעלט, ווענדענדיג זיך צו אָרע'ן: — וואָס האָב איך איהר געטהאָן?...

אָרע האָט אויך צומישט געשמייכעלט און געשוויגען. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען:

— ווייס איך, א קינד... זי וועט זיך באַלד איבערבעטען מיט דיר. זיץ, רוה זיך אָפּ. וואָס שטעהסטו?

זי האָט אַ דריק געטהאָן די אַקסלען און אַרויסגערעדט:

— אָבער די לעצטע צייט האָט נאָך ניט געטראָפען איין מאָל, זי זאָל זיך מיט מיר ניט צוקריגען... נו, יאָ, אַז מען ווערט רייך, ווערט מען קלוג, גרויס ביי זיך און... אַי, ווי היים! — האָט זי זיך מיט אַמאָל אונטערבראָכען.

זי האָט זיך געזעצט, אַרויסגעשלעפּט פון אַן אַרבעל, דורך וועלכען עס האָט דורגעלייכט איהר נאַקעטער אָרים, אַ טיכעל און זיך אָפּגע־ווישט דעם צופלאַמטען פּנים און אָרום האַלז.

אָרע האָט זיך אויך געזעצט אויפ'ן צווייטען שטוהל ניט ווייט פון איהר.

— נו, זאָגט איהר אַליין, ר' אָרע — האָט זיך רייטשעל ווידער אָנגערופען מיט אַ טאָן, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געקלאָגט פאר איהם — אַט איהר האָט דאָך געהערט! וואָס האָב איך איהר אַזוינס געזאָגט? איהר שטעהט ניט אָן מיך מעהר צו קענען — האָט זי ווייטער גערעדט און איהר קול האָט גענומען ציטערען פאר אויפרעגונג — איך בין אַן אָרעם מיידעל און איהר טאַטע איז רייך געוואָרען, טאָ זאָל זי מיר זאָגען אָפען: „אַזוי און אַזוי, רייטשעל, איך בין איצט געוואָרען אַ פּרינצעסין, אַ גראַפיניא פּאָמאָצקאַיאַ און דו ביזט אַ שאָפ מיידעל. שטעהט מיר ניט אָן מיט דיר מעהר צו ריידען און דאַט'ס אָלל! וועל איך דעמאָלט וויסען, אַז איך דאַרף מעהר אַהער ניט געהן. אַזוי אָבער ווייס איך ניט, ווי איך האַלט מיט איהר. אַט איז זי מיט מיר אדרבה וואדרבה און אין אַ ווייליע אָרום — אוים! רייסט געגען מיר די נאָז... וועלל, אָלל רייט, איך האָב שוין לאַנג געטראַכט ניט צו געהן מעהר אַהער!...

אָרע האָט זיך צוגעהערט צו איהרע ווערטער, פון צייט צו צייט געוואָרפען אַ קעלבערנעם בליק אויף איהר רונדען, דיקען אָרעם, וואָס האָט מיט אַזאַ כשוף געווינקט צו איהם דורך דעם דורכזיכטיגען אַרבעל, און געטראַכט: „טאָמער וואָלט איך פּאָרט אַ בעט געטהאָן סעם'קען, אַז ער זאָל מיט איהר אַ שמועס טהאָן?" דערהערט איהרע לעצטע ווער־טער, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— האַ? וואָס זאָגסטו? וואָס הייסט? אַי, זיי דו ניט קיין נאַר, קום וואָס אָפטער צו אונז, קום יעדען טאָג, וועסט זיין אַ גוטער אורח...

— אַ שענער אורח בין איך ביי אייך — האָט זי זיך וויעדעו־
אַנגערופען מיט גאַל אין׳ם קול — אייער מאַמע האָט מיך פיינד...
מילא, אייער מאַמע האָט מיך קיינמאָל ניט האָלד געהאַט, אָבער טעל?

— פטור נו, איהר וועט זיך איבערבעטען — האָט ער געזאָגט
— און זי וועט זיך מעהר מיט דיר שוין ניט קריגען. איך וועל שוין
איהר זאָגען...

רייטשעל האָט גערעדט ווייטער, מעהר צו זיך אַליין ווי צו אָרע׳ן.
דאָס, וואָס האָט זי געשטיקט די גאַנצע צייט — די קנאה צו טעל׳ען,
די פערביטערונג געגען איהר און די ביינקעניש נאָך סעמקען און דער
אומעט — דאָס, וואָס האָט זיך נור צווייטענווייז און נור טהיילווייז
ארויסגעריסען ביי איהר, בעת זי האָט זיך די לעצטע צייט געטראָפען
מיט טעלע׳ן, האָט זיך ביי איהר איצט אין גאַנצען, פול גאַל און פער־
צווייפלונג, אַרויסגעריסען:

— איך האָב אַזוי פיעל שכל ווי זי אין מיין מינדעסטען נאָגעל.
און עס איז נור צום לאַכען, ווען זי רייסט געגען מיר די נאָז. נו, אַז
איהר טאַטע איז רייך געוואָרען, איז זי דערפאַר געוואָרען קליגער,
שענער? די זעלביגע טעל, נאָך נארישער ווי פריהער! איך וואָלט
שוין לאַנג אַ שפּיי געטהאָן, ווען איך וואָלט זיך געהאַט וואו אהינצו־
טהאָן... עס איז אַזוי אונמוטהיג, דאָס האַרץ ווערט אַמאָל צוריסען
און אַ וואָרט אויסצוריידען איז ניטאָ צו וועמען... בראָנזוויל איז אַזוי
ווי אַ דאָרף. מען קען דאָ שטאַרבען פאַר אומעט... יאָ,יאָ, איך וועל
זיך מוזען איבערקלייבען אין ניו יאָרק. — זי האָט צוגעטראָגען דאָס
טיכעל צו די אויגען — נאָך נעקסטע וואָך. די גלייכסטע זאַך פאַר
מיר. דעמאָלט וועל איך פאַרגעסען בראָנזוויל און אַלעמען! אויס,
אַ סוף, אַן עק, ניט טראַכטען מעהר פון דעם, פערגעסען און דאַט׳ס
אַלל!...

זי האָט זיך אויפגעהויבען, אַריינגעשפּאַרט דאָס טיכעל אין אַר־
בעל און זיך געווענדעט צו אָרע׳ן:

— זאָגט אייער פרינצעסין, אַז איך וועל זי שוין מעהר ניט בע־
אונרוהיגען. גוד באַי!...

— דו געהסט גאָר אוועק? — האָט זיך אָרע אַ כאַפּ געטהאָן און
זיך אויך אויפגעהויבען פון׳ם שטוהל — אי, רייטשעל, איך האָב גאָר

ניט גערעכענט, אַז דו זאָלסט זיין אַזא פארביסענע. זיץ, זיץ נאָך אַ ווײַלינקע. איך מאַך שלום צווישען אייך, דו וועסט זעהן!

— מיך אַארט ניט, אַז נײן, ר' אָרע. עס איז ביי מיר גאָר ניט קיין גרויסע זכיה.

— ווארט, דער דאָקטאר קומט באלד. דו וועסט זעהן, וואָס פאר אַ חתן עטעלע קריעגט.

— זאָל זיך עטעל מיט איהם פרעהען. אַ פּאַני דאָקטאָרשע, הא? האָט זי צוגעליײגט און ביטער אַ שמייכעל געטהאָן.

— דיר וועט ער אויך געפעלען, דו וועסט זעהן! אַ חתן, אַ צאַצקע...

— און וואָס קאָסט אייך די דאָזיגע צאַצקע? — האָט רייטשעל פּלוצים אַ פרעג געטהאָן צורייצט.

— אָה, גענוג. אַ צעהן טויזענד וועט מען איהם מוזען אָפּשטעקען

— האָט אָרע געענטפערט מיט אַ שמייכעל און זיך אַ גלעט געטהאָן די באָרד.

— צעהן טויז...? — האָט רייטשעל ארויסגעשטאמעלט, געעפענט ברייט די אויגען און האָט זיך אַזש פאר איבערראשונג צוריק ארונטערגעלאָזט אויף איהר שטוהל. — צעהן טויז... מאַמעלאָך מײנע!

— דאָס איז נאָך אַ מציאה — האָט אָרע זיך אָנגערופען מיט אַ ברייטען שמייכעל.

רייטשעל האָט געשוויגען אַ ווײַלע און געקוקט אויף איהם מיט איהרע ברייטע פונאַנדערגעעפענטע אויגען. דערנאָך האָט זי טיעף אָפּגעצויגען דעם אָטהעם און ארויסגערעדט:

— אַ־אַ־ז־זוי? מוזט איהר דאָך איצט אודאי זיין אַ ראָטשילד?

— דאנקען גאָט, נישט צו פערזינדיגען. איך האָב צו גאָט ניט צוגעלעגט...

זי האָט זיך פערטראַכט. דערנאָך האָט זי זיך ווידער אָנגערופען:

— אייך הפנים מוז איצט בראָנזוויל שטאַרק געפעהלען?...

ער האָט אָנגעהויבען שטיל צו לאַכען.

— און איהר אַליין וועט מסתמא איצט אויך חתונה האָבען מיט אַ מיידעל...

ער האָט געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— וואָס דען ? מסתמא... פאַרוואָס זאָל איך ניט חתונה האָ־בען ?... אז עס וועט זיך עפּעס מאַכען אַ ריכטיגע...

און ער האָט זיך פּלוצים פערשעהמט, אָפּגעהאַקט אין מיטען די רייד און זיך געזעצט.

— וואָס מיינט איהר אַ ריכטיגע ?

— אָט... אַ שידוך מיין איך — האָט ער געענטפערט און צו־מישט געשמייכעלט. זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ שפּאָטישער מינע צורייצט.

— ר' אָרע — האָט זי געזאָגט — האָט חתונה אויך מיט אַ דאָק־טאָרשע. פאר געלד וועט איהר אויך קריגען די מציאה...

ער האָט זיך צומישט פונאנדערגעלאכט:

— דו הייבסט שוין אָן מיט דיינע קאַטאָוועסלעך, רייטשעל ?...

— איך מיין אויף אָן אמת, אויב עטעל האָט געקענט פאר געלד זיך אַ דאָקטאָר קריעגען, פאַרוואָס זאָלט איהר קיין דאָקטאָרשע ניט קענען קריעגען...

ער האָט אַ מאַך געטהאָן צו איהר מיט ביידע הענד.

— אַי, רייטשעל, לאָז ניט פון מיר ! — האָט ער געזאָגט — איך בין ניט אַזאַ גראָבער נאַר, ווי דו מיינסט...

— הפּנים אַז ניט... הייַנט וואָס דען רופט איהר אַ „ריכטיגער" שידוך ?...

— אָט עפּעס אַ לייטישע מיידעל — האָט ער פּלוצים געזאָגט און אַרונטערגעלאָזט די אויגען.

„אָט האָסטו דיר" — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן — „אַ מיידעל. אַ מכה איהם אין הארצען !"...

און זי האָט ווייטער געפרעגט:

— און וויפיעל נדן דאַרף האָבען דאָס מיידעל, אַז איהר זאָלט מיט איהר וועלען חתונה האָבען ?...

ער האָט אויפגעהויבען די אויגען און זי ניט דרייסט אָנגעקוקט.

— נדן גאָר ?... איך וויל ניט קיין נדן... איך וויל אַן אָרימע, אָבער לייטישע מיידעל...

— אַ מיידעל, האַ ? ווי אַלט זאָל זי זיין ?... זיעבעצעהן, אכצעהן ?...

— האָט ניט געענטפערט און ניט דרייסט געשמייכעלט.

— וואס האט איהר מורא צו ענטפערען, ר' ארע? זאגט מיר. אפשר האב איך פאר אייך א שידוך?...

ער האט שטיל געענטפערט מיט דעם אייגענעם ניט־דרייסטען שמייכעל אויף די ליפען און אין די אויגען:

— אז דו ביזט א שדכנ'טע, הייגט פארוואס שדכנ'סט ניט אויס פאר זיך קיין חתן?...

— איך וויל ניט חתונה האבען. פונמיינטוועגען מעגען אלע חתנים פערברענט ווערען.

ארע האט א ווייל געשוויגען. פלוצים האט ער זיך מוטה אנ־גענומען צו ריידען דרייסט:

— נו, גוט, איך וועל דיר זאגען, וואס פאר א מיידעל איך זוך. אין דיינע יאהרען. איהר געלד דארף איך ניט. איך וועל איהר געלד געבען, וויפיעל זי וועט אליין וועלען. איך וועל זיך קויפען א שען קאטטערזש און מיר וועלען דארט וואהנען, און פון פייגעל־מילך וועט איהר ביי מיר ניט פעהלען...

— זעהר שען — האט רייטשעל ארויסגערעדט — הייגט וואו נעהמט מען פאר אייך אזא מיידעל?

ארע האט שיער ניט ארויסגעפלאצט: „און דו!" — האט זיך אבער דערשראקען און אפגעקעהרט דעם קאפ.

זי האט געקוקט אויף איהם מיט איהרע שווארצע אויגען, פול שפאט, און האט מיט גאל געשמייכעלט. און פלוצים איז איהר איינ־געפאלען: „אי, ווען ער וואלט טאקי עפעס חתונה געהאט מיט א ריכטיגער מיידעל, וואס וואלט געגעבען די וועלט צו זעהן עטלען און דער אלטער פרומע'ן, אי וואלט דאס געווען א מצוה!" און גלייך נאכ־דעם האט זי א קלעהר געטהאן: „אפשר גאר זאל איך אליין?... אט האבען דאך ביי אונז אין שטאדט אפילו טעכטער פון שענע בעלי הבתים אויך חתונה געהאט מיט עלטערע מענשען!"

דער דאזיגער געדאנק האט זיך אבער איהר אויסגעוויזען אזוי ווילד, דאס זי האט זיך צולאכט הויך אויפ'ן קול.

ארע האט זיך אומגעקוקט אויף איהר.

— וואס לאכסטו? האט ער שטיל געפרעגט.

— איך לאך... כ'וויים? — האט זי געענטפערט און ווידער געלאכט.

דאַן האָט זי מיט אַמאָל אויפגעהערט צו לאַכען: עס איז איהר איינגעפאַלען, אַז אפשר וואָלט ער זי גאָר איצט ניט געוואָלט? פון וואַנען ווייסט זי, אַז זי וואָלט פאַר איהם איצט אַ „ריכטיגער" שידוך געווען?... אמת, ער פלעגט פריהער אַמאָל אריינקוקען צו איהר אין'ם צימער דורכ'ן שליסעל־לאָך, אָבער דאָס איז דאָך געווען פריהער, בעת ער איז ניט געווען רייך. איצט אָבער, איצט...

און אין דיזער צייט האָט זי זיך אַ כאַפּ געטהאָן, ווי פון אַ שטאַרקען שטויס, און איז צוטומעלט געוואָרען: זי האָט דערזעהן נעבען גאַניק סעם'קען, וועלכער האָט געקוקט אויף איהר פערטראַכט.

ער איז נור וואָס צוגעגאַנגען, האָט זי דערזעהן און איז שטעהן געבליבען אונענטשלאָסען. זייט די קלעפּ, וואָס ער האָט פון איהר געקראָגען, האָט ער בעשלאָסען, אַז זי איז אַ בחור'טע, מיט וועלכער עס איז געזינטער נישט צו האָבען צו טהאָן, און האָט זיך געהיט פאַר איהר. ביז היינט האָט ער יעדעס מאָל, ווען נור ער האָט זי בעמערקט, זיך באַלד אָפּגעטראָגען. איצט האָט ער געטראַכט, וואָס ער זאָל טהאָן: צי זאָל ער זיך אָפּטראָגען, אָדער בלייבען, ווייל ער האָט פער־שפּראָכען הודקין'ען, אַז ער וועט דאָ וואַרטען אויף איהם...

אַרע האָט איהם דערזעהן, האָט ער איהם גענומען רופען:—

— קומט זיצט, מיסטער בלום. מיר וועלען באַלד טרינקען טהעע.

סעמקע האָט נאָך אַ ווייל זיך געקווייקעלט. דאַן האָט ער אַ טראַכט געטהאָן: „אַי, וואָס האָב איך פאַר איהר מורא!" איז אויפ'ן גאַניק ארויף, צוגעגאַנגען צו אַרע'ן און האָט זיך געזעצט נעבען איהם.

רייטשעלע'ן האָט אין'ם קאָפּ הייס אַ מיש געטהאָן און זי האָט דערפיהלט, ווי איהרע באַקען האָבען זיך אָנגעצונדען. אין די אויגען איז איהר פינסטער געוואָרען, אַזוי ווי דער שיין פון דעם העלען זו־מערדיגען נאָכמיטאָג וואָלט מיט אַמאָל פון עפּעס פערשטעלט געוואָ־רען. זי האָט ניט געזעהן ווי ער איז פערבייגעגאַנגען, נור האָט זיינע טריט געהערט, ווי דורך אַ חלום...

זי האָט געוואָלט זיך אויפהויבען און אַנטלויפען. זי, וואָס האָט איהם די גאַנצע צייט מיט איהר הארצען געזוכט, וועלכע איז נור אוים בענקעניש נאָך איהם געגאַנגען אין דאָס דאָזיגע הויז, וואו אַלע און אַלסדינג איז איהר פרעמד און אונערטרעגליך געווען, — זי, ווען זי האָט זיך איצט מיט איהם נאָהענט געטראָפען, האָט געוואָלט

פון איהם אַנטלויפען... זי האָט אָבער ניט געקענט: עפּעס האָט זי אין דער אייגענער צייט צוריקגעהאַלטען...

— וואָס איז דער מעהר, מיסטער בלום — האָט זי ווי דורך אַ חלום געהערט אַרע'ס קול — איהר זייט גאָר ברוגז מיט רייטשעל'ען?...

און די דאָזיגע פראַגע האָט זי צו זיך געבראַכט. זי האָט זיך אַ ריהר געטהאָן, אַנגעשטרענגט שאַרף דעם געהער און געוואַרט אויף זיין ענטפער.

אָבער סעמקע האָט געשוויגען.

— וואָס שווייגט איהר, מיסטער בלום? — האָט זי ווידער געהערט אַרע'ס קול.

און דאַן האָט זי דערהערט סעמקע'ס פייפען, דאָס אייגענע פייפען ווי אין יענער נאַכט, און עפּעס האָט אין איהר פערצווייפעלט אויסגעשריען: „שאַרלאַטאַן!“ און זיך געריסען ארויס... זי האָט אַלע איהרע קרעפטען אַנגעווענדעט, כדי זיך צו בעהערשען, האָט דאָך אָבער ניט געקענט און האָסטיג אַ קוק געטהאָן אויף איהם מיט אויגען, פול מיט פעראַכטונג און פערצווייפלונג. ער האָט זיינע אויגען ניט אָפּגעקעהרט פון איהר, געקוקט גלייך איהר אין פּנים אריין, געשמייכעלט, און, ווי איהר האָט זיך אויסגעוויזען, מיט שפּאָט און געפייפט...

„אַי, ווי פרעך!“ — האָט זי פערצווייפעלט אַ טראַכט געטהאָן און אַזוי האָסטיג צוריק אַוועקגעדרעהט פון איהם די אויגען. און דאָ האָט זי זיך מיט אַמאָל די פראַגע געשטעלט: וואָס זוכט זי איהם? ער ליעבט זי דאָך ניט. ווען ער זאָל זי ליעב האָבען, וואָלט ער ביז היינט עפּעס געטהאָן, צו איבערבעטען זי... ער וואָלט ניט געקוקט אַזוי פרעך אויף איהר, ווען דאָס הארץ איז ביי איהר צוריסען, וואָלט ניט געפייפט, וואָלט שוין געענטפערט אַרע'ן אַזוי, דאָס זי זאָל דערפיהלען, אַז ער בענקט נאָך איהר... ניין, ניין, ער האָט זי פריהער אויך נור געזוכט אויסצונוצען און ניט מעהר... ער האָט זי פריהער ניט געליעבט, ליעבט זי איצט ניט און אומזיסט טראַכט זי פון איהם, און אומזיסט בענקט זי נאָך איהם... אויפ'ן בעסטען פאַל וועט ער זי ווידער אויסנוצען. דאָס אָבער זאָל ער ניט דערלעבען!...

און זי האָט זיך דערפיהלט אַזוי הילפלאָז, דאָס זי האָט זיך שיער ניט צואַוויינט.

זי האָט דערהערט סעמקע׳ס קול:

— העלּאָו, דאָקטאָר!

דאַן איז סעמקע איהר פערבייגעלאָפען און נאָך איהם אַרע.

זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיי נאָכגעקוקט. זיי זיינען ביידע געגאנגען אנטקעגען דאָקטאָר הודקין, וועלכער איז נור וואָס אויפ׳ן גאַניק ארויף.

דער דאָקטאָר האָט געשמייכעלט און זיי ביידען די הענד געדריקט. אַרע האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו דער טהיר און מיט די ווערטער: „עטעלע, דיין דאָקטאָר איז דאָ!“ איז ער אין דער טהיר פערשוואונדען.

סעמקע האָט דעם דאָקטאָר אַ קלאַפּ געטהאָן איבער׳ן אקסעל, אומגעקוקט זיך אַהינטער, צו זעהן, אויב אימיצער הערט זיך ניט אונטער, און דערנאָך שנעל ארויסגערעדט:

— עוועריטהינג איז אָ קיי... צעהן טויזענד דאלאר, מיי באָי! איך האָב דיר געזאָגט, אז עס וועט זיך דיר לוינען... צופריעדען, הע?...

— גוד באָי! גוד באָי! — האָט דער דאָקטאָר מיט פרייד זיך אָנגערופען און איהם אַ דריק געטהאָן די האנד — טהענק יו, סעם!... און ווען קריג איך דאָס?...

— איך וועל שוין זעהן, אז דו זאָלסט עס קריגען צו די תנאים — האָט סעמקע שטיל געענטפערט — דערווייל, ברודער דאָקטאָר, זיי אַ ראָמעאָ און געה אויס, פּגר אוועק נאָך דיין זשוליעט... דערצעהל איהר די ריכטיגע מעשה...

זיי האָבען זיך ביידע צולאַכט.

רייטשעל איז דערווייל געקומען אַביסעל צו זיך און האָט פון ווייטען בעטראַכט מיט אַ נייגעריגער מינע דעם דאָקטאָר.

„רבונו של עולם“ — האָט זי געטראַכט — „זאָל דאָס מעגליך זיין, אַז דער דאָזיגער פיינער יונגער מאַן... אַי, וואָס פאר ט טריפה׳נעם מזל זי האָט!“

פון׳ם שטוב איז ארויסגעלאָפען עטעל מיט אַ שטראַהלענדען פּנים און גלייך נאָך איהר האָבען זיך בעוויזען אַרע און די אלטע פרומע, וועלכע איז געווען אויסגעפּוצט שבת׳דיג מיט אַ נייעם ציפּיק אויפ׳ן קאָפּ

עטעל איז צוגעלאָפען צום דאָקטאָר און האָט זיך אַזוי ווי צו־געקלעפּט מיט איהר אַקסעל צו זיינעם. און דערמאָנט זיך, אַז רייט־שעל איז דאָ דערביי, האָט זי זיך אָנגערופען מיט אַ קול, וואָס רייטשעל האָט נאָך ביי איהר קיינמאָל ניט געהערט·

— פאַרוואָס אַזוי שפּעט, בעד באַי? איך האָב געוואַרט און געוואַרט...

ער האָט געענטפערט מיט אַ קול, אַזוי ווי ער וואָלט זי געגלעט:

— די פּאַציענטען האָבען מיר פערהאַלטען... איך האָב זיך קוים אַרויסגעריסען פון זיי... אָך, דאַרלינג, ווי מיר איז היינט אונאַנגע־נעהם געווען, וואָס איך בין אַ דאָקטאָר... מיינע אַלע געדאַנקען און געפיהלען רייסען זיך אַהער; איך וואָלט שוין וועלען זיין נעבען מיין קליין מיידעלע און די פּאַציענטען פערהאַלטען מיך...

— איהר הערט, מיסטער כּיריג? — האָט זיך אַריינגעמישט סעמקע מיט אַ שמייכעל — אַפילו אַ דאָקטאָר צו זיין איז אויך ניט גוט.

און ער האָט צוגעלעגט שטיל, צוביגענדיג זיך צו אָרע'ן:

— אָבער וואָס זאָגט איהר, ווי ער איז פערליעבט אין אייער עטעל'ן?...

אָרע האָט ברייט אַ שמייכעל געטהאָן און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

די אַלטע פרומע איז געשטאַנען געגען דעם דאָקטאָר, פערלעגט אַ האַנד אויף אַ האַנד אונטער דער גרינגער, נייעד ליוסטרירענער קאָפּטע, האָט געקוקט אויף איהם און מיט הרחבה געשמייכעלט·

רייטשעל האָט געהערט דעם געשפּרעך צווישען עטלען און דעם דאָקטאָר און איהר פריהעריגע הילפלאָזיגקייט האָט זיך אין אַן אומעט פערוואַנדעלט, אין אַזאַ קאַלטען, אין אַזאַ שטיקענדען... דער טאָן, מיט וועלכען עטעל האָט צו איהם גערעדט, און זיין טאָן, מיט וועלכען ער האָט איהר געענטפערט, די ווערטער פון ליעבע, אַרויסגערעדט פון אַזאַ פיינעם יונגען מאַן, פון אַ דאָקטאָר, פון איהר עטעל'ס חתן, פון איהר, עטעל'ס צוקונפטיגען מאַן, האָבען זי, רייט־שלען, געדרייצט, אויפגעבראַכט, געוועקט אין איהר נשמה אַ נאָגע־ניש און יאַדעניש, און אַזאַ אומעט... אַזוי ווי דאָס אַלעס איז געטהאָן און גערעדט געוואָרען איהר נור אויף צו להכעיס, איהר נור, רייט־

שלען... זיי אַלע האָבען זי גאָר ניט בעמערקט, אַזוי ווי זיי וואָלטען זי גאָר פאר קיין מענש ניט געהאַלטען!...

און דאַן האָט איהר נשמה זיך אַ כאַפּ געטהאַן און גענומען פּראָטעסטירען מיט האַס און פערצווייפלונג:

— ווער זיינען זיי? דער טאַטע, אַ פריהערדיגער פּעדלער, די מאַכטער אַ גלאָמפּ, אַ גולם, אַ שטיק נבזה, די אַלטע איז אַ מכשפה — ווער זיינען זיי?! נו, און דערפאַר, ווייל גאָט האָט זיי געהאָלפען, איז זי שוין אוים מענש? מעג מען זי שוין אַזוי בעליידיגען?! נו, און ער, אָט דער זשענטעלמאַן מיט'ן גלאַטען צינגעלע, אָט דער שאַר־לאַטאַן, ער, ער... ווי וואַגט ער גאָר צו שטעהן דאָרט, וואו זי געפינט זיך?!... ווי קען ער ריידען אַזוי קאַלטבלוטיג און נאָך לאַכען, ווען זי, וועלכע ער האָט אַזוי שענדליך בעטראַגען, זיצט דערביי?!... אוי, זי וועט צוגעהן צו איהם און איהם אָנשפּייען אַ פולען פּנים!... ניין, זי וועט איהם בעסער אויספּאַטשען... זי וועט איהם אויסקראַצען די אויגען אין גאַנצען!... סיי ווי סיי איז מען שוין מעהר קיין מענש ניט אין זייערע אויגען און אין זיינע אויגען ניט קיין עהרליכע מיידעל... אַ!...

אינ'ם קאָפּ האָט איהר הייס אַ מיש געטהאַן און איהר פּנים האָט זיך אָנגעצונדען פלאַם־פייער...

פּלוצים האָט זי דערהערט אָרע'ס קול:

— דאָקטאָר, איך וויל אייך בעקענען מיט עטעלע'ס חבר'טע... רייטשעל — האָט זי דערנאָך דערהערט זיין קול גאַנץ נאָהענט — דאָס איז עטעל'עס דאָקטאָר!

זי האָט אָנגעקוקט אָרע'ן מיט אויגען, אַזוי ווי זי וואָלט איהם ניט פערשטאַנען.

זי האָט ניט בעמערקט ווי דער דאָקטאָר האָט אַרונטערגענומען דעם הוט און זיך העפליך פערנייגט פאַר איהר, און ווי עטעל, וואָס האָט איהם געהאַלטען אונטער'ן אָרים, האָט מיט אַ ברוגז'ער מינע אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ פון איהר און וואונק געטהאַן צו דער אַלטער פרומע'ן, וואָס איז געשטאַנען פון ווייטען, די הענד נאָך אַלץ פער־לייגט אונטער דער גרינער קאָפּטע. זי האָט אויך ניט בעמערקט, ווי סעמקע האָט זיך אָוועקגעשטעלט אַן אַ זייט און פער'גנב'עט געקוקט אויף איהר.

און מיט אמאל האט זי זיך אויפגעהויבען פון'ם ארט און, ניט קוקענדיג אויף קיינעם, מיט א פנים פלאם־פייער, איז זי אוועק, ניט געזעגענטערהייט.

זיי אלע האבען זיך איבערגעקוקט. ארע האט איהר נאכגעשריען צומישט:

— רייטשעל, וואס אנטלויפסטו?

זי האט איהם אבער ניט געענטפערט.

— וואס איז זי אין כעס? — האט פרומע זיך אנגערופען.

— עטעל האט זיך מיט איהר עפעס צו־ווערטעלט — האט ארע געענטפערט מיט א צומישטען שמייכעל.

— נו, אז זי וועט זיין אין כעס, בין איך נאר אונגליקליך, איך זאג דיר! — האט עטעל זיך אנגערופען מיט פעראכטונג אינ'ם קול, איז אפגעטראטען פון דעם דאקטאר, צוגעגאנגען צו פרומע'ן און שטיל ארויסגערעדט:

— איך בין צופריעדען, וואס זי איז ברוגז געווארען...

— זאל דאס זיין דיין לעצטע דאגה, מיין קינד! — האט פרומע געזאגט.

סעמקע האט א צופ געטהאן דעם דאקטאר ביים ארבעל און שטיל ארויסגערעדט:

— דו האסט געזעהען א בחור'טע? אן אנטיקעלע, ניין?...

דער דאקטאר האט א שמייכעל געטהאן און שטיל געפרעגט:

— ווער איז זי?

— זי וואלט געווען אלל־רייט, זי האט אבער נעגעל, א שווארץ יאהר אויף איהר! — האט סעמקע געענטפערט ווי מיט פערדרוס אין קול.

— דו האסט זיך ניט געדארפט מיט איהר קריגען, עטעלע, — האט ארע זיך אנגערופען, אנקוקענדיג זי מיט פערטראכטע אויגען — איהר זייט געווען די בעסטע חבר'טעס. פע, ניט שען פון דיר!...

און ער האט א שאקעל געטהאן דעם קאפ.

— פטור, נו, — האט די אלטע געזאגט — מעהר קיין דאגה זאלסטו אויך ניט האבען, ארע!... קומט אריין אין שטוב און מיר וועלען טרינקען טהעע. איהר נור — האט זי זיך געווענדעט צו

סעמקע'ן מיט א בעטענדיגער מינע — זאָלט ניט פערגעסען, אז מיר האַלטען פון שבת...

און זיי זיינען אַלע אריין אין שטוב...

---

.15

## משה־בער „די קאַלאטקע" און רייטשעל'ם בעשלום.

ווי נור רייטשעל איז ארונטער פון גאניק, אזוי גלייך האָט איהר פערדראָסען, וואָס זי איז אַנטלאָפען פון זיי. זי האָט עס ניט גע־דארפט טהאָן — האָט זי זיך פאַרגעוואָרפען מיט כעס אויף זיך אליין. — פערקעהרט, זי האָט געדאַרפט דאָרט בלייבען, מאַכען צום דאָקטאָר א פריינדליכע מינע, זוכען מיט איהם צו ריידען, זאָגאר שפּאַסען, און זאָל עטעל צופוקעט ווערען... אָדער זי האָט געדאַרפט בעליידיגען סעמקע'ן פאר זיי אַלעמען אין די אויגען... פאר וואָס האָט זי דאָס ניט געטהאָן? זי האָט דאָך דאָס שוין גערעכענט צו טהאָן? אי איז זי א גלאָמפּ! איצט איז זי אַנטלאָפען, ווי א נאר... זיי לאַכען מסתמא דאָרט פון איהר. און עטעל, און די אַלטע זידלען זי מסתמא, און ער, דער דזשענטעלמאַן, קען זיין, בערעדט זי דאָרט אויך...

אוי, זי וועט זיך דאָס קיינמאָל ניט מוחל זיין, וואָס זי האָט איהם אזוי דורכגעלאָזען! איצט וועט זי איהם שוין מעהר קיינמאָל ניט טרעפען. וואו?... צו עטלען וועט זי שוין מעהר ניט קענען געהן נאָך דעם היינטיגען אוועקגעהן. אוים! געענדיגט מיט איהם! — האָט זי פערצווייפעלט גענומען טראַכטען און פּלוצים האָט אַלסדינג אין איהר אויפגעציטערט און איהרע אויגען זיינען פערלאָפען מיט טרעהרען — אזוי איהם געליעבט, אזוי געבענקט נאָך איהם!...

און זי האָט זיך דערפיהלט אזוי עלענד, אזוי אליין, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט פאר איהר אויסגעשטאָרבען.

„צו וועלכען שווארץ יאָהר לעב איך!" — האָט זי געטראַכט מיט גאַל — „ווער דאַרף מיך! ווער ליעבט מיך! ווער וועט בענקען נאָך מיר, ווען איך זאָל אפילו היינט א מיתה משונה איינגעהמען!"...

איבער איהרע צופלאַמטע באַקען האָבען טרעהרען גערונען...

אזוי איז זי אריין אין דער גאַס, וואו איהר שוועסטער האָט גע־וואָהנט. די זון האָט פייערדיג געאָטהעמט. די שטיינער פונ'ם טראָ־

טוּאָר אונטער רייטשעל׳ס פּיס האָבען געברענט. אַרום האָבען זיך געשפּיעלט קינדערלאַך מיט פערברודיגטע פּנים׳לאַך, האָבען זיך געיאָגט מיט אַ געפּילדער איינס נאָכ׳ן אַנדערען און געהויבען אַ הייסען שטויב פון דער ניט־ברוקירטער גאַס, וועלכער האָט זיך געלעגט אויף די פּנים׳ער און אויף די קליידער פון די אידישע מענער און פרויען, וואָס זיינען געזעסען און געשטאַנען אויף די גאַניקעס פון די צוויי־שטאָקיגע הייזלאַך. אַ ציעג האָט ערגעץ געמעקעט. אַ קאַץ מיט אַ שוואַרצען גלאַנציגען קאָפּ איז געלעגען אויף אַ פענסטער־געזימס אונטער אַ ווייסען, טולענעם פאָרהאַנגעל, וואָס האָט זיך אַביסעלע בעוועגט הין און צוריק, און האָט געזשמורעט איהרע געלע אויגען געגען דער זון. פון צייט צו צייט האָט זיך דאָ און דאָרט אַ פראַזע דערהערט, דאָ פון אַ מאַן און דאָ פון אַ פרוי; דאָ פון אַ גראָבער, באַסאָווער שטימע און דאָ פון אַ קוויטשענדיגען קול, ווי פון ערגעץ אָפּגעריסען: „דער „פּאַרסעל" איז ניט ווערטה דאָס געלד!"...

„סעמקע ממזר, איך׳ל דערצעהלען דעם טאַטען! געה זאָג פּרק!"...

„שבת, איציק! ווארט, ווארט, איך וועל דיך דער׳הרג׳ענען, שגץ!"...

„חיים־זוסע פּליוך שטעלט זיך אויך באַלד בויען!"...

רייטשעל האָט גאָר נישט בעמערקט און גאָר נישט געהערט, איז גאַנצען פערטהאָן אין זיך. זי איז געגאַנגען און האָט געטראַכט, און זיך געמוטשעט און געוויינט אין זיך.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען דעם הויז, וואו איהר שוועסטער האָט געוואָהנט — אַ צוויי־שטאָקיג, הילצערן הייזעל, וואָס איז אַמאָל געווען בלוי געפאַרבט און האָט איצט אויסגעזעהען בלייך און אָפּבלאַקירט. איהר שוועסטער׳ס ווייסע ציעג, וואָס איז געשטאַנען נעבען גאַניק, האָט זי אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע תמ׳עוואַטע אויגען, און ווען רייטשעל איז נאָהנט איהר פאַרבייגעגאַנגען, האָט זי אויסגעצויגען צו איהר די האַלז און האָט מיט פערטרויען אַ רייב געטהאָן דאָס בערדיל אָן רייטשעל׳ס קלייד. רייטשעל האָט מיט כעס אַ מאַך געטהאָן אויף איהר מיט דער האַנד און אַ געשריי געטהאָן:

— אין דר׳ערד געה, דו אויך!...

זי האָט דערהערט אַ געלעכטער און זיך אומגעקוקט. איהר שוועסטער, אַ בלייכע פרוי אין די מיטעלע יאָהרען — מיט שפּורען פון אַמאָליגער שענקייט אויף איהר פערוועלקטען פּנים, איז געזעסען

אויפ'ן גאַניק מיט אַ טייטש־חומש אויפ'ן שויס, האָט געקוקט אויף איהר און געלאַכט.

— ווער נאָך זאָל געהן אין דער ערד, חוץ דער ציעג? — האָט די לעצטע געפרעגט, לאַכענדיג.

— איך! — האָט רייטשעל געענטפערט מיט גאַל אין איהר קול און איז אריין אין הויז.

אויף דער זאַפע, אין'ם עס־צימער, איז געלעגען איהר שוואָגער משה־בער, אַ לאַנגער, דאַרער איד מיט אַ געל בערדעל, אַ פּרעסער פון קינדער־מאַנטלען, און האָט געקוקט מיט פערמאַכטע אויגען ארויף אויף דער סטעליע.

ווען רייטשעל איז אריין, האָט ער מיט אימפּעט אַ דרעה געטהאָן צו איהר דעם קאָפּ און מיט התפּעלות זיך אָנגערופען:

— רייטשעל, איך האָב פאַר דיר אַ שטיקעל נייעס. דו קענסט דאָך יאָכען?...

רייטשעל האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס פאַר אַ יאָכען? — האָט זי געפרעגט מיט כעס.

— דו קענסט ניט יאָכען?... יאָכען! — האָט ער גערעדט ווייטער און האָט פאַר התפּעלות אַזש געקוויטשעט — יאָכען! גוואַלד, יאָכען! דו קענסט דאָך זי! אונזער לאַנדס־מיידעל, אברהם'ל יאָכנע־ביילע'ס טאָכטער, אַט די דיקע מויד, דער קאָזאַק, מיט'ן פּיסקעלע. אי — האָט ער זיך מיט אונגעדולד אונטערבראָכען און אַ מאַך געטהאָן צו איהר מיט דער האַנד — דו קענסט דאָך זי. זי פּלעגט דאָך צו דיר אַמאָל אריינקומען...

— נו, נו, איז וואָס? — האָט איהם רייטשעל אונטערבראָכען.

— נו, ווייסטו שוין וועלכע יאָכע'ן איך מיין?

— איך וויים. נו, וואָס איז מיט איהר?

— זי איז שוין פאַרטיג! — האָט ער ווידער געזאָגט מיט התפּעלות.

— געשטאָרבען?

— געשטאָרבען גאָר? ניין, חתונה געהאַט.

— נו, פרעהט זיך. וואָס דערצעהלט איהר דאָס מיר?

— אָבער הער נור, ווי אַזוי...

— מיך אינטערעסירט דאָס ניט...

— הער, דו וועסט לאכעז — האט ער געזאגט און זיך ראפטאם אויפגעזעצט — דו ווייסט, מיט וועמען זי האט חתונה געהאט? מיט א אידען פון א יאהר זעכציג...

— יאכע? — האט זיך ביי רייטשעלען דאן ארויסגעריסען.

— יא, יא, יאכע, יאכע... נו, וואס זאגסטו צו דעם?...

רייטשעל האט איצט געקוקט אויף איהר שוואגער מיט אזא מינע, אקוראט ווי מען וואלט איהר דערצעהלט, אז איהרע א בעקאנטע, וועלכע זי האט געהאלטען פאר א גרויסע חכמה, האט מיט אמאל דעם פערשטאנד פערלארען. די דאזיגע יאכע, א שענע, געזונדע מיידעל, פלעגט איהר אלץ דערצעהלען, אז צעהנדליגע יונגע לייט זיינען פער־ליעבט אין איהר און זי ווייסט ניט, אין וועלכען באי זיך צו פער־ליעבען. רייטשעל האט איהר דערפאר מקנא געווען. און מיט אמאל גאר אזא געשיכטע!... דערנאך האט זי ארויסגערעדט:

— מסתמא איז ער זעהר א רייכער מאן...

— רייך איז ער. ער האט א גרויסען שאפ פון קליידער אויף ספרינג סטריט אין ניו יארק. זיין נאמען איז אייזיק זוסמאן. ער וואהנט דא אין ברוקלין, אויף בוירגען סטריט. זי האט ביי איהם געארבייט אינ׳ם שאפ.

רייטשעל האט א ווילע נאכגעדאכט. דאן האט זי ארויסגערעדט פערטראכט:

— גערעכט. וואס קען מען האבען פון די יונגע לייט? מיט אזא מאן וועט זי לכל הפחות קענען לעבען א גוטען טאג...

— אבער דער עיקר איז ניט דאס — האט ער זיך אנגערופען און זיך הויך צולאכט — אודאי איז גלייכער חתונה צו האבען מיט אן עלטערען רייכען מאן, ווי מיט א יונגען מאן א קבצן, אבער פאר־וואס זי האט מיט איהם חתונה געהאט, אט דאס איז דער עיקר!..

— וואס מיינט איהר?

— איך מיין... הערסט דאך: איך בין היינט געווען ביי עט־ליכע לאנדסלייט אין ניו יארק און יעדער האט מיר דערצעהלט די אייגענע געשיכטע. מעגסט הערען, רייטשעל. יאכע איז איינגע־שטאנען ביי אונזערען א לאנדסמאן. דו קענסט איהם ניט. א שענע מויד איז זי, דער שד נעהמט זי ניט — נו, האט דער לאנדסמאן גע־ווארפען אן אויג אויף איהר. ער איז דוקא א פערהייראטהער מאן —

האָט אַ ווייב, קינדער, נור ביי שאַרלאַטאַנעס שפּיעלט דאָס עפּעס אַ ראָלע?... בקיצור, אַ יונג איז ער אַ ביטערער, אַ צינגעלע האָט ער אַ גלאַטינקען, די אַלע שאַרלאַטאַנסקע שטוקעס ווייסט ער אויך... נו, וואָס דאַרף דען נאָך אַ נאַריש מיידעל?... איז געוואָרען צווישען זיי אַ פערבליאַפּעניש, און זי האָט ניט גוט פון דעם אָפּגעשניטען... אַי, שלעכט, וואָס טהוט מען? און ווער ווייסט וואָס עס וואָלט נאָך געווען, ווען דער באָס איהרער, מיסטער זוסמאַן, ביי וועמען זי האָט געאַרבייט, וואָלט אין דער אייגענער צייט אין איהר זיך אויך ניט פערבליאַפּעט... ער האָט זיך אין איהר פערבליאַפּעט און איהר געזאָגט: אַזוי און אַזוי, יאַכנע, דו שד, דו טייפעל, איך וויל מיט דיר חתונה האָבען, און זי, ניט קיין נאַרישע מיידעל, האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, ווי אַ הונגעריגער אָן אַ הייסען קוילעטש, פערשטעהסטו מיך, האָט מיט איהם חתונה געהאַט, און שאַ!...

רייטשעל האָט געקוקט אויף איהם מיט אַלץ גרעסערע און גרעסערע אויגען. די דאָזיגע געשיכטע איז אַביסעל עהנליך געווען צו איהר אייגענער געשיכטע מיט סעמקע'ן. זי האָט אויך ניט גוט אָפּגעשניטען פון דער דאָזיגער ליעבע, האָט נאָך געקענט פיעל ערגער אָפּשניידען...

אויף איהר פּנים האָט זיך אָפּגעמאָלט שרעק און עס האָט איהר אַ שוידער געטהאָן.

„גוואַלד, וואו איז געווען מיין שכל?“ — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן — „איך וואָלט זיך דאָן געמוזט בעגראָבען לעבעדיגערהייט!...

פּלוצים האָט זי אַ געשריי געטהאָן מיט אַ קול, פול האָס:

— אַי, אַז בעגראָבען זאָלען ווערען אַלע מענער, אַז קיין געדעכנים זאָל פון זיי ניט פערבלייבען!...

משה־בער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— איך אויך?

רייטשעל האָט איהם ניט געענטפערט און איז אַן אויפגערעגטע אַוועק צו זיך אין צימער.

זי האָט געהאַט אַ בעזונדערען צימער מיט אַ פענסטער צום גאַניק.

דאָרט האָט זי אַרונטערגענומען דעם נייעם הוט פון'ם קאָפּ און איהם אַ שליידער געטהאָן מיט כעס אויפ'ן קליין טישעל, וואָס איז

געשטאַנען אין אַ ווינקעלע, זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן בעט אין דעם נייעם קלייד און טיעף איינגעגראָבען דעם קאָפּ אין דעם קישען.

באַלד איז איהר שוואַגער אַריינגעקומען.

— דו שלאָפסט גאָר? — האָט ער זיך אָנגערופען.

— מיר טהוט וועה דער קאָפּ — האָט זי געזאָגט.

— רייטשעל, פון דעסטוועגען דערצעהל דאָס קיינעם ניט. דאָס איז אַ סוד. איהר מאַן קען זיך נאָך דערוויסען וועגען דעם, קען זי נאָך האָבען „טראָבעל"... און טאָמער ווערסטו דאָס וועמען יאָ דער־צעהלען, זאָלסטו למען השם אָנזאָגען, אַז דאָס איז אַ סוד...

— איך דערצעהל קיינעם ניט און איך וועל קיינעם ניט דער־צעהלען, און טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר! — האָט רייטשעל מיט כעס אַרויסגערעדט — איהר מיינט, איך בין אַזאַ קאַלאַקאָטקע, ווי איהר? וויפיעל מענשען האָט איהר דאָס שוין דערצעהלט?... די גאַנצע וועלט ווייס שוין מסתמא וועגען דעם, האַ? פאַרנאַנדערגעטראָגען צווישען אַלע לאַנדסלייט, האַ? וואָס לאַכט איהר? וואָס שטשירעט איהר אייערע ציינער, קאַלאַקאָטקע! — האָט זי גענומען שרייען אויף איהם מיט גאַל — געהט, עס איז גאָר אַ חרפּה מיט אייך צו ריידען!

און זי האָט זיך אומגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען.

ער האָט שטיל און גוטמוטהיג געלאַכט. ביי זיך אין הארצען האָט ער דוקא געהאַלטען מיט איהר: ער איז טאַקע אַ „קאַלאַקאָטקע", זיין ווייב און רייטשעל זיינען גערעכט. אַ איד אין זיינע יאָהרען, אַ פיער־און־פערציגער, אַ טאַטע פון זעקס קינדערלאַך, זאָלען געזונד זיין, האָט ניט געדאַרפט האָבען אַזאַ לאַנגע צונג... דאָס וואָלט גע־פּאַסט פאַר אַ פרוי, צי פאַר אַ מאַן אַ יונגאַטש, און ער איז דאָך דוקא אַן אנשטענדיגער, פרומער איד, מיט גאָט אין הארצען... נור גאָר נישט, שוין אַזאַ טבע האָט ער: נור גערעדט, נור געמאָלען מיט דער צונג. דערהערט עפּעס וועגען אַ בעקאַנטען, אַ בעקאַנטער, אַ לאַנדסמאַן, אַ לאַנדס־פרוי, דערצעהלט ער באַלד איינעם, אַ צווייטען, אַ דריטען אויף זיין בעזונדערען שטייגער, אַלע מאָל שטאַרק בע־זאַלצען און בעפּעפּערט, לויפט אַרום פון הויז צו הויז, פאָהרט אַריי־בער צוליעב דעם עקסטראַ אין ניו יאָרק צו לאַנדסלייט, דערצעהלט וואָס ער האָט געהערט און אַ סך מאָל, וואָס ער האָט ניט געהערט, נור אַליין אויסגעטראַכט, און דערביי פערגעסט ער ניט יעדעס מאָל

אויפמערקזאַם צו מאַכען יעדען איינעם, אַז מען זאָל לָמען השם נור ניט פערגעסען, אַז דאָס איז אַ סוד. אַ סך מחלוקות האָט ער אַזוי אַריינגעבראַכט צווישען זיינע לאַנדסלייט, צווישען מענער און פרויען, מענער און מענער, און צווישען פרויען און פרויען... דערנאָך האָט עס איהם פערדראָסען, ער האָט חרטה געהאַט אויף דעם, זיך גע־זידעלט אינ'ם האַרצען, געטראַכט ביי זיך, אַז אין איהם זיצען גלגולים פון צעהן ווייבער און זיך אַ וואָרט געגעבען: ניט מעהר. נור באַלד ביי דער ערשטער געלעגענהייט האָט ער ווידער אָן זיין חרטה פער־געסען און ווידער צוטראָגען זיינע געשיכטעס, האָט דערפון ווילד הנאה געהאַט און דערנאָך, אַז אימיצער האָט דערפון געליטען, האָט ער, משה־בער, ווידער אויף אַ ווײַלע חרטה געהאַט און זיך ווידער געזידעלט, ביז ער האָט ווידער אויף דאָס ניי אָן זיין חרטה פער־געסען...

אַזאַ מענש איז ער געוועזען און אַזאַ מיאוס'ע שוואַכקייט האָט ער געהאַט... זיינער אַ לאַנדסמאַן, וואָס האָט געאַרבייט אין אַ אידישער צייטונג, האָט איהם גערופען „משה־בער דער פּאָעט“, זיין ווייב און רייטשעל האָבען איהם גערופען „די קלאַקאַטקע“. און אַ סך לאַנדס־לייט האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען „די אַנשיקעניש“. אין דעם שאָפּ, וואו ער האָט געאַרבייט, האָבען די אַרבייטער צווישען זיך ניט געטאָרט ריידען, בעת דער אַרבייט, איז ער דעם גאַנצען טאָג גע־שטאַנען מיט'ן שווערען, הייסען פרעס־אייזען און האָט אין זיין קאָפּ געשפּינט מעשיות, וועלכע ער האָט דערנאָך דערצעהלט מיט אַזאַ הנאה זיינע בעקאַנטע... די דאָזיגע אַלע מעשיות האָבען געהאַט, גע־וועהנליך, אַ טראָפּען וואהרהייט אין זיך. פון אַ וואָרט אמת האָט ער געשאַפען אַ קוואָרט ליגען. ער האָט עס אנערקענט ביי זיך אין האַר־צען. דערפאַר האָט ער קיין פאַראיבעל ניט געהאַט, ווען מען האָט עס איהם אַמאָל אָפען געזאָגט, און דערפאַר האָט ער איצט אויך ניט פאַראיבעל געהאַט אויף רייטשעלען פאַר איהרע גראָבע ווערטער. ער איז געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע, געקוקט אויף איהר, דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען:

— אַז דו ביזט אַזוי אין כעס, מסתמא מוז דיר גוט וועה טהאָן דער קאָפּ. שלאָף, שלאָף, עס וועט פאַרבייגעהן...

און ער איז אויף די שפּיץ פינגער אַרויס פון איהר צימער.

דערהערט, אז ער איז ארויסגעגאנגען, האט רייטשעל זיך צוריק אומגעדרעהט מיט'ן פנים צום פענסטער.

— אזוי, יאכע האט חתונה געהאט מיט אן אלטען, רייכען מאן — האט זי געטראכט — יאכע... אזא פארשוין... אזא פיקטשור... זאל דאס אמת זיין?... די קאלאקאטקע האט אפשר אויסגעטראכט די געשיכטע מיט דעם לאנדסמאן, וואס האט זי פעראונגליקט... אפשר איז די געשיכטע מיט'ן לאנדסמאן אויך ניט אויסגעטראכט? אפשר איז די געשיכטע מיט'ן לאנדסמאן אויך ניט אויסגעטראכט? האט דאך מיט איהר, מיט רייטשלען, אליין אויך עטוואס אזוינס פאר־סירט... זאל יאכע דערפאר האבען חתונה געהאט מיט'ן אלטען? קען זיין. זי אליין וואלט עס אפשר אויך געטהאן... ניין, זי וואלט עס געטהאן אהן דעם אויך. א רייכער מאן... נו איז ער עלטער... וואס דען, אויסגעריסען ווערען מיט א יונגען?... ווענען קען זי נעהמען, אן ארימע ארבייטערין? אויך אן ארבייטער. וועט לעבען, ווי איהר שוועסטער, אזא פינסטערען לעבען. דער מאן וועט ארבייטען אין שאפ. זי אין הויז, וואשען און סקראבען, און קאכען, און נייהען, און ניאנטשען די קינדער, א שען לעבען! א זים לעבען!..

— און עטעל וועט זיין א פאני דאקטארשע! — האט זי פלוצים ארויסגעמורמעלט מיט גאל און איהרע אויגען האבען א ברען געטהאן מיט האס—און זי וועט זיך שעהמען מיט דעם, וואס זי איז גאר אמאל מיט מיר בעקאנט געווען...

זי איז ארונטערגעשפרונגען פונ'ם בעט און גענומען שפרייזען אויפגערעגט איבער'ן צימער.

„שוין היינט שטעהט איהר ניט אן מיך צו קענען!" — האט זי געטראכט און זיך דערמאנט נאך אן סעמקען, האט זי זיך ווידער שיער ניט צוואויינט —„קיינער וויל מיך שוין מעהר ניט קענען, קיינער... פריהער האט ער מיך משוגע געמאכט מיט זיינע ליעבעס־ערקלעהרונ־גען, האט מיך ליעב געהאט און היינט... היינט... אוים! מען דער־קענט מיך ניט... מען וויל מיך ניט דערקענען... מען בעליידיגט מיך... אי, ווען איך וואלט זיי אלעמען געקענט..."

זי איז שטעהן געבליבען אין מיטען צימער מיט די שווארצע, פערטראכטע אויגען אויסגעגלאצט אויפ'ן פענסטער. אזוי איז זי גע־

שטאַנגען אַ היבשע ווײַלע. דערנאָך האָט זי אַ טופּע געטהאָן מיט'ן פוס אָן דער פּאָדלאָגע.

— אָלל־רײַט, איך'ל דאָס טהאָן! — האָט זי כמעט אויסגעשריען.

זי האָט ווידער גענומען געהן איבער'ן צימער הין און צוריק און געטראַכט:

„יאָ, יאָ, אַזוי וועל איך טהאָן. ניט געפעהרליך, וואָס ער איז אַן עלטערער מענש... סיי־ווי־סיי וואָלט איך איצט קיינעם ניט געקענט ליעבען. און ער איז רייך. צעהן טויזענד דאָללאַר גדן גיט ער יענער, מוז ער זיין זעהר רייך... דאַן וועל איך זיך מיט זיי אַלעמען אָפּרעכענען. אַי, וועל איך זיך מיט זיי אָפּרעכענען, אַי!... דעם שאַרלאַטאַן'ס פוס וועט ניט טאָרען אַריבערטרעטען דעם שוועל, ווי אַ הונד וועל איך איהם פּעריאָגען פון דאָרט... און די... די פּאַני דאָקטאָרשע, וועל איך דאַן אויך לערנען דרך ארץ. איך וועל זיי אַלעמען דרך ארץ לערנען, אַלעמען!“...

זי האָט זיך געזעצט נעבען אָפענעם פענסטער און געטראַכט ווייטער: „ער איז מיאוס, חלשות אויף איהם צו קוקען... עס מאַכט אָבער נישט... ער וועט זיך ביי מיר אויספּוצען, די באָרד וועט ער ביי מיר אָרונטערנעהמען... איך וועל זעהן איהם אויסצומענשלען אַביסעל... און ווידער — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטהאָן — איך דאַרף איצט ניט אויסקלייבען, איך טאָר ניט... איך בין שוין ניט די פּריי־הערדיגע רייטשעל נאָך יענער נאַכט... נאָך יענער נאַכט... נאָך יענער נאַכט“...

זי האָט אַרומגעכאַפּט דעם קאָפּ מיט ביידע הענד און איהם פּערצווייפעלט געדריקט.

— שאַרלאַטאַן, באַנדיט — האָט זי געמורמעלט — אַזוי מיך בעטראָגען און היינט דערקענט ער מיך ניט!... וואַרט, וואַרט, מיר וועלען שוין זעהן!...

— און מיט אַמאָל איז איהר ווידער איינגעפאַלען, ווי פריהער ביי אָרע'ן אויף'ן גאַניק, בעת זי האָט צום ערשטען מאָל אַ טראַכט געטהאָן, הגם מעהר אין ביטערען שפּאַס, וועגען חתונה האָבען מיט איהם, דער געדאַנק: טאָמער וועט ער זי גאָר איצט ניט וועלען... זיין מאַמע און עטעל וועלען געוויס ניט וועלען דערלאָזען, אַז ער זאָל מיט איהר חתונה האָבען...

זי האט זיך א הויב געטהאן פון איהר ארט.

„נו, וועלעז מיר שוין זעהן! אט דוקא ווייל זיי וועט דאס ניט שמעקען, וועט ער מיט מיר חתונה האבען, אט דוקא!" — האט זי געטראכט מיט האס.

איהר שוועסטער איז אריינגעקומען.

— דיר טהוט וועה דער קאפ, רייטשעל? — האט זי געפרעגט.

רייטשעל האט זי אנגעקוקט, ווי מיט פערשלאפענע אויגען.

— וואס איז דער מעהר, רייטשעל? דו קוקסט אויס עפעס?...

און דאן האט רייטשעל זיך אנגערופען:

— וואס זאגסטו? מען רעדט מיר א שידוך...

— א שידוך? מיט וועמען?

— מיט א רייכען מאן, אן אלמן...

— גאר ניט קיין קרומע זאך, אויב ער איז נור רייך...

— זעהר רייך. ער גיט זיין טאכטער צעהן טויזענד דאלאר נדן...

— צעהן טויזענד דאלאר, מאמעלעך מיינע! — האט רייטשעל'ס שוועסטער א פאטש געטהאן אין די הענד — נו, וואס דענקסטו וועגען דעם?

— איך דענק, אז עס לוינט זיך וועגען דעם א טראכט צו טהאן — האט רייטשעל געענטפערט.

— וואס הייסט עס לוינט זיך? — האט רייטשעל'ס שוועסטער זיך א כאפ געטהאן מיט התפעלות — נארוניו, סטייטש, דאס איז דאך עפעס אזא גליק, אזא... האט א סך קינדער?...

— ניין. די קלענסטע טאכטער גיט ער איצט אויס פיר א דאקטאר.

— און מעהר קיין קינדער האט ער ניט? רייטשעלע, דאס איז דאך עפעס... ווי הייסט ער? ווער איז ער?...

— דאס קען איך דיר גאך איצט ניט זאגען — האט רייטשעל געענטפערט פערטראכט.

— וואס האסטו מורא? איך וועל דאך דיר אודאי פערגינען...

— דו וועסט שוין וויסען...

— נו, גוט, דערצעהל ניט. איך בין דיר מוחל. אבער, רייטשעלע, מאמינקע, זעה, לאז דאס ניט דורך. עס מאכט נישט וואס ער איז אן עלטערער מענש... ביי אונז אין שטאדט האבען רייכערע

מיידלאַך, ווי דו, חתונה געהאַט מיט עלטערע מענשען און זייער לעבען אויף דיר געזאָגט געוואָרען. ווי אַלט איז ער: זעכציג? פינף און זעכציג? זיעבעציג? קוק ניט אויף דעם, טהייערינקע!...
אברהם'ל דעם דיין'ס טאָכטער האָט ביי אונז אין שטאָדט חתונה געהאַט מיט שלמה־איצע'ן דעם שניט־קרעמער, ווען ער איז אַלט געוועזן איבער זעכציג. און זי איז איז געוועזן אַ מיידעל פון שענעם יחוס...

— ער מוז זיין אַ יאָהר פופציג — האָט רייטשעל געזאָגט.

— פופציג? ניט מעהר? מאַמעלאַך מיינע, איז ער דאָך נאָך גאָר אין די בעסטע יאָהרען! — האָט רייטשעל'ס שוועסטער אויס־געשריען.

משה־בער איז אַריינגעקומען. זיין ווייב האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהם:

— משה־בער, וואָס זאָגסטו? מען רעדט איהר אַ שידוך מיט אַ גביר...

— וועמען, רייטשלען? נו?...

רייטשעל האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן.

— דערצעהל איהם ניט קיין מעשיות, דער קאַלאַקאַטקע. ער וועט דאָס נאָך פאַרנאַנדערטראַגען, איידער וואָס ווען...

— איך? — האָט זיך משה־בער אָנגערופען — איך וועל קיינעם ניט דערצעהלען...

— רייטשעל איז טאַקי גערעכט — האָט זיין ווייב געזאָגט — בעסער, אַז דו וועסט ניט וויסען...

— וואָס? וואָס? דערצעהל. מען רעדט איהר אַ שידוך מיט אַ רייכען מאַן? — איז משה־בער צוגעשטאַנען צו זיין ווייב און זיינע אויגען אונטער די געלע ברעמען האָבען זיך צוברענט: — טאַקע?...

— ניין, ניין, גאָר נישט, גאָר נישט, — האָט זיין ווייב איהם געענטפערט — עס וועט זיין אַ סך גלייכער, ווען דו וועסט דאָס ניט וויסען.

— וואָס האָסטו מורא צו זאָגען?

— איך ווייס גאָר נישט, גאָר נישט. שווייג, קאַלאַקאַטקע! — האָט זי אויף איהם אַ געשריי געטהאָן.

דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו רייטשלען און זיין פּנים מיט'ן געל בערדיל האָט אויסגעדריקט די העכסטע נייגעריגקייט:

— רייטשעל, טאקע?...

— וואס טאקע? וואס טאקעוועט איהר? גאר נישט. מען רעדט ניט קיין שידוכים און עס איז ניט אייער זאך! — האט איהם רייטשעל געענטפערט מיט כעס.

— קום ארויס פון דאנען, זי וויל זיך צולייגען — האט דאן זיין ווייב זיך אנגערופען צו איהם און איהם א שלעפ געטהאן ביים ארבעל — קום, זי האט א קאפּ־ווערטאג.

— איך געה, איך געה. אזוי, מיט א רייכען מאן?... טאקי? — האט ער גערעדט, געהענדיג צו דער טהיר.

— רייטשעל — האט איהר שוועסטער ארויסגעשעפּטשעט, צר געהענדיג צו איהר נאהענט: — געדענק, אז עס מאכט זיך אזא גליק, לאזט מען ניט איין...

און זי איז ארויס נאך איהר מאן.

געבליבען אליין, האט זיך רייטשעל ווידער געזעצט ביים פענ־סטער און גענומען טראכטען, ווי אזוי איצט צו האנדלען.

זי מוז איצט טרעפען ארע'ן. ווי קען זי איהם טרעפען? געהן צו איהם אהיים וועט איצט זיין אונאנגענעהם... סיידען אין סטריט איהם טרעפען, אבער וואו?... בעסער וואלט געווען, אז זי זאל קומען צו איהם אהיים מיט א תירוץ. וואס פיר א תירוץ?... זי האט עפּעס פערגעסען דארט... אבער ווען זי טרעפט עטל'ן דארט און ניט איהם?... אי, פארוואס איז דאס איהר פריהער ניט איינגע־פאלען, זי וואלט זיך דאן ניט צוקריעגט מיט יענער. פערקעהרט, זי וואלט זיך געסטארעט אויסצוקומען מיט יענער אדרבה ואדרבה און דערווייליע געזוכט צו געפעלען ארע'ן, ארייגקריעגען איהם, ביז זי וואלט איהם אזוי ריכטיג אין די הענד געהאט, דערנאך ערשט גע־רעכענט זיך מיט זיי ווי געהעריג איז... איצט איז פערפאלען, מען מוז אויסטראכטען עפּעס אנדערש...

זי האט זיך אויפגעהויבען פונ'ם ארט, גענומען א אידישען ראמאן פונ'ם טישעל און זיך געלעגט אויפ'ן בעט. זי האט אבער ניט געקענט לעזען און איהם באלד געווארפען.

„ווען איך וואלט געקענט איינשלאפען" — האט זי א טראכט געטהאן און איינגעגראבען דעם פנים אין קישען. עס האט איהר גענומען א היבשע ווייליע — ביז זי איז אנשלאפען געווארען.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין אַ שטונדע אַרום. דאַן איז זי אַ ווײַלע געלעגען מיט אָפענע אויגען און דערנאָך איז איהר אײַנגע־פאַלען, זי וועט זיך גאָר אַביסעל דורכגעהן אין סטריט.

זי איז אַרונטער פונ׳ם בעט, פעררירכט אויף זיך דאָס קלייד, איז אַריין אין קיך, האָט זיך אײַנגעוואַשען דעם פּנים, דערנאָך זיך אָנגעגאָסען אַ גלאָז טהעע און איז מיט דעם אַריין אין עס־צימער. דאָרט האָט איהר שוועסטער געשלאָפען אויף דער זאָפע און געכראָ־פּעט. זי האָט איהר כראָפּען ניט געקענט פערטראָגען, איז זי מיט׳ן טהעע אַריין צו זיך אין צימער און האָט זיך געזעצט בײַם אָפענעם פענסטער מיט דער גלאָז אין דער האַנד.

מיט אַמאָל האָט זי דערהערט איהר שוואָגער׳ס קול פונ׳ם גאַניק. זי האָט זיך גענומען צוהערען. ער האָט עפּעס דערצעהלט...

— הקיצור — האָט יענער דאָרט דערצעהלט — רייטשעל איז דאָך אַ מיידעל, אײַנע אין דער וועלט... וואו זעהט מען נאָך אַזא פּאַרשוין?... האָט יענער שיער די אַפּאָפּלעקסיע ניט געכאַפּט, אַז ער האָט זי דערזעהן... און ער האָט גענומען שיקען צו איהר שדכנים און אַזוי גוטע פריינד: „רייטשעלע לעבען, איך קאָן אָהן דיר ניט לעבען. דעם חיות האָסטו ביי מיר אַפּגענומען. אינ׳ם האַרצען ביזטו מיר אײַנגעבאַקען. דאָס אויג פונ׳ם קאָפּ ביזטו ביי מיר. איך גיב דיר מײַנע אַלע מיליאָנען, מײַנע פערד און קערידזשעס, מײַן גאַנצען האַק און פּאַק, אַבי האָב חתונה מיט מיר...“

— אָי, ער קאַלאַקאַטעוועט שוין דאָרט — האָט רייטשעל אַרויס־געמורמעלט און האַסטיג אַרויסגעשפּאַרט דעם קאָפּ דורכ׳ן פענסטער. זי האָט דערזעהן אויפ׳ן גאַניק צוויי שכנות, אײַנע מיט אַ קינד אויפ׳ן שויס, און איהר שוואָגער צווישען זיי. ער האָט זי דערזעהען, האָט ער צומישט אָפּגעהאַקט אין מיטען און דערנאָך געפרעגט:

— וואָס מאַכט דײַן קאָפּ, רייטשעל?

זי האָט איהם ניט געענטפערט, נור אַ קוק געטהאָן אויף איהם מיט פעראַכטונג. האָט זיך צוריק אַ כאַפּ געטהאָן און מיט געפילדער פערמאַכט דעם פענסטער.

דאַן האָט זי אָנגעטהאָן איהר הוט און איז אַרויס פון הויז. די צוויי שכנות און איהר שוואָגער האָבען זיך גענומען סוד׳ען.

בעת זיי האבען זי דערזעהען. זי האט זיך אבער ניט אומגעקוקט אויף זיי און איז אוועק צו פיטקין עווענין.

צוגעקומען צו פיטקין עווענין, איז איהר איינגעפאלען צו געהן אביסעל אויפ'ן בולוואר, און זי איז אוועק אין יענע ריכטונג. ארום און ארום, פון ביידע זייטען, האבען זיך געצויגען לעדיגע, ניט־פערבויטע פלעצער. נור דא און דארט איז געשטאנען א נייע הויז, ארומגעצאמט מיט א הילצערנעם פארקאן, צי א הילצערנער פארקאן ארום א לעדיגען פלאץ אהן א הויז... עטליכע שווערע וועגען מיט ציעגעל זייגען פארבייגעפאהרען און האבען זיך אריינגעקירעוועט אין א זייטיגע געסעל...

באלד איז זי געווען אויפ'ן בולוואר. צווישען די גרינע רייהען ביימער האט זיך יעדע ווייל[ע] דורכגעטראגען דא, פייל פון בויגען, א מאטאר־סייקעל מיט א לאנגען זשוזשען, ווי א האסטיג־פליהענדער ווינד, און געקנאקט, אזוי ווי ער וואלט מיט א פיסטאלעט געשאסען, און באלד מיט א רוישען און קלינגען אן אויטאמאביל... קארעטען מיט קוטשערס אין צילינדערס זיינען געפאהרען· שווערע וועגען מיט שטארקע הארעפאשנע פערד, אנגעטריבען פון שטארקע, הארעפאשנע מענשען, האבען זיך געשלעפט. פרויען מיט קינדער האבען געשפאציערט. יונגע מאמעס האבען אויסגעפוצטע בייבים אין אויסגעפוצטע וועגעלעך געפיהרט און צו זיי מיט מוטערליכער התפעלות גערעדט...

די גרינע בערגלעך, וואס האבען זיך געצויגען אין דער לענג פונ'ם בולוואר, זיינען אויך געווען בעלעבט. אויף איין בערגעל האבען ארומגעשפאציערט הינער. אויפ'ן צווייטען האבען געשריען גענז. און דארט, אויפ'ן בערגעל, האבען זיך געפאשעט ציעגען. און דארט איז ארומגעגאנגען א ווייסער פערד און געשציפלעט די גראז. אויף א בערגעל, וואס איז געווען העכר פון די אנדערע, איז געלעגען א ניגער מיט'ן קאפ צום בולוואר, די הענד פערלעגט אונטער'ן נאקען. אין דער ארומיגער העלקייט און גרינקייט האט זיין שווארצער קאפ מיט די געקרויזטע האאר, ווי ביי א שעפס, אויסגעזעהן פון ווייטען ווי א גרויסער שווארצער קנויל וואל...

געהענדיג פערטאן אין זיך, האט רייטשעל יעדע ווייל[ע] אויפגעציטערט, דא פון א פייפען פון אן אטאמאביל אהינטער איהר און דא פון א מאטאר־סייקעל־שיסעריי. פלוצים האט זי זיך א צאפעל

געטהאָן און איז שטעהן געבליבען. עטליכע טריט פאַר איהר איז געשטאַנען אַ וואָגען, אויף וועלכען עס זיינען געזעסען עטעל און איהר דאָקטאָר. ווייטער אַ ביסעל אָן אַ זייט איז געשטאַנען סעמקע מיט אָן אונבעקאַנטען אידען און האָט מיט היץ עפּעס גערעדט און גע־מאַכט מיט די הענד.

רייטשעל האָט זיך צוריקגעקעהרט.

„הייסט עס, אַז דער אַלטער איז דאָרט אַליין" — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן — „אפשר זאָל איך איצט אַהין צוגעהן?... יאָ! אָפּלעגען טאָר מען ניט. ווי באַלד, אַז ער טראַכט וועגען אַ שידוך, וועלען זיך געגנוג מיידלאַך געפינען, וואָס וועלען זיך איילען אויף זיין געלד"...

און זי האָט גענומען געהן שנעלער.

אַ ווײַלע שפּעטער, ווען זי האָט דערזעהן פון ווייטען אָרע'ס הויז, האָט זי זיך אַ פרעג געטהאָן: „אָבער ווי הויבט מען דאָס אָן", און זי האָט זיך גלייך געענטפערט: „ניש־קשה, איך וועל שוין וויסען ווי!"

קיין קלאָהרען, אויסגעאַרבייטען פּלאָן האָט זי נאָך אין'ם קאָפּ ניט געהאַט, נור זי האָט דערשפּירט אין זיך די ערוואַכונג פון יענעם בעזונדערן אינסטינקט פיר אינטריגעס, יענעם שאַפונגס־אינסטינקט, וועלכער איז אין יעדער פרוי דאָ, און זי האָט זיך אויף איהם גאַנץ אונבעוואוסטזיניג פערלאָזען...

אויפ'ן גאַניק איז אָרע ניט געווען. האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. אפשר איז ער ערגעץ אַוועק? אפשר שלאָפט ער? דאַן לוינט זיך ניט אַריינגעהן אין הויז.

פונדעסטוועגען איז זי פאַרבייגעגאַנגען דאָס הויז און האָט זיך פערקוקט אויף די פענסטער, טאָמער וועט זי איהם דערזעהן. זי האָט איהם ניט געזעהן.

מיט אַמאָל האָט זי דערהערט זיין שטימע:

— רייטשעל, וואוהין געהסטו?

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן, אומגעקוקט זיך און איהם דער־זעהן אויף דער אַנדערער זייט געגענאיבער, וואו מען האָט געגראָבען די פונדאַמענטען פאַר סעמקע'ס הייזער.

— איך האָב אײך געוואָלט זעהן, ר' אָרע! — האָט זי זיך אָנ־גערופען אביסעלע צומישט.

ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו איהר.

— דו ווילסט מיך זעהן. קום, מיר וועלען זיך צוזעצען.

— איך וויל ניט. דאָרט איז אייער עטעל. מיר איז ניט אָנ־גענעהם — האָט זי ארויסגערעדט מיט אַן ערנסטער מינע.

— עטעל איז ניטאָ. זי איז אוועק מיט איהר חתן. און ווידער, קיין בייז ניט — האָט ער זיך צולאַכט — איהר וועט זיך נאָך איבער־בעטען. ווייס איך!... קום, קום אויפ'ן גאַניק, זיי ניט קיין קינד...

זי איז כלומר'שט ניט ווילענדיג מיט איהם אויפ'ן גאַניק ארויף און האָט זיך דאָרט געזעצט.

ער האָט זיך געזעצט נעבען איהר.

זי האָט ארויסגעצויגען דאָס טיכעל פונ'ם ארבעל און זיך גענומען מיט איהם פאָכען. דאַן האָט זי זיך אָנגערופען:

— ר' אָרע, איך וויל ביי אייך פרעגען אַן עצה. דעם אמת גע־זאָגט, האָב איך דאָס נאָך פריהער ביי אייך געוואָלט פרעגען. נור, איהר ווייסט דאָך, אין מיטען דערינגען האָב איך זיך מיט עטלען צו־ווערטעלט און איך בין אוועק אָהן אייער עצה. איך האָף, אַז איהר זייט מיר אַן אמת'ער פריינד און איהר וועט מיר געבען אַ ריכטיגע עצה.

— אודאי, רייטשעל, גלויב מיר, ווי אַן אייגען קינד ביזטו ביי מיר — האָט ער געזאָגט מיט ווארימקייט אין'ם קול.

— איהר, ר' אָרע, זייט אַ איד מיט שכל — האָט זי ווייטער גע־רעדט מיט זעהר אַן אונשולדיגער מינע — אַ בעוויז, אַז איהר האָט אין אַזאַ קורצער צייט זיך אַזוי ארויפגעארבייט...

ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ:

— דאַנקען גאָט, קיין נאַרד בין איך, דאַכט זיך ניט...

— אַ נאַרד גאָר? — האָט רייטשעל ווי מיט התפעלות אויסגע־שריען — אַ איד אַ חכם זייט איהר! מיין שוועסטער זאָגט מיר: געה צו ר' אָרע'ן און זיי זיך מיט איהם מיישב. אויף זיין עצה וועסטו זיך קענען פערלאָזען... הקיצור, ר' אָרע, עס איז אַזאַ געשיכטע. איך בין אַ מיידעל, וואָס איך האָב ניט קיין סך פריינד, מיט וועמען איך זאָל זיך קענען מיישב זיין. און אויף מיין אייגענעם שכל וויל איך זיך ניט פערלאָזען. וואָס ווייס איך? דעם אמת געזאָגט, בין איך

דאָך נאָך גאָר אַ קינד. וואָס פערשטעהט אַ מיידעל פון נייִנצעהן יאָהר? — האָט זי געזעדט מיט אַן אונשולדיגער מינע — אַמאָל האָב איך ליעב אַ שטיעף צו טהאָן, אייער מאַמע מיינט, אַז איך שטיף, ווייל איך בין אַ הולטייקע. אין דער אמת'ן אבער, ר' אָרע, גאָט איז מיין עדות, אַז איך שטיעף ניט, ווייל איך בין אַ הולטייקע. גאָר נישט, מען האָט קינדערשען שכל, שטיעפט מען!...

אמת! אמת! האָט אָרע אונטערגעכאַפּט מיט התפעלות — דו ביזט נאָך גאָר אַ קינד, גאָר אַ קינד...

— איך וועל עלטער ווערען, וועל איך מסתמא מעהר נישט שטיעפען.

— געמען אַרט עס, אַז דו שטיעפסט? — האָט אָרע זיך אַ כאַפּ געטהאָן — פערקעהרט, געזונטערהייט... דו טהוסט עפּעס אַ הול־טאַיסטווע?...

— איהר ווייסט דאָך, ר' אָרע, מיט קיין באַיעס, ווי אַנדערע מיידלאָך, געה איך ניט ארום. אין אַ דענסינג־סקוהל איז מיין פוס קיינמאָל ניט געוועזן. איך בין, דאַכט זיך, אַ מיידעל, ווי גאָט און לייט האָבען געבאָטען...

— אויף אַלע אידישע מיידלאָך געזאָגט געוואָרען. איך קען דיך ניט, וואָס?...

— אָבער וואָס האָב איך זיך צורעדט וועגען זיך? הקיצור, ר' אָרע, מען רעדט מיר שידוכים...

— הא? — האָט זיך אָרע אַ כאַפּ געטהאָן און צומישט געגומען שמייכלען.

אָרע האָט אַ ווײַלע געשוויגען און דערנאָך שטיל ארויסגערעדט:

— מיט וועמען רעדט מען דיר?

— מען רעדט מיר אַ באָי, אַ גאַנץ פיינעם באָי, האָט אַ שטיקעל געשעפט אין ניו יאָרק, וויל מיך נעהמען אָט אַזוי ווי איך שטעה און געה...

אָרע האָט זיך אויפגעהויבען פונ'ם אָרט, איז זיך דורכגעגאַנגען איבער'ן גאַניק, האָט זיך געגלעט פערטראַכט די באָרד און דערנאָך זיך ווידער אַפּגעשטעלט נעבען איהר.

— נו? — האָט ער ארויסגערעדט — וואָס איז די מניעה? אַ באָי, אַ פערדיענער... אַ פיינער... גאַנץ גוט.

— מיר אבער איז ער ניט געפעלען...
ער האט זיך א כאפ געטהאן:
— הא?

—איך האב עפעס ניט קיין צוטרויען צו באיעס, איך מיין צו אמעריקאנער באיעס... וואס איז אייער עצה, ר' ארע?

ארע האט א דריק געטהאן די אקסלען, גענומען ווידער שפרייזען איבער'ן גאניק הין און צוריק און געגלעט זיך די בארד. דאן האט ער טיעף א זיפץ געטהאן, איז צוגעגאנגען צו איהר און געזאגט מיט א פערשטיקטען קול:

— דו פרעגסט ביי מיר אן עצה, מוז איך דיר געבען, ווי אזוי איך פערשטעה... הער־זשע, רייטשעל — ער האט א הוסט געטהאן, אזוי ווי די דאזיגע ווערטער האבען זיך ביי איהם אין'ם האלז פער־טשעפעט און ער האט זיי מיט געוואלד פון דארט געוואלט ארויס־הוסטען — הער־זשע... דו ביזט אן ארימע מיידעל, קלייבען דארפסטו ניט. מאכט זיך דיר א באי, א פיינער און נאך דערצו א פערדיענער אויך, דאנק גאט, און לאז איהם ניט איין. דאס איז מיין עצה.

„אט האסטו דיר"—האט רייטשעל א טראכט געטהאן—„קלאהרע דבורים, א בעווייז, אז ער האט מיך איצט אפילו ניט אין זינען".

און אויף א רגע איז זי צוטומעלט געווארען. באלד אבער איז זי געקומען ווידער צו זיך און גענומען ווייטער פלעכטען איהר אינ־טריגע, איצט שוין מיט א מין פערצווייפלונג:

— יא, איהר זייט טאקי גערעכט, ר'ארע. אבער איך וויל טהאן א שידוך מיט אן עלטערען מענשען, ניט מיט א באי. מיין שוועסטער רעדט מיך אויך צו.

ארע האט אויף איהר אויסגעגלאצט די אויגען.
— וואס זאגסטו? — האט ער ארויסגערעדט.

— מען רעדט מיר א שידוך מיט אן עלטערען מענשען — האט זי געענטפערט — ער איז זעהר רייך...

— הא? — האט ער ארויסגעמורמעלט, ניט ארונטערנעהמענדיג די אויסגעגלאצטע אויגען פון איהר פנים, און זיך ארונטערגעלאזט אויפ'ן שטול נעבען איהר.

— אן עלטערען מענשען? — האט ער געמורמעלט — ווי אלט איז ער?...

— אַ יאָהר זעכציג מסתמא — האָט זי שטיל געענטפערט.

— זעכציג? אַזוי? זעכציג? נו, און דו וואָלסט געטהאָן?

— האָט ער געמורמעלט.

— איך וויל הערען אייער עצה — האָט זי נאָך שטילער געזאָגט און צולעגענדיג: „אַי, ווי היים!" האָט זי גענומען רייבען דעם אַרבעל פונ'ם קלייד אָן אַרעם, האָט איהם הויך אַרויסגעקאַשערט, במעט ביז'ן סאַמע אַקסעל און איהם כלומר'שט פארגעסען אַרונטערצוציהען.

איהר יונגער, רונדער, דיקער, דונקעל־ראָזעווער אַרעם האָט אַ בלענד געטהאָן פאַר זיינע אויגען און ער האָט אין גאַנצען אַ צומישטער אַפּגעקעהרט דעם קאָפּ. דאַן האָט זי זיך כלומרשט מיט שרעק אַ כאַפּ געטהאָן:

— אָי, וואָס איז דאָס!

און האָט שנעל אַרונטערגעצויגען דעם אַרבעל אויפ'ן אָרעם.

— ענטשולדיגט, ר' אַרע, איך האָב גאָר ניט בעמערקט — האָט זי צוגעלעגט מיט אַ שטיל קול.

— עס מאַכט ניט, עס מאַכט ניט — האָט ער געמורמעלט מיט אַ קעלבערנעם שמייכעל.

דאַן איז ער ווידער אויפגעשטאַנען און האָט ווידער גענומען שפּרייזען איבער'ן גאַניק הין און צוריק. דאָס מאָל מיט אַ צומישטען שמייכעל, צוגאָסען איבער'ן גאַנצען פּנים, אין די אויגען און זאָגאַר איבער זיין משונה'דיגער באָרד, האָט זיך געדוכט, אויך. מיט אַמאָל האָט ער זיך אָנגערופען:

— קום, וועסט זיך אַביסעל דורכגעהן מיט מיר?

„אהאַ! געטראָפען!" — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן מיט אַ געפיהל פון פריידיגען נצחון און געענטפערט:

— געוויס, וואָס זיצען מיר אויף איין פּלאַץ? עס איז אַזוי גוט איצט זיך דורכצוגעהן...

.16

## אַרעים ערקלעהרונג.

זיי זיינען אַוועק אין דער ריכטונג, וואו דער וואַלד איז פריהער געשטאַנען. דאָ איז איצט געווען שטיל. די ארבייטער, וואָס האָבען דאָרט די נייע סטריטען געשניטען, זיינען איצט געווען שוין אַוועק. די זונן איז אונטערגעגאַנגען. דער האָריזאָנט האָט געפלאַקערט.

אַ ווײלע זיינען זיי געגאַנגען און האָבען געשוויגען. דערנאָך האָט אָרע זיך אָנגערופען מיט אַן אויפגערעגטען קול:

— רייטשעל, נו? און וואָס איז דיין מיינונג מכוח אַזאַ עלטער־רען מענשען?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט. מיר געפעלט בעסער חתונה צו האָבען מיט אַן עלטערען מענשען. אודאי, זעכציג יאָהר אַ מאַן איז אַביסעל צו אַלט, מיט אַ מאַן פון אַ יאָהר פופציג וואָלט איך אודאי צופריעדענער געווען חתונה צו האָבען, נור...

זי איז אַנשווייגען געוואָרען.

„און מיר איז געוואָרען צוויי און פופציג“, האָט ער אַ טראַכט געטהאָן.

— איך רעכען אויך, רייטשעל, אַז דו וואָלסט געקענט קריגען אַן איונגערען מענשען פון זעכציג — האָט ער זיך דערנאָך אָנגערופען — וויבאַלד אַז דו ביזט מסכים חתונה צו האָבען מיט אַן עלטערען מענשען...

— זיכער, זיכער, נור מיט אַן עלטערען... — האָט רייטשעל געזאָגט — מיט אַן עלטערען מענשען איז מען זיכערער אין אַלע הינזיכטען און...

— דו ביזט גערעכט — האָט אָרע אונטערגעכאַפּט מיט היץ — אַן עלטערער מענש, ווען גאָט זאָל איהם מזכה זיין מיט אַזאַ ווייב ווי דו, וועה! ווי אַ בת מלכה וואָלסטו ביי איהם געלעבט. פון פויגעל־מילך וואָלט דיר ניט געפעלט. אויף די הענד וואָלט ער דיך גע־טראָגען. אין קערידזשעס וואָלסטו ביי איהם געפאָהרען. גאָלד אינ׳ם האַלז וואָלט ער דיר געגאָסען.

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם פון דער זייט און פלוצים האָט זי געפרעגט:

— ווי אַלט זייט איהר, ר' אָרע?

אָרע האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן.

— איך?... ווי אַלט איך בין?...

ער האָט אַ ווײַלע נאָכגעדאַכט און דאַן ניט גאַנץ דרייסט גע־ענטפערט:

— זעקס און פערציג...

און אַזוי ווי ער האָט ניט געוואָלט זאָגען קיין ליגען, האָט ער נאָך צוגעלעגט:

— זעקס און פערציג מיט עפּעס...

זי האָט אַ טראַכט געטהאָן: „אַזוי פיעל מכות עטלען מיט יענעם שאַרלאַטאַן, פיעל יאָהר איהר האָט ביי זיך ארונטערגעלאַטכענט!"
און זיך אָנגערופען מיט אַן אונשולדיגער מינע:

— זייט איהר דאָך נאָך גאָר אַ יונגערמאַן!

— וואָס דען האָסטו געמיינט?

ער האָט אָנגעהויבען צו לאַכען.

דאַן האָבען זיי אַ ווײַלע ווידער געשוויגען.

מיט אַמאָל האָט זי ווידער געפרעגט:

— נו, און ווען וועט איהר אַליין חתונה האָבען?

— איך?... ב'וויים?... ווען עס זאָל זיך מיר מאַכען עפּעס...

ער האָט זיך אויסגעהוסט. דאַן האָט ער זיך ארומגעקוקט אויף אַלע זייטען, אקוראַט ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז אימיצער זאָל ניט אונטערהערען, און דערנאָך האָט ער געזאָגט מיט אַ שטאַרק אויפ־געראַגטען קול:

— רייטשעל, הער נור,... אַ שטייגער ווי וואָלט געווען...

ער האָט אָפּגעהאַקט.

— וואָס? — האָט זי געפרעגט.

— אַ שטייגער ווי וואָלט געווען... אַז איך... קען איך מיט דיר ריידען אָפען, רייטשעל?

— געוויס, רעדט נור...

— איך האָב געוואָלט צו דיר שיקען אַ שדכן, רייטשעל...

— צו מיר?

— יאָ, דו ביזט באמת איינגעבאָקען ביי מיר אין'ם האַרצען, ייטשעלע...

רייטשעלע האָט איהם אָנגעקוקט, אַזוי ווי זי האָט איהם כלומרשט ניט פערשטאַנען.

— וואָס מיינט איהר ?

— איך מיין... איך מיין... — ער האָט זיך אָפּגעווישט מיט'ן אַרבעל דעם שווייס פון'ם שטערן — וואָס זאָל איך מיינען ?... אודאי חתונה האָבען... רייטשעלע, איך זאָג דיר... איך זאָג דיר... וואָס זאָל איך דיר זאָגען ? — האָט ער גערעדט מיט אַ מין רחמנות'דיג קול — דו ווייסט גאָר ניט, ווי איך וואָלט דיר געקוקט אין די אויגען אריין. דאָס שעהנסטע הויז וועל איך דיר געבען. דאָס טעלערעל פון'ם הימעל. און מיין ניט, — איז ער ביסלעכווייז געוואָרען ביי זיך אַלץ דרייסטער און זיכערער — אַז איך בין אַן עלטערער מענש. איך בין אַ סך איינגער פון אַ סך היינטיגע בחורים... איך'ל דיר זאָגען, רייטשעלע, מיין ווייב חוה־דוואָשע, דיר צו לאַנגע יאָהר, זאָל זי מיר מוחל זיין... איז פאַר די לעצטע יאָהרען געווען, עט, זאָל זי מיר מוחל זיין! קראַנק און קראַנק, און קראַנק!... קורץ, רייטשעלע, דו ביזט אַ יונג קינד, אפשר ווערסטו מיך אין גאַנצען ניט פערשטעהן....

ער איז מיט אַמאָל אַנשוויגען געוואָרען און האָט זיך ווי פער־שעהמט.

— רעדט, רעדט, פאַרוואָס זייט איהר אַנשוויגען געוואָרען ? — האָט רייטשעלע זיך אָנגערופען גאַנץ שטיל.

— איך וויל ניט... עפּעס ניט שען... אפשר פּאַסט ניט צו ריידען צו אַזאַ קינד, ווי דו — האָט ער געמורמעלט און געשמייכעלט צומישט.

— אויב עס איז ניט שען, טאָ רעדט בעסער ניט — האָט זי מיט אַן אונשולדיגער מינע געזאָגט.

— ניין, פאַרוואָס ניט שען ? — האָט ער זיך דאַן מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטהאָן — דו מעגסט עס טאַקע וויסען ! רייטשעלע, הקיצור, מיין ווייב איז קיין ווייב ניט געווען, מיט אַנדערע האָב איך אודאי ניט הולטאַיעוועט, חלילה. קורץ: איך בין מעהר בחור פון אַלע בחורים!...

רייטשעל האָט זיך צולאַכט, און ער האָט זיך דאַן ווידער פּער־שעהמט און געגומען מורמלען:

— איך מיין... דו פּערשטעהסט... האָב קיין פּאַראיבעל ניט... איך בין אַ פּשוט'ער איד... איך רייד דעם הוילען אמת...

רייטשעל האָט געלאַכט אין זיך, און איהר האַרץ, פּול נצחון, האָט געטאַנצט אין איהר ברוסט. זי האָט זיך גאָר ניט געריכט, אַז דאָס זאָל איהר אָנקומען אַזוי לייכט און אַזוי שנעל. איצט האָט זי גענומען אַרומטראַכטען, ווי אַזוי זאָל זי ווייטער האַנדלען: צי זאָל זי איהם גלייך ענטפּערען „יאָ“, צי זאָל זי איהם נאָך אַביסעל „ציהען די עצמות“... צום סוף האָט זי אויסגערעדט:

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אויף דעם האָב איך זיך גאָר ניט געריכט... איך בין געגאַנגען צו אייך, ווי איך וואָלט צו מיין לייבליכען טאַטען געגאַנגען, וועגען אַן עצה, און מיט אַמאָל...

ער האָט איהר אונטערבראָכען:

— דו וועסט זעהן, רייטשעלע, אַז דו וועסט ניט חרטה האָבען. דאָס אויג פון'ם קאָפּ וועסטו ביי מיר זיין. טהייערער ווי דאָס שוואַרץ־אַפּעל פון מיינע אויגען וועסטו ביי מיר זיין... נו, וואָס זאָגסטו?...

זי האָט געשוויגען.

— ווען דו ביזט מסכים, קויף איך באַלד אַ שענע הויז פאַר דיר — האָט ער ווייטער אָנגעהויבען — און שוין מאָרגען אַרבייטסטו ניט מעהר... גלויב מיר, רייטשעלע — האָט ער צוגעלעגט מיט געבעט אין'ם קול — גלויב מיר... אָי, אַז איך האָב גאָר קיין ווערטער ניט פאַר דעם!...

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם און זיך שיער ניט צולאַכט. אַזוי קאָמיש האָט ער אויסגעקוקט, אַזאַ נאַרישער און קעלבערנער אויס־דרוק איז אויף זיין פּנים צוגאָסען געוועזען. זי האָט אָפּגעקעהרט פון איהם דעם קאָפּ, ווייל זי האָט דערפיהלט, אַז איהרע שוואַרצע, קאָ־כעדיגע אויגען, פון וועלכע אַ געלעכטער האָט געשפּריצט, פּערראַט־העז זי...

דערנאָך, אַז זי האָט זיך בעהערשט, און אַגב אויסגעטראַכט וואָס איהם צו זאָגען, האָט זי זיך ווידער אַ קעהר געטהאָן צו איהם און אַרויסגערעדט:

— איך קען אייך איצט גאָר ניט זאָגען...

— פארוואס ?...

— ווייל אזא זאך מוז מען פריהער בעדענקען...

ער האט ארונטערגעלאזט דעם קאפ און א ווײלע געשוויגען. דערנאך האט ער זיך אנגערופען מיט א ציטערדיג קול:

— ווען וועסטו מיר געבען א תשובה?

— ווען ?... כ'ווייס ?... אזא זאך מוז מען גוט ארומטראכטען...

— הא ? וואס איז דא לאנג צו טראכטען ?... וויבאלד אז דו ווילסט חתונה האבען מיט אן עלטערען, איז, דאכט זיך, די גלייכסטע זאך, ניט צו מאכען קיין לאנגע שהיות — האט ער געזאגט שטיל, מיט בענקעניש אין'ם קול — גלויב מיר, ווי דאס אויג פון'ם קאפ...

— איך וועל אייך אפשר נאך מארגען געבען א תשובה...

ער האט זיך א כאפ געטהאן:

— מארגען ? גוט, געדיינק, רייטשעל, ווי דאס אויג פון קאפ...

און דערנאך האט ער נאך א קורצען שווייגען זיך אנגערופען:

— און פארוואס עפעס ניט איצט ?... וויבאלד מיט אן עלטערען מענשען... פארוואס זאלסטו מיר טאקע גלייך ניט זאגען ?

זי האט איהם געענטפערט:

— גלייך ענטפערען אייך וועגען אזא זאך טאר איך ניט. איך וויל אייך ניט אפנארען. איצט ליעב איך אייך, ווי א לייבליכען טאטען, שפעטער אפשר... יא, יא, איך פיהל, אז איך וועל אייך נאך אנדערש אויך ליעבען, אבער בעדיינקען אזא זאך מוז מען...

— רייטשעל, גלויב מיר, ווי דאס אויג פון'ם קאפ... — האט ער ווידער ארויסגעמורמעלט, ניט געפינענדיג קיין איין אנדערען אויסדרוק פיר זיינע געפיהלען, מיט וועלכע זיין הארץ איז איבערפילט געווען.

פלוצים איז איהר איינגעפאלען: פארוואס איהם טאקע ניט באלד זאגען ? מאלע־וואס עס קען נאך געשעהן. אפגע'פטר'ט און א סוף! דערנאך לאכען פון זייער אלעמענס קעפ!...

און זי האט זיך אנגערופען:

— אלל־רייט, איך בין צופריעדען...

ער האט זיך א כאפ געטהאן:

— הא ? !...

— איך האָף, אַז מיר וועלען ביידע ניט חרטה האָבען. — האָט זי ווייטער גערעדט.

ער האָט געקוקט אויף איהר, רויט ווי פייער, און זיין גאַנצער שווערער קערפּער מיט די ברייטע אַקסלען האָט אויפגעציטערט פאַר אויפרעגונג. א ווײַלע איז ער ניט אימשטאַנד געוועזן קיין וואָרט ארויסצוברייננגען, האָט נור מיט די ליפּען געמאַכט. דערנאָך האָט ער זיך א כח אָנגעטהאָן און ארויסגערעדט מיט א ציטערדיג קול:

— רייטשעל, דו מיינסט עס טאַקע... אויף אַן אמת?...

— געוויס, וואָס דען האָט איהר געמיינט?... וועגען אַזוינע זאַכען שפּאַסט מען ניט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פּיס האָבען זיך אונטער איהם געבויגען. ער האָט זיך שיער אויף דער ערד ניט ארונטערגעלאָזט פאַר אויפרעגונג.

— הייסט עס — האָט ער געמורמעלט — הייסט עס, אַז דו ביזט מסכים צו חתונה האָבען מיט מיר?

— יאָ.

— יאָ? נאַרסט מיך ניט אָפּ, האַ? — האָט ער ארויסגעפּליס־טערט מיט געבעט, שיער מיט טרעהרען אין׳ם קול — דו האָסט דאָך אַמאָל האָלד א שטיף צו טהאָן, האַ?

— איך זאָל אַזוי גליק האָבען, ווי איך מיין דאָס, וואָס איך זאָג אייך — האָט זי געענטפערט מיט געפיהל אין׳ם קול.

„גוואַלד!" — האָט עפּעס אין איהם אויסגעשריען, פול היסטע־רישען פרייד, און עס איז איהם געוואָרען הייס און קאַלט, קאַלט און הייס... דאַן האָט ער א כאַפּ געטהאָן איהר האַנד און עס האָט איהם גענומען עטליכע רגע׳ס, ביז ער האָט קוים ארויסגערעדט:

— רייטשעל, געדענקסט... ווי דאָס אויג פון׳ם קאָפּ...

— איך האָף, אַז איך וועל ניט דאַרפען חרטה האָבען — האָט זי געזאָגט.

— ווי דאָס אויג פון׳ם קאָפּ, ווי דאָס שוואַרץ־אַפּעל פון מיינע אויגען... דיינע טריט וועל איך קושען... גאָלד אין האַלז וועל איך דיר גיסען... דו וועסט קיין חרטה ניט האָבען... דו וועסט זעהן, רייטשעל, דו וועסט...

ער האָט ניט דערענדיגט, איינגעלאָזט איהר האַנד, אַוועקגעג־

דרעהט דעם קאפ פון איהר און בעמיהט זיך מיט אלע קרעפטען צו דערשטיקען אין זיך די גוואלדיגע אויפרעגונג, וואס האט אויפגע־טרייסעלט זיין גאנצע נשמה און קערפער. דערנאך האט ער ארויס־געשטאמעלט מיט ציטערענדע ליפען די ווערטער, וואס יעדעס ווינ־קעלע פון זיין נשמה און יעדער גליעד פון זיין קערפער האט געשטא־מעלט:

— גאטעניו, גאטעניו, גאטעניו, איך דאנק דיר, איך דאנק דיר!...

ער האט ווידער א קוק געטהאן אויף איהר, און אין זיינע אויגען האבען טרעהרען געבלישצעט און זיין פנים האט אין גאנצען גע־שטראהלט.

זיי זיינען אוועק ווייטער. די זונן איז אונטערגעגאנגען. דונ־קעלע שאטענס זיינען פון ערגעץ ארויסגעקראכען און האבען אין דער לופט געשוועבט. און קיינמאל נאך אין זיין לעבען האט ארע געזעהען אזא שעהנעם פארנאכט, ווי איצט... אלסדינג ארום איהם האט איצט אויסגעזעהן אזוי פרעהליך, אזוי יום־טוב'דיג, אזוי שמחת־תורה'דיג, דאס ארע האט געפיהלט, אז ער וואלט, דאכט זיך, איצטער הוליען זיך אוועקגעלאזט און וואלט געהוליעט און געהוליעט אזוי ווי דער גרעסטער „הוליאקע" האט נאך קיינמאל ניט געהוליעט...

ער האט געקוקט פון דער זייט אויף רייטשלען, וועלכע האט גע־טראטען נעבען איהם פערטראכט, און זי איז געווען שענער פון אלס־דינג, אין גאנצען א שטיק פרעהליכער יום טוב, דער פרעהליכסטער יום טוב, וואס ארע האט נאך ניט געקענט...

אזוי פיהלען זיך האט ארע זיך נאך קיינמאל אין לעבען ניט געפיהלט. דער דאזיגער עלטערער איד האט איצט צום ערשטען מאל אויף זיין לעבען, ווי דורך א כשוף, דערפיהלט אין אלע זיינע גליעדער, אין יעדען ווינקעלע פון זיין נשמה דעם בעגייסטערטען פריידענס־געזאנג פון ערוואכטער יוגענד...

דאן האט זיך רייטשעל אנגערופען:

— עס ווערט שפעט... מיר זיינען צו־ווייט פערגאנגען. קומט צוריק.

ער האט זיך א כאפ געטהאן:

— אי, איך האב נאך קיין מנחה ניט געדאווענט! זעהסטו, פאר שמחה האב איך גאר פערגעסען!...

ער האָט זיך ארומגעקוקט און אָנגעוויזען רייטשלען אויף א גרויסען שטיין, וואָס איז דאָרט געלעגען ביי דער זייט פון דעם וועג.

— זעץ זיך צו אויף א ווײַלינקע. איך וויל נור אָפּדאַווענען מנחה — האָט ער געזאָגט ווייך.

בעת ער האָט געפּעדעלט, האָט ער אָפּט, ווען ער האָט זיך פערשפּעטיגט אין דעם וועג, געדאַווענט מנחה ערגעץ אויף א פעלד.

זי האָט זיך געזעצט, געקוקט אויף איהם מיט א שפּאָטישען שמייכעל און געטראַכט:

„איך וועל מוזען ארבייטען מיט דער גאַל, ביז איך וועל איהם אביסעל אויסמענשלען!"

ער איז געשטאַנען אויף דעם אנדער זייט פון דעם וועג מיט'ן רוקען צו איהר, האָט זיך געשאָקעלט מיט'ן גאַנצען קערפּער, געדאַווענט מיט התלהבות, מיט שמחה, און האָט פון צייט צו צייט צוגעפּאַטשט מיט די הענד. א ווינטעלע האָט געבלאָזען. אָרע'ס באָרד האָט זיך בעוועגט און יעדע ווײַלע האָט זיך א בינטעל האָר פון איהר אָפּגעטהיילט און זיך געדרעהט אונטער אָרע'ס אויער אָדער געציטערט אויף זיין אַקסעל, ווי א קליין שלאַנגעלע...

„א שענער מאַן פאַר מיר!" — האָט רייטשעל ווייטער געטראַכט — „ער און יענער!... מילא, ניט קלעהרען... ער איז רייך... מיר וועט זיין גוט ביי איהם... איך וועל אַזוי לעבען, דאָס יענע זאָלען צופּוקעט ווערען... די באָרד זיינע וועט ער מוזען אַרונטערנעהמען — האָט זי ווייטער געטראַכט — „פּשוט א חלשות צו קוקען!"...

אָרע האָט אָפּגעדאַווענט און איז צוגעגאַנגען צו איהר מיט א צופריעדענער מינע, גלעטענדיג בהרחבה די באָרד מיט ביידע הענד.

— דאַנקען גאָט, אָפּגעדאַווענט, קום.

זי האָט זיך אויפגעהויבען. איהר נייע קלייד האָט אַנגענומען שטויב פונ'ם שטיין.

ער האָט עס דערזעהן.

— דיין קלייד איז פון הינטען אביסעל איינגעריכט — האָט ער זיך אָנגערופען.

זי האָט זיך איינגעבויגט און א טרייסעל געטהאָן איהר קלייד.

— נו, און איצט?...

— נאָך אַביסעלע פערשטויבט. אַפּנים פון דעם שטיין, וואו דו ביזט געזעסען...

זי האָט אַרויסגענומען דאָס טיכעל פון דעם אַרבּעל און איהם דערלאַנגט:

— ווישט אָפּ...

און זיך געשטעלט צו איהם מיט'ן רוקען.

ער האָט צומישט גענומען שמייכלען, זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטען און דערנאָך האָט ער זיך איינגעבויגט און מיט ציטערענדיגע הענד גענומען ווישען דעם שטויב פון איהר קלייד און דערפיהלט אַ קאַלטען שוויים אויפ'ן שטערן...

דאַן האָבּען זיי גענומען געהן צוריק.

— קומט — האָט זי זיך מיט אַמאָל אָנגערופען — מיר וועלען געהן מיט אַנאַנדער וועג. קומט איבּער די „לאַטס“.

— פאַר־וואָס?

— איך וויל ניט פאַרבּייגעהן אייער הויז. בּעסער אַז ניט.

— דו ביזט גערעכט — האָט ער געזאָגט.

און זיי זיינען אַוועק איבּער דער גרינגער לאָנקע אַרויף. פון ווייטען האָבּען זיך געזעהן פאַרמערשע הייזלאַך. דאָ און דאָרט האָט אַ ווייסע פליגעל פון אַ ווינד־מיהל געווינקט, אַ פערד האָט זיך גע־פּאַשעט, בּהמות...

— דערוויילע דאַרף קיינער פון דעם ניט וויסען — האָט זי ווידער געזאָגט — ביז אונזער חתונה...

— חס וחלילה — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן — קיינער טאָר וועגען דעם ניט וויסען. זאָל מען דערוויילע ניט זיין אין לייטישע מיילער. איך וועל אַפריהער חתונה מאַכען עטלע'ן מיט'ן דאָקטאָר. טאַקי גיך חתונה מאַכען, גיך. און דערנאָך... דערנאָך...

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר מיט שטראַהלענדע אויגען און צוגעלעגט:

— אָי, לעבּען זאָלסטו... אָי! אָי!

זי האָט זיך פרעהלאַך צולאַכט און דערנאָך געפרעגט:

— פאַרוואָס געפעל איך אייך אַזוי?

ער האָט געענטפערט:

— רייטשעלע־הארצעלע, ווי אזוי זאָלסטו מיר ניט געפעלען, ווען א מלך אפילו האָסטו געדאַרפט געפעלען, ווען דו ביזט שענער פון א בת־מלכה, שענער פון אַלע זיעבען זונען, ווען... ווען... אַי, רייטשעלע, אַי, מאַמעלע מיינע, אַי, אַז איך האָב גאָר קיין לשון ניט פאַר דעם!...

און מיט אַמאָל האָט ער זיך אונטערבראָכען:

— הער אויס, רייטשעלע, איך קלייב זיך שוין לאַנג צו קויפען א הויז. איצט מוז איך דאָך שוין קויפען. עס איז דאָ א הויז אויף פענסילווייניא עוועניו, א שענע סטריט, און דאָס הויז איז אויך זעהר א שענע, א קאָטעדזש, און א צווייטע הויז, אויך א קאָטעדזש, אויף סטאָון עוועניו, נעבען צוויי דאָקטוירים. וואו וואָלסטו געוואָלט וואָהנען?

— אויף סטאָון עוועניו — האָט זי גלייך געענטפערט.

— גוט, וועל איך זעהן איה"ש מאָרגען, צו איבערמאָרגען דאָס הויז אויף סטאָון עוועניו צו קויפען. וואָס דו ווילסט נור וועל איך דיר קויפען. יענע הויז, וואָס אויף פענסילווייניא עוועניו, וועט מסתמא סעמקע בלום קויפען.

זי האָט זיך א כאַפּ געטהאָן:

— האַ? ער וויל קויפען דאָס הויז?

— יאָ. דאָס הויז געפעלט איהם זעהר. ער וויל נור אַרונטערדינגען פינף הונדערט דאָלאַר פון דעם פּרייז...

— בעסער קויפט יענע הויז אויף פענסילווייניא עוועניו. איך האָב פריהער א טעות געהאַט.

— גוט. פון מיינטוועגען.

ביי רייטשלען האָבען זיך די אויגען אָנגעצונדען מיט פרייד און נצחון און זי האָט אַרויסגערעדט:

— איך דאַנק אייך. איך האָף, אַז איך וועל מיט אייך גליקליך זיין...

— אַזוי האָף איך צו גאָט — האָט ער אַרויסגערעדט מיט התפּעלות — אפשר וואָלסטו אַפריהער אָנגעקוקט דאָס הויז, רייטשעלע?

— איך ווייס אַליין ניט. טאָמער פּאַסט ניט?...

— ווער וועט עס וויסען? געה צו מארגען. איך וועל דיר געבען דעם אדרעס. דערנאך וועסטו מיר זאגען, ווי דיר געפעלט דאס...

— אלל־רייט.

און וועגען שאפ, פערשטעהסטו דאך אליין, אז דו דארפסט איצט פערגעסען. איצט רוה זיך אויס און טאמער וועסטו וואס דארפען, וועט חלילה דיר ניט פעהלען...

מיט אמאל האט זי זיך אנגערופען:

— מען זאגט, אז איהר זייט זעהר רייך. איז דאס אמת?

— דאנקען גאט, זינדיגען דארף איך ניט — האט ער געענטפערט.

— וויפיעל טויזענד אז ערך האט איהר?

— איך ווייס ניט, רייטשעלע — האט ער געענטפערט — איך ווייס נור, אז איך האב, דאנקען גאט, גליק. יעדען „פארסעל“, וואס איך קויף, טראגט מיר אריין געלד. איך האב געהאט אפילו געקויפט א גרויסען „פארסעל“ אין קאנארסי, און איך האב שוין גערעכענט, אז איך וועל פערליערען עטליכע טויזענד אין איהם, האב איך אין איהם אויך געמאכט איבער צוועלף טויזענד דאלאר. איך האב נאך עטליכע „לאטס“ אויפ'ן בולוואר, עטליכע אויף פיטקין עוועניו, צ פינף „לאטס“ אויף האפקינסאן עוועניו, פיער אויף דעגראו סטריט — און דאס אלעס וועט אריינברענגען געלד... אין דער באנק בין איך דאנקען גאט, אויך א שטארקער בטוח...

זיי זיינען אריין אין דער סטריט, וואו רייטשעל'ס שוועסטער האט געוואהנט.

— דא זאלען מיר זיך אפשטעלען — האט רייטשעל זיך אנגערופען — איהר זעהט דאס בלויע הויז מיט'ן גאניק? דארט וואהנט מיין שוועסטער. אויב איהר וועט מיך וועלען זעהן, וועט איהר מוזען קומען אהער, ווייל צו אייך וועל איך מעהר ניט געהן.

— איך וועל ביי דיר זיין, אז מיר וועלען דערלעבען, מארגען ביינאכט — האט ער געזאגט.

— ניין, ביינאכט קומט ניט. בעסער בייטאג. ווייל דער שוואגער מיינער איז א שרעקליכע קאלאקאטקע און ער טאר וועגען דעם אין גאנצען ניט וויסען...

— ווי אזוי אָבער וועט ער ניט וויסען? — האָט אָרע זיך אָנ־גערופען.

— מיין שוועסטער וועט איהם ניט דערצעהלען און איך אודאי ניט. קומט בעסער בייטאָג.

— אויך רעכט. איך וועל זיין ביי דיר מאָרגען בייטאָג און וועל דיר אויך ברענגען דעם אדרעס פון דעם הויז אויף פענסילווייניא עווענין.

רייטשעל האָט זיך א כאַפּ געטהאָן:

— שאַ, מיין שוואָגער טרייבט שוין אָהער די ציעג. זאָל אונז בעסער די קאַלאַקאָטקע ניט זעהן. א גוטען שבת אייך!

— א גוטען שבת דיר, א גוטען, געזונטינקען יאָהר דיר, רייַ־טשעלע! — האָט ער געענטפערט מיט טיעפער פרייד און כונה אינ׳ם קול.

זי איז אוועק גלייך און ער האָט זיך פערקירעוועט רעכטס

אינ׳ם הארצען האָט ביי איהם געטאַנצט און זיינע ליפען האָבע׳ געמורמעלט:

— איך דאַנק דיר, איך דאַנק דיר, גאָטעניו...

ווען ער איז צוגעקומען צום הויז איז שוין געווען גאַנץ טונקעל. אויפ׳ן הימעל איז די לבנה ארויסגעשוואומען און זי האָט געקוקט אויף אָרע׳ן מיט אזא ליכטיגער, פרעהליכער, יום־טוב׳דיגער מינע...

---

## .17

## אָרע און רייטשעל פּלאַנעווען.

אויף מאָרגען א זייגער צוויי בייטאָג איז אָרע געקומען צו רייטשלען. זי און איהר שוועסטער האָבען אויף איהם געוואַרט. איהר שוועסטער האָט זעהר געוואָלט דעם שידוך. ערשטענס, ווייל רייטשעל האָט איהר דערצעהלט, ווי רייך אָרע איז, און, צווייטענס, ווייל זי האָט בכלל געוואָלט, אַז איהר שוועסטער רייטשעל, א מיידעל אזא ברען, זאָל שוין חתונה האָבען.

אָרע איז געקומען אַן אויסגעפּוצטער מיט א פונאַנדערגעקאַמ־טער באָרד און מיט א ניט־דרייסטען שמייכעל אויף די ליפען. אויפ׳ן

וועג איז איהם מיט אמאל עפּעס אונאנגענעהם געוואָרען צו געהן צו איהר. עפּעס האָט זיך איהם פּלוצים אויסגעוויזען, אז דער דאָזיגער בעזוך שמעקט אביסעל מיט מעשה שייגעץ, כאָטש ער האָט איצט שוין גערעכענט רייטשלען ניט פאר קיין פרעמדע. ווען ער האָט געקוקט דורכ'ן שליסעל־לאָך צו איהר אין צימער אריין, האָט ער אזוי אונ־אנגענעהם קיינמאָל ניט געפיהלט. דאָן האָט ער געשפּירט א פער־באָרגענע זינד אינ'ם הארצען און איצט, מיט דעם דאָזיגען געהן צו איהר, האָט ער מיט אמאָל דערפיהלט אזוי ווי ער וואָלט די דאָזיגע זינד בפרהסיה אַרויסגעטראָגען...

אמת, ער האָט זיך געפּרובט פערענטפערען, גע'טענה'ט צו זיך, אז ער געהט ניט צו א פרעמדער, חלילה, אז זי איז באלד זיין כלה, זיין ווייב, דערפאר מעג ער געהן צו איהר, טראַכטען וועגען איהר, אכטונג געבען, איהר זאָל גאָר נישט פעהלען, מיישב זיין זיך מיט איהר וועגען א הויז. דאָך דעם אונאנגענעהמען געפיהל, וואָס האָט מיט אמאָל ערוואכט אין איהם, אז עס איז מעשה שגץ, האָט ער בשום אופן ניט געקענט אין זיך דערשטיקען...

אפשר האָט ער דערפאר אזוי גענומען פיהלען, ווייל די גאַנצע געשיכטע מיט רייטשלען האָט ער געהאַלטען בסוד פון זיין מאַמען און עטלען, וויסענדיג, אז זיי וועלען זיין שטאַרק געגען איהר און אז זיין מאמע וועט אויף איהם קוקען ווי אויף א הולטאַי. און אפשר דערפאר, מחמת ער איז פּשוט ניט געוועהנט געווען צו אזוינע בע־זוכען...

ער האָט זיך נאָך מעהר אונאַנגענעהם דערפיהלט, בעת רייטשעל האָט איהם פאָרגעשטעלט פאר זיין שוועסטער, ער איז כמעט צוטור־מעלט געוואָרען.

רייטשעל איז היינט נאָך געווען שענער און רייצענדער, ווי גע־וועהנליך. זי האָט אין דער פריה געהאַט א לאַנגען שמועס מיט איהר שוועסטער, דערצעהלט איהר, אז זי ריכט זיך אויף א סקאַנדאַל פון דער אַלטער פרומע'ן, עטלע'ן און אפשר נאָך פון אַרע'ם עלטערער טאָכטער אויך, און זי און איהר שוועסטער האָבען בעשלאָסען אַנצוואַ־ווענדען אַלע מעגליכקייטען איינצוהאַלטען אַרע'ן.

— דאָס איז אַ גליק פאר דיר, רייטשעלע — האָט איהר שוועסטער מיט התפעלות גערעדט, — אַ אַלמן כמעט אָהן קינדער און אזוי רייך,

וועסט זיך לעבען ווי א גרעפין. טהו אַלסדינג, וואָס דו קענסט, דו זאָלסט איהם, חלילה, ניט אָנווערען...

רייטשעל האָט זיך אויסגעפוצט, ווי זי וואָלט באמת ערוואַרטעט א חתן, וועלבער איז איהר געפעלען געווען. זי האָט אָנגעטהאָן איהר רויטע בלוזקע, איהר „יצר־הרע" ווייסטעל, ווי זי פלעגט דאָס רופען, וואָס האָט זעהר געפּאַסט צו איהר דונקעלען, חן'עווידיגען פנים, איהרע קאָכעדיגע, שווארצע אויגען און פעך־שווארצע האָאר, און דורך וועלכען איהרע רייכע פאָרמען, פול מיט כשוף, זיינען שארף ארויס־געטראָטען. איהר שוועסטער האָט געהאַט א גאָלדענע שפּילקע, האָט זי רייטשעל ביי דער האַלז צוגעשפּילעט און איהר פנים האָט זי אויך בעציערט מיט אַן ערנסטער, סאָלידער מינע...

רייטשעל'ס שוועסטער האָט דרעלאַנגט טהעע צום טיש.

אָרע איז געזעסען ווי אויף שפּילקעס און האָט פאַר צומישטקייט ניט געוואוסט וואָס צו רעדען. ער האָט געקוקט אויף די ווענד, אויפ'ן סופיט, אויף דער פאָדלאָגע, אויף די פענסטער, נור ניט אויף רייטשלען.

די כיטרע רייטשעל האָט א וואונק געטהאָן צו איהר שוועסטער, זי זאָל ארויסגעהען, און איהר שוועסטער, ניט קיין נארישע אידענע, האָט זיך דאַן אָנגערופען:

— רייטשעל, איך קום באַלד. איך מוז געהן זוכען אונזער ציעג. זי איז ערגעץ אַנטלאָפען.

און זי איז ארויס פון'ם הויז.

דאַן האָט זיך רייטשעל אויפגעהויבען פון איהר אָרט ביים טיש און געזאָגט:

— — פארוואָס טרינקט איהר ניט אייער טהעע?...

— האָ? — האָט ער זיך אָנגערופען און זי אָנגעקוקט מיט א צומישטען שמייכעל.

זי האָט זיך צולאַכט.

— וואָס האָט איהר זיך פערטראַכט? טרינקט אייער טהעע. וואַרט, איך וועל אייך אריינוואַרפען צוקער אין גלאָז.

און זי איז צוגעגאַנגען נאָהענט צו איהם פון הינטען, האָט זיך איבערגעבויגט איבער זיין אקסעל — דערביי האָט זי, ווי ניט ווילענדיג, צוגעפּרעסט איהר שטייפען, הייסען בוזים צו איהם. האָט דערפיהלט, ווי ער האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן — און אריינגעוואָרפען עטליכע

שטיקלאַך צוקער אין זיין גלאָז. דערנאָך האָט זי מיט אַ לעפעלע אויס־
געמישט דעם טהעע און געזאָגט:

— טרינקט!...

זי האָט אָבגעטראָטען פון איהם און אַ קוק געטהאָן פון דער זייט
אויף איהם. אויף זיין פּנים איז אויסגעגאָסען געוועזן אַ קעלבערנער,
נאַרישער אויסדרוק. זי האָט אַ לאַך געטהאָן אין זיך, האָט אָבער
איינגעהאַלטען די ערנסטע, סאָלידע מינע אויף איהר געזיכט.

אין אַ ווײַלע ארום האָט ער שוין געקוקט אויף איהר. ווי אַ
פער'שכור'טער, און גערעדט צו איהר. אין זיין נשמה איז ווידער
געוועזן יום טוב.

ער האָט ארויסגענומען אַ פּעקעל געלד פון אונטער'ן בוזים
און דערלאַנגט איהר מיט די ווערטער:

— נאַ, טאָמער ווילסטו זיך עפּעס מאַכען.... אַ קלייד, צי
וואָס?... דאָ זיינען פופציג דאָלאַר...

זי האָט אַ שאָקעל געטהאָן דעם קאָפּ, אַ דרעה געטהאָן דעם
אַקסעל און ארויסגערעדט:

— גאָר נו!... איך וועל ביי אייך קיין געלד ניט נעהמען.

— נעהם, נעהם, זיי דו נישט קיין נאַרעניו. דו נעהמסט דאָך
ניט, חלילה, ביי קיין פרעמדען...

זי האָט זיך אָנגערופען:

— דערווײַלע זיינען מיר פרעמדע. איהר וועט צייט האָבען,
צו געבען מיר געלד, ווען איך וועל זיין אייער פרוי.

— אי גאָר שוין, גאָר, וואָס רעדסטו! — האָט ער זיך אַ כאַפּ
געטהאָן און אָנגעהויבען צו לאַכען — נעהם, און נעה זיך עפּעס אויף.
זעה זיך צו. דיר טאָר גאָר נישט פעהלען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צו איהר, מיט דעם
פּעקעל געלד אויסגעשטרעקט צו איהר, און האָט איהר מיט גוואַלד
דאָס אין האַנד אריינגעשפּאַרט.

זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און מיט איהרע שוואַרצע אויגען
איהם אַ בריע געטהאָן.

— וועלל, איך וועל נעהמען. איך דאַנק אייך. איך וועל האַלטען,
אַז איך בין אייך שולדיג פופציג דאָלאַר — האָט זי געזאָגט — שפּע־
טער אַמאָל וועל איך אייך דעם חוב אָבגעבען.

— שפּעטער, שיקסעלע, וועסטו ביי מיר נאָך קריגען, נאָך און נאָך, און נאָך — האָט ער זיך אַנגערופען מיט טיעפען געפיהל אין'ם קול, געקוקט אויף איהר מיט פער'שיכור'טע אויגען און געלאַכט אַזוי גוט, אַזוי הארציג.

זי איז אוועק צו זיך אין צימער מיט דאָס געלד און עס דאָר־טען בעהאַלטען. דערנאָך איז זי ארויסגעקומען, איז צוגעגאַנגען צו איהם, האָט איהם ארויפגעלעגט איהרע ביידע הענטלאַך אויף די אַקסלען און איהם אריינגעקוקט גלייך אין פּנים אריין.

— זאָל איך היינט געהן אַנקוקען דאָס הויז אויף פּענסילווייניא עוועניו? — האָט זי געפרעגט.

— אויב דו ווילסט זיך מטריח זיין — האָט ער געענטפערט — איך האָב מיט זיך געבראַכט דעם אַדרעס. מיר פאַלט אָבער איין, אַז איך זאָל מיט דיר געהן.

— אָלל־רייט. איך בין צופריעדען.

— מיר וועלען געהן מיט אַ זייטיגע סטריט, קיינער וועט אונז ניט זעהן...

— און וואָס האָט איהר מורא, אַז מען וועט אונז יאַ זעהן?...

— קיין מורא האָב איך ניט — האָט ער געענטפערט — נור, כ'וויים? בעסער אַזוי. לאָמיר אַקאָרשט אָפּריהער חתונה מאַכען עטע־לע'ן, דערנאָך...

זי האָט אַ טראַכט געטהאָן און דערנאָך ארויסגערעדט:

— יאַ, איהר זייט גערעכט. עס איז טאַקי גלייבער, אַז מען זאָל דערווייל ניט וויסען, אַז מיר געהען חתונה האָבען. מיר האָבען נאָך נעכטען וועגען דעם גערעדט. אָבער טאָמער בעגעגענט אונז אַ בע־קאַנטער?...

— אַז אַ בעקאַנטער זאָל אונז בעגעגענען, אַארט מיך ניט, אָבי ניט די מאַמע, צי עטעל... זיי וועלען נעהמען פרעגען און איך האָב פיינד צו זאָגען אַ ליגען — האָט אָרע געענטפערט.

אין אַ ווײַלע ארום זיינען זיי אוועק, אַנקוקען דאָס הויז. אַפּריי־הער זיינען זיי אַ היבשע צייט געגאַנגען איבער אַ גרינער לאָנקע, דערנאָך האָבען זיי זיך פערנומען לינקס און זיינען אריין אין אַ נייע סטריט, וועלכע איז ערשט מיט איין וואָך צוריק בעדעקט געוואָרען מיט אַספאַלט. קיין איין הויז איז נאָך ניט געשטאַנען אויף דער

דאזיגער סטריט, נור א הילצערנעביידעל מיט א גרויסען שילד, אויף וועלכען עס איז געווען אנגעוויזען די קאמפאניע, וואס איז דערוויילע געווען די אייגענטהימערין פון דער דאזיגער גאס. דאן האבען זיי זיך ווידער פערקירעוועט אין א צווייטע נייע גאס, פון וועלכער עס האט זיך געטראגען געגען זיי דער געפילדער פון א שלעפ־מאשין. דא האט מען געבויט הייזער. קופעס ציעגעל, זאמד זיינען דא געלעגען פון ביידע זייטען גאס און עס האט דא געשמעקט מיט וואַרימער וואפנע און מיט דעם רויך פון דער שלעפ־מאשין, וועלכע האט מיט א סאפען און געפילדער געשלעפט די ציעגעל פון אונטען צו די מויערשציקעס, וואס זיינען געשטאנען אויבען אויף די געביידעס...

די זון האט שטארק געברענט. ארע און רייטשעל האבען געסאפעט פאר היץ.

— א גוואלד — האט זיך ארע אנגערופען — וואס פאר א בריות אונזערע אידען זיינען! אט ערשט מיט א חדשים זיעבען צוריק בין איך דא געגאנגען און ניט געקענט דורכגעהן פון בערגלאך און גריבער און זומפפען... און מאסקיטאס זיינען דא געווען, זאל זיך גאט דערבארעמען, און היינט? קיין סליאד אפילו פון דעם ניט פערבליבען. ניטא קיין בערגלאך און קיין גריבער, קיין בלאטעס און קיין זומפפען און קיין מאסקיטאס. נייע סטריטען זיינען דא געווארען, גלייכע, טרוקענע; די בלאטעס זיינען פערשאטען, די בערגלאך ארונטערגעריסען און מען לעגט אוים סטריטען, אלץ נייע, אלץ נייע. און בראנזוויל וואקסט, וואקסט, וועט ווערען א גרויסע שטאדט. אט אזוי, רייטשעלע, אידען האבען פארט גוטע קעפ...

— איהר האט אויך א גוטען קאפ — האט זי זיך אנגערופען.

— יא, דאנקען גאט, קיין פויערשען קאפ האב איך ניט. איך וועל דיר זאגען דעם אמת, רייטשעלע, איך אליין וואונדער זיך אמאל, פון וואנען קומט צו מיר אזא גוטער קאפ? — האט ער גאנץ ערנסט געזאגט — סטייטש א קאפ... איך זאג דיר... איך זאג דיר, א קאפ טאקי פון א חכם, פון א גרויסען ביזנעס מאן... וואס איך קויף, איז גאלד, קיינמאל נאר איך זיך ניט אפ. קיינמאל ניט... אי, עס איז געווען א פעהלער, וואס איך האב זיך שוין לאנג ניט גענומען צו ביזנעס, איך וואלט דעמאלט ניט געליטען אזוי פיעל און ביז היינט

וואָלט איך שוין אפשר אַ ראָטשילד געווען... אָבער ווער האָט געקענט ווּיסען, אַז איך זאָל אַזוי טויגען צו ביזנעס?... איך נעהם זיך באַלד בּויען אויף...

— איהר?!

— יאַ. ווען איך פערקויף ניט מיינע „לאָטס" אויף דעם פּרייז, וואָס איך וויל, שטעל איך זיך בויען...

זיי זיינען צוגעקומען צו פּענסילווייניאַ עוועניו און זיינען צוּ־געגאַנגען צו אַ גרויסען, נייעם קאָטעדזש מיט אַ גאַניק.

די ברייטע, שענע סטריט איז נאָך ניט געווען פערבויט. פון ווייטען האָבען געגרינט בוימער און לעדיגע שטרעקעס לאַנד.

— אָט דאָ איז דאָס! — האָט אַרע זיך אָנגערופען — וואָרט דאָ, איך וועל אַ רוף טהאָן דעם מאַן מיט די שליסלען.

ער איז אריין אין אַ הויז געגענאיבער און האָט זיך באַלד צוּ־ריקגעקעהרט מיט אַ הויכען, מאָגערען אידען.

פון פאָרענט איז געווען אַ גערטעל מיט בלומען. ביים ארויפ־גאַנג אויפ'ן גאַניק זיינען פוןביידע זייטען געשטאַנען צוויי לייבען מיט אָפענע מיילער. רעכטס האָט געפיהרט אַ ווייסער אַספאַלט־וועג אויף אַ ברוקירטען הויף, וואו עס איז געשטאַנען אַ רויט־געמויערטע שטאַהל מיט רויטע טהירען פאַר אַ פערד און וואַגען.

רייטשעל איז בּעגייסטערט געוואָרען.

— ווי שען! — האָט זי ארויסגעפּליסטערט.

זיי זיינען אריין אין הויז. די צימערען זיינען געווען גרויסע, ברייטע, ליכטיגע, מיט געפאַרבטע פּאָדלאָגעס, מיט טהייערע האָלץ־ארבייט שניצערייען. די ווענד מיט טהייערע טאַפּעטען בעשלאָגען און יעדעס צימער איז פערזאָרגט געווען מיט גאַז ברענערס און עלעקטרישע לעמפּלאָך.

— דאָ איז דאָס עס־צימער — האָט דער מאַן ערקלעהרט, פיהר־רענדיג זיי איבער די צימערען — איהר זעהט אַ רום? פאַר הונדערט מענשען פּלאַץ גענוג... און דאָרט איז פאַר דער לייבּראַרי... ווי געפעהלט אייך אַזאַ רום פאַר אַ לייבּראַרי?...

רייטשעל האָט דערהערט דעם וואָרט „לייבּראַרי" האָט זי זיך פערוואונדערט. זי האָט געוו[illegible]סט, אַז „לייבּראַרי" איז דער פּלאַץ, וואו מענשען נעהמען ביכער, האָט זי זיך געטראַכט, וואָס פאַר אַ

שייכות האָט דאָס מיט דעם צימער. דאָך האָט זי זיך אַנגעשטויסען, אַז עפּעס אַ שייכות מוז דאָס הפנים האָבען, און געמאַכט מיט'ן קאָפּ צום מאַן, אַז זי איז מיט איהם, הייסט עס, איינפערשטאַנען, און גע־שמייכעלט צו איהם מיט זעהר אַ ליעבער מינע.

דער מאַן האָט זיי דורכגעפיהרט אַלע צעהן צימערען, דעם קעלער און דערנאָך זיי אריינגעפיהרט אין שטאַהל.

רייטשעל איז געווען אויסער זיך פאַר בעגייסטערונג.

דערנאָך, ווען זיי זיינען ווידער אריין אין הויז און זיינען אַליין געשטאַנען אין דעם גרויסען פראָנט־צימער און האָבען בעטראַכט די ווענד, וואָס זיינען מיט רויטע, גלאַנציגע טאַפּעטען בעשלאָגען געווען, האָט זיך אָרע צו איהר אַנגערופען:

— נו, איז דאָס ניט אַ פּאַלאַץ? מעג דאָ אפילו ניט וואָהנען דער קיסר אַליין?...

— יאָ, יאָ, — האָט זי ארויסגעמורמעלט, און איהרע שוואַרצע אויגען האָבען געברענט פאַר בעגייסטערונג — ראָקפעלער מעג דאָ אפילו וואָהנען, וואַנדערבילט... איך האָב נאָך אַזוינס אויף מיין לעבען ניט געזעהן!...

זי האָט אַ טראַכט געטהאָן: „שוין־זשע וועט דאָס זיין מיין הויז?“ און עס האָט זיך איהר גאָר ניט געגלויבט. זי האָט זיך דער־מאָנט אַן איהרען אַ לאַנדסמאַן אין ניו יאָרק, וועלכער האָט געוואָהנט אויף איסט בראָדוויי אין אַ רייכען הויז. איין מאָל נור איז זי געווען אין יענעם הויז, באַלד ווי זי איז געקומען פון רוסלאַנד. זי האָט דאַן אַ בריעף געבראַכט דעם רייכען לאַנדסמאַן פון זיין אַלטער מוטער, וועלכע האָט געוואָהנט אויף דער אייגענער גאַס, וואו רייטשעל'ס מאַמע האָט געוואָהנט, און זי האָט נאָך ביז היינט ניט פערגעסען דעם איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט אויף איהר יענע שענע הויז אויף איסט בראָדוויי, מיט די גאָלדענע שפּיעגלען, ווייכע טעפּיכער און ווענד מיט די שענע טאַפּעטען. די לאַנדסלייט איהרע האָבען געהאַלטען פאַר אַ גרויסע זכיה אריינצוקומען אין יענעם הויז, און ניט אַלע לאַנדס־לייט האָבען געקענט האָבען די דאָזיגע זכיה... אַזאַ אָרימע מיידעל, ווי רייטשעל, האָט אפילו ניט געוואַגט צו חלום'ען, אריינצוקומען אהין און איצט וועט זי אַליין האָבען נאָך אַ שענערע הויז... וואו? נאָך אַ טויזענד מאָל שענערע!... און אַלע איהרע לאַנדסלייט וועלען

זיך וואונדערען, וועלען איהר מקנא זיין, וועלען האַלטען פאַר אַ זכיה, ווען זי וועט זיי אין איהר הויז אריינלאָזען...

די פּייערדיגע. קאַבעדיגע רייטשעל איז ווי פער'שיכור'ט געוואָרען פון אַ שטראָם פון פרייד און שטאָלץ, און אַ שטאַרקע בעדערפניס אויסצודריקען די דאָזיגע פרייד דורך אַ געשריי, דורך לויפען, דורך טאַנצען, דורך אַ שפּיעל טהאָן זיך מיט וועמען, דורך קושען וועמען, האָט אין איהר ערוואַכט. און ניט וויסענדיג אַליין, וואָס זי טהוט, האָט זי זיך פּלוצים אַ וואָרף געטהאָן צו אָרע'ן און איהם אַ קוש געטהאָן...

ער האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און איז פאַר איבערראַשונג צוּטומעלט געוואָרען. דאַן האָט ער זיך צולאַכט אַזוי גליקלאַך און געזאָגט:

— נו, שיקסעלע, דו ביזט צופריעדען, הא? וואָס אַרט דיך, איך האָף צו גאָט, אַז דו וועסט ניט חרטה האָבען!...

אויפ'ן וועג צוריק האָט רייטשעל אַ פרעג געטהאָן:

— נו, און וועגען מעבעל פאַר דעם הויז? איך וואָלט אַליין וועלען אויסקלייבען דאָס מעבעל.

אָרע האָט זיך פערטראַכט.

— איך ווייס ניט וואָס מען טהוט — האָט ער דערנאָך זיך אָנגערופען — ווי באַלד, אַז איך קויף דאָס הויז, וועל איך באַלד דאַרפען אַהין אריינמופען. וואָלט גלייבער געווען, אַז עטעל זאָל אָנקוקען מעבעל. אַ־ניט וועט ווערען טענות און שאלות און מיר ווילען דאָך ניט, אַז מען זאָל איצט וויסען...

— מען קען געפינען אַן עצה צו דעם — האָט רייטשעל געזאָגט — איך וועל פריהער אָנקוקען דאָס מעבעל מיט אייך און וואָס אונז וועט געפעלען, וועלען מיר אָפּקלייבען. דערנאָך וועט איהר נעהמען עטל'ען, זי זאָל אויך אָנקוקען דאָס מעבעל, און דאַן האָט איהר יוצא געווען פאַר איהר.

— וואָס וועט אָבער זיין, ווען איהר וועט ניט געפעלען ווערען דאָס, וואָס דו וועסט זיך אויסקלייבען? — האָט אָרע געפרעגט.

— פרעגט זי בחרם. פאַרוואָס זאָל איהר עפּעס ניט געפעלען? און, ווידער, וועט איהר קענען איהר זאָגען, אַז אַ רייכע ליידי האָט פאַר אייך אויסגעקליבען די מעבעל. יאַ, יאַ, — האָט זי זיך אַ כאַפּ

געטהאָן — די בעסטע זאַך. איהר וועט זאָגען, אז א רייכע ליידי האָט דאָס אויסגעקליבען, וועט עס איהר שוין אויך געפעלען. גלויבט מיר, איך קען עטלע'ן. וואָס דער רייכער ליידי וועט געפעלען, וועט איהר אויך געפעלען.

און זאָגענדיג דאָס, האָט רייטשעל שטיל געלאַכט.

אָרע האָט א ווײלע געשוויגען, דאן האָט ער זיך אָנגערופען:

— אָבער זאָגען א ליגען... איך האָב דאָס פיינט...

— וואָס פאַר א ליגען וועט איהר זאָגען? — האָט רייטשעל זיך כאַפּ געטהאָן — בין איך ניט קיין ליידי? — און וועל איך אין ־יכען ניט זיין א רייכע ליידי?...

דאן האָט זיך אָרע צולאַכט:

— כאַ־כאַ־כאַ! אָבער א קעפּעלע האָסטו, שיקסעלע!... דו ביזט גערעכט. דאָס וועט ניט זיין קיין ליגען!...

---

18.

## אָרע'ס רייכע הויז.

אין צוויי וואָכען ארום האָט אָרע זיך אריינגעצויגען אין זיין נייע הויז אויף פּענסילווייניא עווענו. די טהייערסטע שטיקעל מעבעל האָט רייטשעל אויסגעקליבען און ניט פערגעסען צו פערזאָרגען דאָס „לייבראַרי"־צימער אויך מיט טהייערע ביכער־שראַנקען, א שרייב־טיש און די אַנדערע זאַכען, וואָס פּאַסען צו א ביבליאָטהעק. איידער זי האָט דאָס אלסדינג אויסגעקליבען איז זי געווען ביי איהר רייכען לאַנדסמאַן אין'ם הויז אויף איסט בּאָרדוויי און האָט דערצעהלט זיין ווייב, אז זי געהט חתונה האָבען מיט א רייכען מאַן און וויל זיך איינ־ריכטען א שענע הויז. דערפאַר איז זי געקומען פרעגען וואָס פאַר א מעבעל, אין ערך, זי דאַרף האָבען. די לאַנדס־פרוי האָט איהר געוויזען אַלע צימערען און אויך דאָס „לייברערי"־צימער מיט די ביכער אין די שראַנקען.

דאן איז זי אוועק מיט אָרע'ן אין א גרויסען מעבעל־געשעפט. זי האָט אויך אויסגעפונען אן אַגענט פון ביכער און איהם גע־

הייסען ברייגגען צו אָרע'ן אַלע ביכער „וואָס מען דארף האָבען, אום אויסצופּאַרגיטשורען ריכטיג א לייברערי", ווי זי האָט איהם געזאָגט... אויך א פּאַנאַגראַף האָט זי פּאר אָרע'ן געקויפט. איהר רייכער לאַנדס־מאַן האָט אויך א פּאַנאַגראַף געהאַט.

עטעל איז געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז זי האָט עס אויס־געקליבען די אַלע „שענע זאכען" פאר דאָס הויז און האָט יעדעס מאָל, ווען איהר חתן איז צו איהר געקומען, מיט שטאָלץ איהם געפרעגט, ווי געפעלט איהם איהר געשמאַק. די אַלטע פרומע האָט זיך די ערשטע צייט געפיהלט ווי א צודולטע אין דעם רייכען הויז, האָט ניט געוואגט צו טרעטען איבער די ווייכע סאמעטענע טעפּיכער און איז תמיד זיי ארומגעגאנגען ביי די זייטען, טראַכטענדיג: „וועה איז מיר, אין דער היים ליגט דאָס ביי די גבירים אויף די טישען, צי גאָר פער־שלאָסען אין די קאמאָדען, און דאָ ביי אונז ליגט דאָס אויף דער ערד און מען טרעט אויף דעם"... און האָט מען די עלעקטרישע לעמפּלאך אָנגעצונדען, האָט זי געקוקט אויף דעם פערוואונדערט, געשאָקעלט דעם אַלטען קאָפּ, געדריקט די אקסלען און געמורמעלט: „נאָ! נאָ!" — קיין אנדערע ווערטער האָט זי פאר איבערראַשונג ניט געקענט געפינען. און האָט דער פּאַנאַגראַף גענומען שפּיעלען, איז זי אונרוהיג געוואָרען, האָט געקוקט צומישט אויפ'ן קאַסטען און געטראַכט: „ווער זינגט עס דאָרטען?"...

אין דעם אַלטען אָרימען הויז אויף קריסטאָפער סטריט האָט זי זיך געפיהלט א סך רוהיגער, א סך מעהר אין דער היים, ווי דאָ.

אָרע האָט אריינגענומען א צווייטע דיענסט אין הויז. פרומע האָט עס ניט געוואָלט לוידען.

— גענוג איין דיענסט — האָט זי גע'טענה'ט — גלאַט ארויס־געוואָרפען געלד. און מיר וועט זיין שווערער. אזוי דארף איך אַכ־טונג געבען אויף איין דיענסט, און איצט אויף צוויי...

און איהר איז טאַקע שווערער געוואָרען, ווייל איהר האָט זיך אַלץ געדאכט, אַז די דיענסטען טהוען ניט ריכטיג זייער ארבייט, ברייגגען אוים צופיעל אין ניוועץ דאָס, יענעס, היטען ניט גענוג אָפּ די כשרות און זי איז שטענדיג ארומגעלאָפען איבער'ן שטוב פון איין צימער אין דעם אַנדערען פערהאַוועט און האָט זיך ארומגעריסען מיט די דיענסטען. היינט האָט זי שטענדיג איצט געהאַט אַן עסק מיט

פינע'ן, צי מיט זיין ווייב שרה'קען, וועלכע זיינען כמעט יעדען טאָג געקומען אויף בעזוך צו אָרע'ן.

זיי האָבען ניט געוואָלט אָפּווישען די פּיס, איידער זיי זיינען אין הויז אריין, און זי, פרומע, האָט פון זיי געפאָדערט, זיי זאָלען ניט אריינגעהן, ווי אין אַ חזיר־שטאַהל.

שרה'קע מיט איהר מאַן פינע'ן האָבען איהר געטהאָן אויף צו־להכעיס. זיי זיינען געווען בייז אויף אָרע'ן און אויף איהר און האָבען מיט זיי תמיד צו טהאָן געהאַט: סטייטש עטלע'ן גיט ער צעהן טויזענד דאָלאַר נדן. אַזאַ שענע הויז האָט ער זיך געקויפט און איהר, זיין עלטסטער טאָכטער און איהר מאַן, גיט ער גאָר נישט, חוץ אַמאָל אַ גמילת חסד. אָרע האָט זיי געענטפערט אין אַ הארבען טאָן: ער גיט ניט פינע'ן, ווייל ער, פינע, איז אַ שלים־מזל'ניק, אַ נאַר, אַן עזות־פנים. ווען ער וואָלט געהאַט אַביסעל שכל, וואָלט ער איצט אויך גע־קענט זיין רייך.

און פרומע האָט זיי געענטפערט:

— גזלנים, וואָס ווילט איהר פון אייער טאַטען? וואָס האָט איהר זיך אָנגעזעצט אויף איהם? לאָזט איהם אַביסעל קומען צו זיך, ער וועט אייך אַלעמען מיט גאָט'ס הילף געבען.

און געענדיגט האָט זי תמיד:

— רעדט צו איהם מיט גוטען, נור מיט גוטען. דו, פינע, ביזט אַלע מאָל געווען צו איהם אַ העזה'ניק, רייד צו איהם מיט גוטען, וועט ער פערגעסען, אַז דו ביזט פריהער געווען אַזאַ העזה'ניק...

און פינע האָט גערעדט צו אָרע'ן אַי מיט גוטען, אַי מיט ביי־זען, געפאָדערט פון איהם כאָטש אַ פּאָאַר טויזענד דאָלאַר אויף אַ געשעפט, נור אָרע האָט ניט געגעבען.

האָבען פינע און שרה'קע זיי געטהאָן צו־להכעיס, זיינען געקומען אַהין אין פערברודיגטע קליידער, צוקרימטע שיך, ווען דער דאָקטאָר איז דאָרט געווען. און ווען עטל האָט זיך ביי זיי דאַן געבעטען: „האָט רחמנות, וואָס פערצאַפּט איהר מיר דאָס בלוט? ווי געהט איהר ארום?“ — דאַן האָט שרה'קע איהר געענטפערט:

— וואָס איז, צעהן טויזענד דאָלאַרדיגע מויד, דיר שטעהט ניט אַן, האַ? זאָג דעם טאַטען. ער זאָל מיר אויך געבען צעהן טויזענד

דאָלאַר — נישקשה, איך בין אויך זיינע אַ טאָכטער — דאַן וועל איך קומען אויסגעפּוצט ווי אַ ליידי און דו וועסט זיך ניט דאַרפֿען שעה־מען !

— אויף דער חתונה וועלען מיר אויך קומען אַזוי ! — האָט דאַן פּינע אַריינגעוואָרפֿען.

פֿרומע האָט זיך דאַן אָנגענומען פֿאַר עטלע'ן און געזידעלט פּינע'ן און זיין פֿרוי, זיינען זיי, אום איהר צו טהאָן להכעיס, אַריין אין זאַל און גענומען טופּען איבער'ן טעפּיך...

ביז איין מאָל האָט אַרע זיי ערקלעהרט:

— איך וועל נור חתונה מאַכען עטלע'ן, וועט איהר קריגען געלד...

און דערביי האָט ער געהאַט אַזאַ רעכנונג: נאָך עטעל'ס חתונה, ווען ער אליין וועט ערקלעהרען, אַז ער געהט חתונה האָבען מיט רייטשלען, וועט זיך דאָך מסתמא אויפהויבען אַ ליאַרם, וועט ער דער־מאָלט פֿערשטאָפּען פּינע'ן דעם מויל מיט אַ פּאָאַר טויזענד דאָלאַר און זאָל ער כאָטש שווייגען...

דאַן האָט פּינע אונגעדולדיג גענומען וואַרטען ביז נאָך עטעל'ס חתונה. אַרע האָט אויך מיט אונגעדולד געוואַרט אויף דעם און עס איז בעשלאָסען געוואָרען, באַלד נאָך סכות זאָל מען פּראַווען עטעל'ס חתונה מיט'ן דאָקטאָר.

דערווייל האָט אַרע יעדען טאָג בעזוכט רייטשלען, אויסער שבת, ווען רייטשעל'ס שוואָגער, משה־בער, איז אין דער היים געווען. פֿאַר איהם האָט מען זיך נאָך אַלץ געהיט. אַרע האָט איהר געגעבען געלד אויף קליידער און זי האָט זיך יעדע פּאַר וואָכען אַ נייע קלייד גענייהט. משה־בער'ן האָט מען דערצעהלט, אַז רייטשעל טהוט טאַקע אַ שידוך מיט אַ רייכען מאַן, זיין נאָמען טאָר ער אָבער דערווייל ניט וויסען. האָט ער אַליין דעם נאָמען פֿון דעם רייכען חתן געשאַפּען און באַלד האָבען אַלע רייטשעל'ס בעקאַנטע זיך דערוואוסט, אַז זי געהט חתונה האָבען מיט זעהר אַ רייכען מאַן, מיסטער צייטלין — אַזאַ נאָמען האָט משה־בער פֿאַר איהם געשאַפּען — וואָס פֿערמאָגט צעהן פֿעקטאָרים אין נויאָרק און אַ סך מיליאָנען. עטעל האָט פֿון דעם אויך זיך דערוואוסט און דורך איהר די אַלטע פֿרומע און זיי

האבען ארע'ן אויך דערצעהלט. ער האט געשמייכעלט און זיך געגלעט בהרחבה מיטביידע הענד די באָרד.

דערנאָך, אַז ער האט דערצעהלט רייטשלען און איהר שוועסטער, האבען זיי פערשטאַנען, אַז דאס איז משה־בער'ס אויפטהו און האבען געלאַכט.

איין מאל, ווען רייטשעל האט איהם ערוואַרטעט, איז זי געזעסען מיט איהר שוועסטער און איהר דערצעהלט וועגען א פּאאר טהייערע אוירינגען, וואס זי האט נעכטען געזעהען אין א דזשועלרי סטאָר אין נויאָרק.

— איך וואלט וועלען, אַז ער זאל מיר די אוירינגען קויפען — האט זי געזאָגט.

— וועסט ביי איהם בעטען? — האט די שוועסטער געפרעגט.

— ניין, דאס איז קיין קונץ ניט. ער דאַרף מיך בעטען, איך זאל איהם לאזען קויפען די אוירינגען פאר מיר — האט רייטשעל געענטפערט — דו וועסט זעהן, אַז ער וועט מיך בעטען. דו נור לאז מיך איבער מיט איהם אליין.

ער איז געקומען. רייטשעל'ס שוועסטער איז גלייך ארויס.

— נו, וואס מאכסטו, רייטשעלע? — האט ער געפרעגט, זעצענדיג זיך.

— איך דאנק אייך. ווי געוועהנליך.

פּלוצים האט זי זיך צולאַכט און געזאָגט:

— א מאדנע זאך, וואס עס קען זיך אמאל חלום'ן.

— וואס איז?...

— מיר האט זיך די נאכט געחלום'ט... איך וויים ניט, צי דאס איז א גוטער, צי א שלעכטער חלום...

— דהיינו? וואס אזוינס האט זיך דיר געחלום'ט?

— איך האב נעכטען געזעהן אין נויאָרק בריליאַנטענע אוירינגען אין א דזשועלרי סטאָר, זיינען זיי מיר שטאַרק געפעלען געוואָרען. חלום'ט זיך מיר די נאכט, אַז איך טראָג די דאָזיגע אוירינגען און איך פרעה זיך אזוי... וואס קען אזא חלום מיינען, הא? — האט זי געפרעגט מיט אַן אונשולדיגער מינע.

ער האט אנגעהויבען צו לאַכען:

— אַ סימן, אַז איך וועל דיר קויפֿן בריליאַנטענע אויריינגען — האָט ער געענטפֿערט.

זי האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט דעם קאָפּ און געזאָגט מיט אַ קאַפּריזנער מינע:

— איך וועל ניט נעהמען. איך קאָסט אייך אָפּ שוין גענוג...

— וואָס איז דער חילוק, שפּעטער וועל איך דאָך דיר דאַרפֿען סיי־ווי־סיי קויפֿען...

— צו טהייערע?... ניט דיין דאגה. קיין זאַך איז ניט טהייערער אין אַ טאָן, ווי אַ נאָכגעגעבען קינד, און אַ דרעה געטהאָן דעם אַקסעל.

— צו טהייערע?... ניט דיין דאגה. קיין זאַך איז ניט טהייערער פֿון דיר...

— אַי, איהר זאָגט דאָס נור... אין דער אמת'ן בענעהמט איהר זיך געגען מיר גאָר ניט, ווי איהר וואָלט זיך געקליבען מיט מיר חתונה צו האָבען...

ער האָט זי אָנגעקוקט פֿערוואונדערט:

— וואָס מיינסטו?... איך פֿערשטעה דיך ניט...

— איהר פֿערשטעהט יאָ, נור... איהר שעהמט זיך...

— איך שעהם זיך? וואָס?...

— איהר שעהמט זיך! איהר שעהמט זיך!... — האָט זי נאָך אַמאָל געזאָגט אין אַ טאָן פֿון אַ קאַפּריזנעם קינד — פֿאַרוואָס ווייזט איהר מיר ניט אַרויס, אַז איהר ליעבט מיך?

— וואָס הייסט, איך ווייז דיר ניט אַרויס?... ווי דאָס אויג פֿונ'ם קאָפּ, ווי דאָס שוואַרץ־אַפּעל פֿון מיינע אויגען, אַזוי טהייער ביזטו ביי מיר, רייטשעלע...

— איך זעה דאָס ניט — האָט זי שטיל געזאָגט און, אַפּקעהרענדיג דעם קאָפּ, האָט זי צוגעלעגט, ווי פֿערשעהמט:

— איך שעהם זיך דאָס אייך אַפּילו צו זאָגען, אָבער עס פֿערדריסט מיר... איהר זאָגט, אַז איהר האָט מיך ליעב, היינט פֿאַרוואָס שעהמט איהר זיך אַפּילו מיך... אַ... גלעט צו טהאָן? — האָט זי נאָך שטילער צוגעלעגט — אַזוי ווייזט זיך מיר רק אויס, אַז איהר זייט אַ פֿרעמדער...

— האַ?

ער האט אזש דעם מויל געעפענט. דאן האט ער זיך צולאכט און זיך אנגערופען מיט א ציטערדיגען קול:

— איך שעהם זיך... וואס הייסט, איך שעהם זיך?... גאר נישט, מען איז דאך עפעס ניט קיין יונגאטש, חלילה... א איד, ווי זאגט מען, מיט אנשטענדיגקייט...

— ער איז צוגעאנגען נעהענטער צו איהר:

— רייטשעלע, דו מיינסט, אז איך וואלט וועלען, וואלט איך ניט געקענט מאכען אט די אלע תנועות פון די היינטיגע יונגע שקצים?...

ער האט איהר א גלעט געטהאן די באק און ארויסגעפליסטערט:

— אוי, א זיסע נכפה'לע דיר אינ'ם הארצען!... ווענען האט זיך גע'חלומ'ט, אז דו, אזא מויד, קיין עין הרע, זאל אמאל וועלען קוקען אין מיין זייט!... געוואלד! — האט ער גענומען ריידען העכער און מיט התלהבות — ווי שען דו ביסט, רייטשעלע, א בת מלכה, ממש! הויך און דיק, א שענער בוים! באקען, ווי א פאאר געראַטענע היימישע פרעפעשקעס! אויגען—שטיקער פייער!... אי, רייטשעלע, אי, אי, אי... — האט ער גערעדט און געגלעט איהרע באקען.

— טהוט מיך א קוש — האט זי פלוצים געזאגט.

— הא?...

ער האט זיך א צאפעל געטהאן און גענומען זיך אומקוקען אויף אלע זייטען.

— וואס קוקט איהר זיך אום? וואס האט איהר מורא? נאך דער חתונה וועט איהר אויך מורא האבען? — האט זיך רייטשעל אנגערופען.

ארע האט ארויסגעמורמעלט

— איך האב ניט מורא, נור...

ער האט ניט דערערעדט, א ווײלע זי אנגעקוקט מיט בענייסטערטע אויגען און דערנאך האט ער פלוצים אויסגערעדט, אזוי ווי ער וואלט ארויסגעקרעכצט:

— אי, דו מאכסט מיך גאר צולאזען, שיקסעלע דו!...

ער האט זי א קוש געטהאן און אנגעהויבען צו ציטערען מיט הענד און מיט פיס...

זי האט זיך צולאכט:

— וואס טרייסעלט איהר זיך אזוי?...

און זי האָט זיך פון אָרט אויפגעהויבען.

ער האָט געקוקט אויף איהר מיט א בעגייסטערטען שמייכעל און מיט פער'שכור'טע אויגען און געמורמעלט:

— דו ביזט א גן עדן, דער בעסטער חלק עולם הזה...

מיט אמאָל האָט ער זיך אונטערבראָכען און א מאַך געטהאָן מיט דער האַנד:

— געה, געה, עס איז גאָר א סכנה אויף דיר צו קוקען. עפּעס א בראַנד, א שטיק פייער... דו... דו... דו ביזט אין גאַנצען א פייערדיג שטיק עבירה'לע!...

זי האָט א שמייכעל געטהאָן:

— גענוג אייך צו ריידען אַזעלכע נאַרישקייטען. איך'ל ווערען בייז. גוט. אָט דערפאַר וועל איך ביי אייך ניט נעהמען די אוירינגען!

— ניין, ניין — האָט ער זיך א כאַפּ געטהאָן — די אוירינגען זאָלסטו יאָ נעהמען. אויב דיר געפעלט, קויף זיי. איך וועל בעצאָהלען.

— וויים איך, אַזוי פיעל געלד! — האָט זי געזאָגט.

— עס מאַכט נישט. וויפיעל וויל מען?

— פינף הונדערט דאָלאַר — האָט זי שטיל געזאָגט.

— פינף הונדערט?!...

ער איז צומישט געוואָרען:

— אַזוי פיעל געלד פאַר אוירינגען?...

— בריליאַנטענע... אָבער מען דאַרף ניט, מען דאַרף ניט. מאַלע, וואָס מיר איז געפעלען!...

ער האָט זיך פערטראַכט. דאַן האָט ער ארויסגערעדט:

— מילא, זיי זיינען דאָך דיר געפעלען, האַ? טאָ קויף זיי.

— איך וויל ניט. צופיעל געלד. דאָס הייסט — האָט זי פערכאַפּט — ניט צופיעל. זיי זיינען א מציאה. אָבער פאַר אייך איז צופיעל געלד...

— אז דיר געפעלען זיי, איז פאַר מיר גאָר נישט צופיעל. קויף זיי.

— וועלל, אויב איהר ווילט — האָט זי ארויסגערעדט מיט אַן אונשולדיגע מינע — איך מוז דאָך אייך פאָלגען...

און אין דער אייגענער וואָך האָט זי די דאָזיגע אוירינגען בעקומען.

.19

## רייטשעל די כלה.

נאך א מאנאט איז פאראיבער, און נאך א מאנאט. די יום־טובים זיינען אויך אוועק און אין ארע'ס הויז האט מען זיך אנגעהויבען צו גרייטען צו עטעל'ס חתונה.

און מיט אונגעדולד האט ארע געווארט, אז די דאזיגע חתונה זאל פאראיבער. ער האט איצט די גאנצע צייט געטראכט פון רייטש־לען, איז אין גאנצען פול געווען מיט איהר, פונקט ווי פריהער מיט זיינע „פארסעלס". נאטירליך, ער האט איצט זיינע געשעפטען אויך געטריבען, האט געקויפט און פערקויפט „פארסעלס", נאך גרעסערע ווי פריהער, ביי וועלכע ער האט פערדיענט נאך מעהר געלד. וועגען דעם אבער איז איהם גיט נויטיג געווען צו טראכטען: דאס האט פאר איהם שוין געטהאן די „בום־מאשין", ווי זי וואלט דאס געטהאן פאר איהם, ווען ער זאל אפילו אין גאנצען ניט האבען קיין קאפ, ווען ער זאל אפילו אין גאנצען געוועז א ליימענר גולם, אבי ער האט זיך בעוועגט מיט דעם כח און ווילען פון איהר, דער דאזיגער „בום־מאשין", וועלכע האט מיט אזא ליארם און אימפעט זיך געטראגען אין פאראויס, אין פאראויס, ניט טראכטענדיג גאר וועגען אפשטעלען זיך... ער, ארע, האט נור געדארפט קויפען, האט ער שוין פערקויפט. ער, ארע, האט נור געדארפט פערקויפען, האט ער שוין פערדיענט. עס האט גאר ניט אויסגעמאכט, וואס פאר א „פארסעל" אוז וואו עס איז געלעגען. עס האט אפילו געמעגט ליגען צווישען זומפען...

אמת, ווען ניט ווען האט געטראפען, אז אין מיטען האסטיגען פליהען האט זיך די „בום־מאשין" א שאקעל געטהאן אהין און אהער, דאן האבען זיך די אלע מענשען, וואס האבען זיך געטראגען מיט איהר כח, ווי גולם'ס, מיינעדיג, נאטירליך, אז זיי שלעפען זי,—זיך אויך א שאקעל געטהאן צוזאמען מיט איהר און האבען זיך אנגעקוקט מיט אונ־רוהיגע אויגען... אויף א קורצע צייט איז דאן א שטילשטאנד איינגע־טראטען, מען האט ניט געקויפט און ניט פערקויפט. אבער נור א קורצע צייט, באלד איז די „בום־מאשין" ווידער געלאפען, נאך האסטיגער,

נאָך מיט מעהר געפילדער ווי פריהער, און די אלע מענשען, געשטופּט און געטריבען פון איהר, האָבען זיך ווידער א ריהר געטהאָן, געקויפט און פערקויפט די „פּארסעלס“, און געמיינט, אז זי ווערט געשטופּט און געטריבען פון זיי, פון זייערע פעהיגקייטען און זייער חכמה...

אזוי האָט איצט גערענקט ארע און אזוי די אלע איבעריגע, וואָס זיינען איצט רייך געוואָרען פון דעם „ריעל־עסטייט־בום“...

קורץ, ביי ארע'ן זיינען איצט די געשעפטען גוט געגאנגען, ווען אפילו זיינע אלע געדאנקען זיינען פערנומען געווען מיט רייטשלען.

ער האָט כסדר געטראַכט פון איהר. ווען ער האָט אפילו גע־דאווענט האָט זי זיך געטראָגען פאר זיינע אויגען. און ימים נוראים, ווען ער האָט אין די תפילות ביי גאָט לעבען געבעטען פאר זיך און זיין הויז־געזינד, האָט ער מיט בעזונדערער כונה געבעטען לעבען, לאנגע יאָהרען און גליק פאר איהר, פאר רייטשלען.

ער האָט זיך איצט געפיהלט פרייער מיט איהר און האָט זי אָפט געקושט. און אמאָל, אז ער האָט זיך דערפיהלט זעהר זינדיג אין זיינע געדאנקען, האָט ער זיך פערענטפערט פאר גאָט: „גאָטעניו, זיי דו מיר מוחל פאר דער מחשבה זרה: זי איז ביי מיר אזוי איינגעבאקען אין הארצען. זי איז דאָך אזא פּארשוין!... זיי מיר מוחל, גאָטעניו, דו ווייסט דאָך, אז זי איז מיר ניט קיין פרעמדע, אז זי וועט ווערען באלד מיין ווייב!“

און נאָך אָפטער איז ער אזוי אין גאנצען איבערפילט געוואָרען יט גליק, דאָס מיט טרעהרען אין די אויגען האָט ער גאָט געדאנקט:

— איך דאנק דיר, גאָטעניו, פאר דעם שענעם חלק עולם הזה, מיט וואָס דו האָסט מיך מזכה געווען!...

פאר ימים נוראים האָט ער אויס דאנקבארקייט צו גאָט א נייע ספר תורה אין שוהל אריינגעגעבען און רייטשלען האָט ער געזאָגט, אז איה“ש נאָך זייער חתונה וועט ער א שוהל בויען, וואָס זאָל הייסען „ארע כיריג'ס שוהל“.

ער, דער עלטערער איד, האָט איצט דורכגעלעבט א פריהלינג אין זיין נשמה, א פריהלינג, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געקענט. זי, רייטשעל, איז דאָרט געווען די שענע פריהלינגס־זון. ער איז מיט אמאָל יונג געוואָרען, ווי נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען...

איינמאָל, אַ פֿאַרנאַכט, עטליכע טעג פֿאַר איהר חתונה, איז עטעל געקומען אַהיים און האָט דערצעהלט מיט התפעלות אָרע'ן און פרומען, אַז זי האָט זיך איבערגעבעטען מיט רייטשלען, און אַז זי, רייטשעל, וועט דאָ באַלד זיין.

אָרע איז געוואָרען אויפגערעגט, אַז ער האָט עס דערהערט, און פרומע האָט זיך אָנגערופען:

— וואָס איז דיר עפּעס מיט אַמאָל איינגעפאַלען, זיך איבערצור־בעטען מיט דער טענצערקע?

— איך בין געווען אויף פּיטקין עוועניו, טרעף איך זי אָן. אָבער וואָלט איהר זעהן, ווי שען זי איז... היינט אויסגעפּוצט איז זי, מאָ־מעלאַך מיינע, טאַקי ווי עפּעס אַ וואַנדערבילט'ס טאָכטער... איך האָב זיך דערמאָנט, אַז זי געהט חתונה האָבען מיט אַ רייכען מאַן, טראַכט איך מיר: ווארום זאָל איך מיט איהר ניט גוט ווערען? איצט וועט זי דאָך מיר שוין פערגינען מיין חתן. און איך רוף זיך אָן: „העללאָ, רייטשעל!“ דעם אמת געזאָגט, איך האָב מורא געהאַט, אַז זי איז נאָך ברוגז און וועט מיר ניט ענטפערען, אָבער זי האָט יאָ געענט־פערט: „העללאָ, עטעל“, און מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט. דערנאָך האָבען מיר זיך צורעדט און איך האָב זי געבעטען, קומען זעהן אונזער נייע הויז און מיינע חתונה־קליידער.

— נו וועט זי־קומען? — האָט אָרע געפרעגט מיט פערשטיקטער אויפרעגונג אין'ם קול.

— יאָ, זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט דאָ באַלד זיין — האָט עטעל געענטפערט און זיך געווענדעט צו פרומע'ן: — באָבע, דו זיי נור מיט איהר פריינדליך, פערגעס ניט, אַז זי וועט אויך באַלד זיין אַ רייכע ליידי און איך וויל מיט איהר אָנהאַלטען די פריינדשאַפט...

— איך האָב זי אפילו ניט אַזוי האַלד! — האָט די אַלטע גע־זאָגט — נור גאָרנישט. קריעגען וועל איך זיך מיט איהר ניט, אַז זי וועט קומען. וואָס האָט זי דיר געזאָגט, ווען געהט זי חתונה האָבען?

— גאָר אין גיכען, זאָגט זי, וועט זי מיר לאָזען וויסען — האָט עטעל געענטפערט.

— טאַקי אַ רייכער מאַן?

— ער מוז אַפּנים זיין זעהר רייך. דו וואָלסט זעהן, באָבע, ווי זי איז אויסגעפּוצט. זי זאָגט, אַז דאָס איז אַלץ איהר חתן'ס.

— אַ שענע מציאה כאַפּט ער — האָט די אַלטע זיך אַנגערו־פען — זי וועט איהם שוין גוט פערטאַנצען די יאָהרען. ער איז אַן עלטערער מענש, וואָס זאָגט זי?...

— זי זאָגט, אַז ער איז דער בעסטער מענש אויף דער וועלט — האָט עטעל געענטפערט — זי איז, קענטיג, אין איהם שטאַרק פער־ליעבט.

אַרע האָט אויפגערעגט גענומען גלעטען מיט ביידע הענד די באָרד און אַנגעהויבען צו הוקען, אַזוי ווי אין דער האַלז וואָלט איהם עפּעס געבליבען שטעהן. דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבען פון'ם אָרט, איז צוגעגאַנגען צו עטעל'ן, האָט זי אַרומגענומען און אַ קוש געטהאָן.

— דו ביזט אַ וואוילינקע, האָסט אַ גוט הערצעלע — האָט ער אַרויסגעמורמעלט, שמייכלענדיג אַזוי גליקלאַך: — בעט זי אויף דיין חתונה אויך...

און געזאָגט עס, איז ער אַרויס אויפ'ן גאַניק און האָט זיך דאָרט אוועקגעזעצט.

„זי זאָגט, אַז ער איז דער בעסטער מענש אויף דער וועלט — האָט ער אין די געדאַנקען איבערגערעדט עטעל'ס ווערטער, און זיין פּנים האָט געשטראַהלט פאַר גליק — זי איז, קאַנטיג, אין איהם פערליעבט!"...

— גאָט מיינער, גאָט מיינער — האָט ער אַרויסגעמורמעלט — איך דאַנק דיר, איך דאַנק דיר פאַר דיינע גרויסע חסדים מיט מיר!...

עס איז שוין געווען נאַכט, ווען רייטשעל איז געקומען. דאָס הויז פון דרויסען איז געווען בעלויכטען פון אַ גרויסען עלעקטרי־שען לאָמפּ, וואָס איז געהאָנגען ביי דער אריינגאַנג־טהיר אויפ'ן גאַניק און האָט געלויכטען ווי אַ לבנה דורך אַ לייכטען נעבעל.

זי איז געווען אויסגעפּוצט ווי צו אַ באַל, אין אַ העלען, טהיי־ערען קלייד, מיט ווייסע האַנד־שוה, וואָס זיינען הויך אַרויפגעצויגען געווען אויף איהרע רונדע, דיקע אָרעמס. און אויפ'ן קאָפּ האָט זי קאָקעטיש געטראָגען אַ טהייערען הוט און אַרום האַלז אַ מעדאַליאָן אין דער פאָרמע פון אַ הערצעלע, אויסגעזעצט מיט בריליאַנטען און אַנגעבונדען אַן אַ דין גאָלדענע קייטעלע, און אין די אויערען האָבען

געפינקעלט די פינף הונדערט דאָלאַרדיגע אוירינגען. זי איז געווען אונגעוועהנליך שען אין דעם דאָזיגען אבענד, אין גאַנצען כשוף, האָט זיך געדאַכט, אין גאַנצען דונקעלער, פייערדיגער צויבער מיט איהר שלאַנקער פיגור, הויכען, רייצענדען ביוסט, דונקעלען, לענגליכען, בע־וועגליכען פנים, רויטע, פולע ליפּען און מיט איהרע גרויסע שוואַרצע, ברענענדיגע אויגען. אויף איהר שטערען אונטער דעם הוט מיט די גרויסע ווייסע פעדערען האָבען טיעף־שוואַרצע לאָקענדלאך זיך גע־קרויזט אין שוואַרצע רינגעלאך.

ווען פרומע האָט זי דערזעהן, האָט זי פאַר איבעררעשונג אויס־געשריען:

— קיין עין הרע ניט, דאָס ביזטו, רייטשעל? מאַמעלעך מיינע, ווי זי שיינט!...

— גיט מיר נור ניט קיין עין הרע, פרומע! — האָט רייטשעל זיך אָנגערופען מיט אַ צופריעדענעם שמייכעל.

אָרע, וועלכער איז געשטאַנען הינטער פרומע'ס רוקען מיט אַ שטראַהלענדען פנים און האָט געקוקט אויף רייטשלען, האָט מיט הרחבה אַ גלעט געטהאָן זיך די באָרד און אַ טראַכט געטהאָן:

„רייטשעלע — מאַמעלע, קיין בייז אויג זאָל דיר ניט שאַדען!“..

עטעל האָט גענומען רייטשלען אונטער דער האַנד מיט זעהר אַ פריינדליכער מינע.

— נו, ווי געפעלט דיר אונזער הויז, רייטשעל? — האָט זי גע־פרעגט.

— ווי מיר געפעלט דאָס הויז? מיר געפעלט שוין דאָס הויז אָלל־רייט — האָט זי געענטפערט און אַ קוק געטהאָן מיט לאַכעדיגע אויגען אויף אָרע'ן, וועלכער האָט איהר געענטפערט מיט אַ גליקליכען שמייכעל.

— און ווי געפעלט דיר מיין געשמאַק, רייטשעל? — האָט עטעל ווידער געפרעגט — אַלסדינג, וואָס דו זעהסט דאַ, דאָס גאַנצע מעבעל האָב איך אַליין אויסגעקליבען...

— דו אַליין! אַזוי? — האָט זיך רייטשעל אַ כאַפּ געטהאָן מיט כלומר'שטדיגער התפעלות — אויב אַזוי, עטעל, מוז איך צוגעבען, אַז דו האָסט זעהר אַ פיינעם געשמאַק.

— אַט דער טאַטע וועט דיר זאָגן, אַז אַלסדינג האָב איך אַליין אויסגעקליבן. ניט אמת, פּאַפּאַ? — האָט עטעל זיך צו איהם גע־ווענדעט.

ער האָט אַרויסגעמורמעלט:

— מילא, אבי עס איז שען...

רייטשעל האָט דערווייל זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטען. פּלוצים האָט זי געזאָגט גאָר מיט אַן אַנדער טאָן:

— אָה, דאָס גאַנצע הויז מוז איבערגעמאַכט ווערען... דאָ מוז שטעהן אַ קושעטקע. אַנדערע פאָרהאַנגען דאַרף מען האָבען ביי די פענסטער... און דאָ דאַרפען הענגען בילדער. און דער שפּיגעל דאַרף דאָ אויך ניט זיין... אַלסדינג מוז דאָ איבערגעמאַכט ווערען, ווי ביי לייטען...

פרומע האָט זיך בעליידיגט.

— זעה נור — האָט זי זיך אָנגערופען — האָסטו געהערט אויף דיין לעבען, וואָס זי האָט דאָ אָנגערעדט! רייטשעלע, אונזער הויז געפעלט דיר ניט? וואו האָסטו עפּעס געזעהן אַ שענערע הויז? אפשר ביי דיין טאַטע'ן? דו האָסט מיר עפּעס געקראָגען אַ רייכען יצר הרע, אַ נכפה אויף דיר!

רייטשעל האָט געענטפערט:

— יאָ, פרומע, איך האָב זעהר אַ רייכען יצר הרע געקראָגען.

— איז ביי דיין חתן אויך אַזאַ שענע הויז? — האָט עטעל געפרעגט.

— ביי מיין חתן וועט נאָך זיין אַ שענערע הויז — האָט רייטשעל געענטפערט.

— ווייסט כאָטש דיין חתן, וואָס פאַר אַ טענצערקע דו ביזט? — האָט פרומע זיך פּלוצים אָנגערופען.

אָרע האָט צומישט אַ קוק געטהאָן אויף איהר.

— אהאָ! — האָט זיך רייטשעל אַ כאַפּ געטהאָן — איהר קריעגט זיך שוין מיט מיר, פרומע?

— באָבע — האָט עטעל זיך אויך אַריינגעמישט — איך האָב דאָך דיך עפּעס געבעטען..

פרומע האָט זיך גוטמוטהיג צולאַכט.

— זעה נור, איך מיין דאָך, חלילה, גאָר נישט. איך פרעג נור אַזוי גלאַט, וואָס האָב איך איצט צו רייטשלען?...

און זי האָט צוגעלעגט מיט אַ ווייכען טאָן, ווענדענדיג זיך צו רייטשלען:

— נעהם ניט פאַר אומגוט, רייטשעל. איך האָב, חלילה, גאָר נישט געמיינט.

— מילא, מיר וועלען זיך שוין אַמאָל אויסרעכענען מיט אייך — האָט רייטשעל געזאָגט.

אָרע איז צו איהר צוגעגאַנגען.

— די מאַמע האָט, חלילה, גאָר נישט געמיינט — האָט ער געזאָגט — קום, דו וועסט אָנקוקען אונזער זאַאַל.

און זיי אַלע זיינען אַריין אין זאַאַל. אָרע האָט אַ דריק געטהאָן אַ קנאָפּ אויף דער וואַנד, און דער גאַנצער זאַאַל איז בעגאָסען געוואָרען מיט עלעקטרישען ליכט.

— שען! — האָט אַרויסגעמורמעלט רייטשעל, און איז געבליבען שטעהן אויף דער שוועל, ווי בעצויבערט.

און אין אַ ווײַלע אַרום, ווען זי איז אַוועק איבער'ן ווייכען טעפּיך צום הויכען שפּיעגעל וואָס איז געשטאַנען אין אַ גאָלדענע ראַהם אויף דעם אַנדערען עק פונ'ם זאַאַל, האָט פרומע צו איהר גענומען שרייען:

— טרעט ניט אויף דעם, דו פּיהרסט איבער! געה אַרום ברעג!..

אָרע האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן פאַר אַ האַנד.

— מאַמע, גוואַלד!...

און עטעל האָט אַרויסגעפּליסטערט:

— גוואַלד, באָבע, שוין צייט, דו זאָלסט זיך בענעהמען, ווי אַ ליידי!...

— מען טרעט ניט אויף אַזוינע טהייערע זאַכען! — האָט די אַלטע געבורטשעט — זי ווייסט דאָס ניט, דאַרף מען דאָס איהר זאָגען...

— באָבע, דו ווייסט ניט, וואָס דו רעדסט! — האָט עטעל געזאָגט און איז אַליין אַוועק איבער'ן טעפּיך צום שפּיעגעל, געגען וועלכען רייטשעל איז געשטאַנען.

די אַלטע האָט פערבראָכען די הענד.

— נו? — האָט זי אַרויסגעמורמעלט — וואָס זאָגסטו עפּעס צו דעם, אַרע? מען וועט דאָך דיר, וועה איז מיר, מאַכען אַ תל פון אַלסדינג!...

— וואָס ווילסטו, מאַמע? — האָט אַרע זיך אָנגערופען — ער ליעגט דאָך דאָרטען, אַז מען זאָל אויף דעם טרעטען...

— וואָס נאָך וועט מען דיר איינריידען, האַ, אַרע? דו נעהם לייג דאָרטען אַוועק גאָלד, אַז מען זאָל אויף דעם טרעטען. איך פערשלים דעם זאאָל און מעהר לאָז איך קיינעם ניט אַריין! — האָט פרומע געזאָגט מיט כעס.

„דו וועסט שוין ביי מיר פערשליסען!“ האָט רייטשעל אַ טראַכט געטהאָן, שטעהענדיג נעבען עטלען געגען שפּיעגעל און פעררייכטענדיג אויף זיך דעם הוט.

אַרע איז געוואָרען אונרוהיג פון זיין מוטער׳ס האַלטונג און זיך בעמיהט צו מאַכען רייטשלען אַנגענעהמער. ווען זיי זיינען אַרויס פונ׳ם זאאַל, האָט ער זיך אָנגערופען:

— ניט אמת, רייטשעל, אַז קיין שענערע הויז דאַרף מען גאָר ניט. און דאָ האָב איך טהייערע שאַפעס מיט ביכער.

זיי זיינען אַריינגעקומען אין לייברערי צימער, עטעל, האַלטענדיג רייטשלען אונטער דער האַנד, אַרע אין פאָראויס און פרומע פון הינטען.

דאָס לייברערי־צימער איז אויך געווען בעלויכטען פון עלעקטרישע לאָמפּען. ביי די ווענד זיינען געשטאַנען שאַפעס פון מאַהאגאני האָלץ, אָנגעפּאַקט מיט ביכער. אין מיטען צימער איז געשטאַנען אַ גרויסער שרייב־טיש פון מאַהאגאני האָלץ מיט אַ לאָמפּ אונטער אַ בלויען שירם פון ביסער. מען האָט געקענט מיינען, אַז דאָס איז אַ קאַבינעט פון אַ רייכען געלעהרטען, אָדער פון אַ רייכען שריפטשטעלער...

— זיי אַלע מאַכען זיך איצט לייברערים — האָט אַרע ווייטער גערעדט — אי יאַכנעטשיק, אי מיסטער בלום, אי חיים־זוסע פּליוך, אַלע, אַלע, וואָס איך קען — אַזאַ מאָדע איז שוין געוואָרען — אָבער אַזאַ לייברערי ווי מיינע, וועט קיינער פון זיי ניט האָבען. די טהייערסטע, די גרעבסטע ביכער האָב איך דאָ, און דעם האָב איך אויך,

דעם... איך האב פערגעסען זיין נאמען. אבער דער דאקטאר זאגט, אז דער מאכער פון יענע ביכער איז געווען גאר א מאן פלאי פלאים... עטעלע, ווי הייסט ער, דער מאן, וואס דיין דאקטאר האט געזאגט? — האט ארע זיך געווענדעט צו זיין טאכטער.

— שעקספיער, טאטע...

— יא, יא, דאכט זיך אזוי איז זיין נאמען... א שווערער נאמען, איך קען איהם קיינמאל ניט געדענקען. אט דא זיינען זיינע ביכער! — ער האט געעפענט א שאפע און ארויסגעשלעפט א דיקען בוך — צעהן שטיק אזוינע האט ער געמאכט! זעה נור, ווי ער האט זיי געמאכט, מיט גאלדענע אותיות, אין לעדער!... „שמעקמיר!" ער האט א גרויסען שם. זאגט דער דאקטאר, דער שמעקמיר!... זעה נור א בוך!..

— איהר האלט איהם, דאכט זיך, פערקעהרט — האט רייטשעל זיך אנגערופען.

ארע האט דעם בוך איבערגעדרעהט.

— אבער זעה נור, רייטשעל, א סחורה. גאלדענע אותיות, ריכ־טיגער לעדער... און ווי שווער!

ער האט איהם גענומען וועגען אויף דער האנד.

— צעהן פונט אודאי איין בוך! קאסט אפילו א שענע מטבעה, אבער ניט איבערגעצאהלט, ווערטה דאס געלד!...

דערנאך זיינען זיי ווידער אריינגעגאנגען אין עס־צימער, און ארע האט פאר איהר גענומען לויבען זיין פאנאגראף:

— זיי אלע קויפען איצט פאנאגראפס, אבער אזא ווי מיינעם האבען זיי קיינער ניט.

ווילסט הערען א אידיש שטיקעלע, רייטשעל?

און ער האט אנגעשטעלט דעם פאנאגראף, און באלד האט זיך דערהערט א שטיקעל חזנות, פון וועלכען ארע האט אנגעקוואלען. דערנאך האט דער פאנאגראף געשפיעלט א רוסישע „קאמארינסקי" און נאכדעם האט קארוזא'ס קול געזונגען, מעלבא'ס און סקאטטי'ס, און שפעטער, ווען פונ'ם פאנאגראף האט ארויסגעזונגען א פאפולערע גאסען־ליעדעל, זיינען רייטשעל און עטעל גאר לעבעדיג געווארען, האבען דאס דאזיגע ליעדעל אונטערגעכאפט און מיטגעזונגען...

ווען רייטשעל האָט זיי פערלאָזען, איז שוין געווען גאנץ שפּעט. זי האָט פערשפּראָכען עטלע'ן צו זיין ביי איהר אויף דער חתונה. ארע האָט זי בעגלייט אהיים און אויפ'ן וועג האָט ער צו איהר געזאָגט:

— קיין עין הרע ניט, רייטשעלע, ווי שען דו ביזט היינט, בלישטשעסט ווי אַלע זיעבען זונען! דו הערסט, רייטשעל, ווי מיין נאָמען איז ארע, ווען איך וואָלט פאר דיר געקענט אויפבויען א הויכע שיר־בילניצע, ווי פאר א בת מלכה, אָט ווי מען לייענט דאָרט אין יענע מעשה־ביכלאך, וואָלט איך דיר דאָרט אוועקגעזעצט אויפ'ן שפּיץ שיר־בילניצע און דיך געקאָרמעט מיט געבראָטענע טייבעלאך און געגעבען דיר טרינקען פון פויגעל־מילך. אַי, איך וואָלט דאָס געטהאָן! אזוי איינגעבאקען ביזטו ביי מיר אינ'ם הארצען!...

---

## .20

## אָרע אין אַן אונבעקאַנטען פּלאַץ.

אויף מאָרגען איז ביי אָרע'ן געווען זעהר א גליקליכער טאָג: ער האָט פערקויפט א קאָמפּאַניע, וואו סעמקע און יאכנעטשיק זיינען געווען די הויפּט פיהרער, זיינע „לאָטס" אויפ'ן בולוואר, אויף פּיטקין עווענין און אויף האפּקינסאָן עווענין און דערביי פערדיענט איבער פינף און צוואַנציג טויזענד דאָלאר. נאָכדעם, ווי אָרע האָט זיין טשעק בעקומען, האָט סעמקע איהם פאָרגעשלאָגען, אָפּצופיהרען איהם אהיים אויף זיין וועגעל.

ווען זיי האָבען זיך געזעצט אויפ'ן וועגעל, האָט סעמקע פּלוצים זיך אָנגערופען: — מיסטער כיריג, איהר מיינט אז איך וועל אייך פיהרען אהיים, איידער מיר האָבען דאָס בענעצט?...

— וואָס?

— איך מיין, מיר האָבען דאָך געמאַכט געשעפט און איהר האָט געכאַפּט א היבשע אפּותיקא, דארפען מיר דאָס בענעצען...

— איהר ווילט, איך זאָל אייך מכבד זיין מיט שאמפּאַניער?

— נו, געוויס.

— אָלל־רייט, מיט כבוד גדול. פאָהרט צו צום רעסטאָראַן.

— ניין, — האט סעמקע געזאגט — מיר וועלן היינט פאהרען אין אנאנדער פלאץ, טרינקען שאמפאניער. דא איז א צו ארימער פלאץ פאר מיר. איך האב אויסגעפונען א ריכטיגען פלאץ.

און ער האט א טרייב געטהאן דעם פערד.

דער פערד איז געווען א יונגער און א שנעלער, דאס וועגעל א לייכטער און ער האט זיך שנעל געטראגען איבער פיטקין עווענוי צום בולוואר צו.

דאס איז געווען א זייגער דריי בייטאג אין מאנאט אקטאבער, אין דער שענסטער צייט פונ'ם יאהר, ווען די גאלדענע הערבסט־זון לאסטשעט אזוי ווייך, אזוי מילד די ערד און איהרע ברואים, וואס זי האט פריהער חדשים נאכאנאנד אונ'ברחמנות'דיג געבראטען און גע־פייניגט מיט איהרע ברענענדיגסטע שטראהלען. און ווען דער הימעל קוקט ארונטער אזוי רוהיג און אזוי פערדרימעלט, אקוראט ווי ער אליין וואלט זיך איצט אויך אויסגערוהט פון דער פריהערדיגער שטיקענ־דער היטץ.

זיי זיינען געפאהרען איבער'ן בולוואר. איבער די נאך־גרינע בוימער איז צוגאסען געווען א גאלדענע, טיעף־רוהיגע ליכטיגקייט, אזוי ווי א גאלדענער חלום וואלט דארט געשוועבט; די גרינע בערג־לאך ביי די זייטען האבען אויך אויסגעקוקט אזוי רוהיג, ווי זיי וואלטען זיך אויסגערוהט.

ארום איז געווען רוהיג און שטיל. קיין קינדער האט מען דארט איצט ניט געזעהען, קיין דיענסטען און קיין מאמעס מיט קינדער־וועגעלאך, וואס מען זעהט דארט, ווען עס איז זעהר הייס. נור אן אלטע פרוי מיט ווייסע האר, טיעף־שווארץ געקליידעט, האט דארט איבער אן אלעע, צווישען די בוימער, טריט ביי טריט געשפאציערט. צייטענווייז איז א וואגען דורכגעפאהרען, אן אטאמאביל צי א מאטאר־סייקעל איז מיט א זשוזשען דורכגעפליגען..

— וואוהין פאהרען מיר? — האט ארע זיך אנגערופען.

— האט ניט מורא — האט סעמקע געענטפערט — מיר פאהרען אין א גוטען פלאץ. איהר וועט הנאה האבען.

עס איז פאראיבער מעהר ווי א האלבע שטונדע, און זיי זיינען נאך אלץ געפאהרען.

— וואוהין פיהרט איהר מיך? — האט ארע ווידער געפרעגט.

— אָט באַלד, באַלד וועלען מיר דאָרט זיין. זייט איהר אַמאָל געוועזען אין קוני־איילענד?

— ניין. וואָס איז? איהר פאָהרט אפשר אהין? — האָט אַרע זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט אַן אימפּעט.

— ניין. אָבער דער פּלאַץ איז אויפ׳ן וועג ווי מען פאָהרט קיין קוני איילענד...

— שדים ווייסען, וואָס אייך איז איינגעפאַלען. פאָהרט בעסער צוריק.

— וואָס האָט איהר מורא? איהר פאָהרט דאָך מיט מיר! — האָט סעמקע געזאָגט און זיך צולאַכט.

צום סוף האָט סעמקע אָפּגעשטעלט זיין וועגעל נעבען אַ גרויסען רעסטאָראַנט אויף אושען עווענין, וואָס האָט אויסגעזעהן האַלב סאַלון און האַלב האָטעל. ארום זיינען געשטאַנען אָטאָמאָבילען און קאַ־רעטען.

— אָט דאָ איז דאָס — האָט ער געזאָגט, אַרונטערקריכענדיג פונ׳ם וועגעל.

אַרע איז אַרונטערגעקראָכען נאָך איהם. אַ ניגער מיט אַ שמיי־כעל, מיט אויסגעשטעלטע ווייסע ציינער איז צוגעלאָפען צו סעמקע׳ן און האָט זיך אַ נויג געטהאָן צו איהם. קענטיג געווען, אַז ער האָט שוין סעמקע׳ן געקאָנט. סעמקע האָט איהם געהייסען אַכטונג געבען אויפ׳ן פערד און איז מיט אַרע׳ן אריין אין רעסטאָראַנט.

— אָט דאָ איז פרעהלאַך — האָט סעמקע געזאָגט — איהר זייט נאָך אין אַזאַ פּלאַץ ניט געווען...

און, ווירקליך, אינעווייניג אינ׳ם רעסטאָראַנט איז געווען זעהר פרעהלאַך. ארום קליינע טישלאַך זיינען געזעסען געסט, מענער און פרויען, האָבען געגעסען און געטרונקען. צווישען זיי האָבען זיך בעוועגט קעלנערס אין קורצע שוואַרצע רעקלאַך, מיט אויסגעפּוטשעטע אויגען און פערהאַוועטע מינעס, האָבען דערלאַנגט דאָס עסענוואַרג, די געטראַנקען, צוגענומען פון די טישלאַך, געקוקט די געסט מיט אַ מין הינטישער מינע אין די אויגען אריין, אומגעקוקט זיך אויף די אריינגאַנג־טהיר, דורך וועלכער נייע געסט זיינען אריינגעקומען, זיינען געלאָפען זיי אַנטקעגען, האָבען זיי אָנגעוויזען אַ לעדיגען טישעל, שנעל איהם אָפּגעווישט מיט׳ן ווייסען האַנדטוכעל, וואָס יעדער פון

זיי האָט אונטער'ן פּאַכווע געטראָגן, און אַז די געסט האָבן זיך דערנאָך געזעצט און זיי די בעשטעלונגען געגעבן, זיינען זיי, די קעלנערס, גלייך פערשוואונדען.

אין הינטערגרונד איז געשטאַנען אַ גרויסע פּלאַטפּאָרמע, ווי אין אַ טהעאַטער, און אַ היבשער אָרקעסטער, וואָס איז בעשטאַנען דורכאויס פון פרויען, אַלע יונגע און אין ווייסען אַנגעטהאָן, האָט דאָרט געשפּיעלט פּאָפּולערע מוזיק אונטער דער ליעדערשאַפט פון אַ יונגער, בלאָנדער פרוי, וועלכע האָט אַליין אויך מיטגעשפּיעלט אויף אַ קלאַרנעט.

פון איינס בייטאָג ביז איינס נאָך האַלבע נאַכט האָבען אויף דער דאָזיגער פּלאַטפּאָרמע געזונגען און געטאַנצט זינגעריננס און טענצע־רינס מיט פּנים'ער, געפּודערטע און געפאַרבטע, און אין קליידלאַך, וואָס האָבען זעהר ווענעג פערדעקט און זעהר פיעל ארויסגעוויזען. ווען אַ זינגערין האָט געזונגען אַ גוט־בעקאַנטע גאַסען־ליעד, האָבען די אַלע געסט, די מענער אַזוי ווי די פרויען, מיט איהר מיטגעזונגען.

אַ קעלנער האָט אָנגעוויזען סעמקען און אָרע'ן אויף אַ טישעל. זיי האָבען זיך געזעצט און סעמקע האָט בעשטעלט אַ פלאַש שאַמפּאַ־ניער. דער אָרקעסטער האָט איצט ניט געשפּיעלט. די געסט ארום די טישלאַך האָבען גערעדט און געטרונקען מיט זייערע דאַמען און פון אַלע זייטען האָט זיך געטראָגען אַ זשומען...

אָרע'ס באָרד האָט אָפּנים צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם עולם ארום איהם, ווייל כמעט די אַלע געסט, וואָס זיינען גע־זעסען ניט ווייט פון אָרע'ן, האָבען זיך אומגעקוקט אויף איהם מיט אַזאַ מינע, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען פּלוצים פאַר זיך דערזעהן אַן אונגעוועהנליכע בעשעפעניש. איינער אַ דיקער מאַן, אין די מיטעלע יאָהרען, מיט אַ האַלז ווי ביי אַן אָקס, מיט אויסגעפּוטשעטע, פער־שיכור'טע אויגען, האָט זיך צוגעבויגט צו זיין געפּודרעטער דאַמע, וועלכע איז אויך געווען פערשנאַסקעט, און האָט געזאָגט אפילו מיט אַ הייזעריג קול, אָבער גאַנץ הויך אויף ענגליש:

— ווי געפעלט דיר, מיימי, אַזאַ באָרד?...

זיין דאַמע האָט זיך צולאַכט אויף אַ שיכור'ן קול און נאָך איהר אַנדערע פרויען און מענער.

אָרע האָט דאָס דערהערט און איז צומישט געוואָרען. ווי א בייזער אָפּקלאַנג פון די פריהערדיגע צייטען, בעת ער האָט געפּעדעלט און מען האָט איהם זיין באָרד געריסען, האָט דאָס אויף איהם גע־ווירקט, און ער איז אונרוהיג געוואָרען.

— וואוהין האָט איהר מיך פערשלעפּט? — האָט ער ארויסגע־מורמעלט — קומט פון דאַנען.

— פּייפּט אויף זיי — האָט סעמקע געענטפערט.

דער קעלנער האָט געבראַכט דעם שאַמפּאַניער און אָנגעפילט די גלעזלאַך פאַר סעמקע'ן און אָרע'ן.

— טרינקט, מיסטער כיריג.

אָרע האָט ניט געוואַגט זיך אומצוקוקען. ער האָט געפיהלט אויף זיך די בליקען און די שמייכלען פון די ארומיגע. ער האָט נאָך אמאָל געזאָגט:

— טרינקט אויס, מיסטער בלום, און לאָמיר פאָהרען...

— ווען איהר טרינקט ניט, ריהר איך זיך ניט פונ'ם אָרט — האָט סעמקע זיך אָנגערופען.

אָרע האָט אויסגעטרונקען. דער קעלנער האָט איהם גלייך אָנ־געגאָסען א צווייטע גלעזעל.

ער האָט ניט־דרייסט אויפגעהויבען די אויגען אויפ'ן קעלנער און יענער מיט א הינטישער מינע אויפ'ן פּנים, מיינענדיג, אז אָרע וויל עפּעס, האָט זיך א וואָרף געטהאָן צו איהם מיט אזא אימפּעט, דאָס אָרע האָט זיך אזש א צאַפּעל געטהאָן פאַר שרעק און זיך אונ־טערגעהויבען אויף זיין שטוהל.

— א צווייטע פלאַש! — האָט סעמקע בעשטעלט, און דער קעל־נער איז ווידער פערשוואונדען.

— קומט אהיים — האָט אָרע ווידער ארויסגעמורמעלט, ווען ער איז געקומען צו זיך פון דעם שרעק.

— טרינקט אויס אייער גלעזעל — האָט סעמקע געזאָגט — און זייט ניט קיין נאַר.

דער אָרקעסטער האָט גענומען שפּיעלען, דער עולם איז שטיל געוואָרען און זיך א קעהר געטהאָן מיט די פּנים'ער צו דער פּלאַט־פאָרמע. דאַן איז אָרע ביי זיך אויך געוואָרען דרייסטער, האָט אויס־

געטרונקען דאס צווייטע גלעזעל שאמפאניער און גענומען זיך ארומ־קוקען.

ער האט א קוק געטהאן אויף דער פלאטפארמע און זיך פער־וואונדערט.

גאר ווייבערשע כלי־זמר! — האט ער זיך אנגערופען — דאס ערשטע מאל אויף מיין לעבען זעה איך ווייבערשע כלי־זמר.

און ער האט זיך נאך מעהר פערוואונדערט, בעת ער האט בע־מערקט, ווי א יונגע בלאנדע מיידעל פילדערט מיט אזא גוואלד אויפ'ן גרויסען פויק און ווי אנדערע פרויען ליארמען אזוי הויך אויף זייערע גרויסע מעשענע טרובעס...

— אי־אי! — האט ער פערוואונדערט געשאקעלט דעם קאפ — שפיעלען נאך בעסער ווי די מאנסבילען!...

פלוצים איז אויף דער פלאטפארמע ערשיענען א האלב־נאקעטע, יונגע און דיקע פרויענצימער. דער עולם האט זי בעגעגענט מיט אפלאדיסמענטען. זי האט זיך אזוי א נייג געטהאן צום פובליקום, דאס איהר קורץ, רויט קליידעל, פון וועלכער דער אויבערשטער טהייל פון איהר ווייסען, דיקען קערפער איז בלענדענדיג ארויסגעטראטען, האט זיך נאך מעהר ארונטערגערוקט פון איהרע נאקעטע אקסלען און נאך מעהר ארויסגעוויזען איהר קערפערליכען רייכטהום.

ארע האט אויסגעגלאצט די אויגען:

— וואס איז דאס? — האט ער ארויסגעמורמעלט.

— א נישקשה'דיגע בחור'טע, הא? — האט סעמקע זיך גע־ווענדעט צו ארע'ן מיט א שמייכעל — איך קען זי. זי האט אנטהייל גענומען ביי אונז אויף א „סמוקער"...

— פע, א חרפה דא צו זיצען! — האט ארע זיך פלוצים א כאפ געטהאן — וואוהין האט איהר מיך פערשלעפט?...

דערווייל האט די פרויענצימער גענומען זינגען. דער עולם האט געלאכט און אפלאדירט. ארע האט זיך געשעהמט צו קוקען אהין און ראך געקוקט, האט געזידעלט אין'ם הארצען סעמקען, למאי ער האט איהם פערשלעפט אהער, און זיך אליין, למאי ער געהט ניט אוועק פון דאנען, און דאך איז ער געבליבען זיצען און האט גע־קוקט, ניט געקענט אברייסען די אויגען פון יענער נקבה, וואס האט דארט געזונגען און געטאנצט אויף דער פלאטפארמע אזוי ציניש,

אזוי פערפיהרעריש און אויפרעגענד, האָט הנאה געהאַט און איז אין כעס געוועזן אויף זיך, ווארום ער האָט הנאה. צום סוף האָט ער זיך אזוי הינגעריסען, דאָס ער האָט אין גאַנצען פערגעסען אויף וואָס פאַר א וועלט ער איז, און האָט נור געקוקט אויף דער יונגער פרויענצימער, וועלכע האָט איצט דאָרט געטאַנצט א העסליכען טאַנץ, שאָקלענדיג מיט'ן בויך און מיט'ן כמעט נאַקעטען בוזים און דרעהענדיג מיט די דיקע היפטען. דאן איז מיט אַמאָל פון ערגעץ ארויסגעשפּרונגען א בלאָנדע יונגע מיידעל, אויך האַלב נאַקעט אָנגעטהאָן אין א קורץ, רויט קליידעל, — די מוזיק האָט גענומען שפּיעלען האַסטיגער און ווילדער — און דאָס בלאָנדע מיידעל און די דיקע יונגע פרויענצימער האָבען אָנגעכאַפּט איינע די אנדערע ביי די היפטען און זיי זיינען אוועק זיך דרעהען און בעוועגען די גליעדער איינע געגען דער אנדערער, און זיך וויעגען מיט די קערפּערס ארויף און אראָפּ... און פּלוצים האָבען די ביידע טענצערינס זיך א וואַרף געטהאָן אויף דער ערד און זיך גענומען דרעהען אויף די בייכער, אזוי ווי זיי וואָלטען קרעמפּ־פען בעקומען, א פריהער בעזונדער, דערנאָך צוזאַמען, פעראייניגט, איינגעקלאַמערט איינע אין די אנדערע... און דאָ האָט זיך אָנגעפאַנ־גען אַן אמת'ע וואַקכאַנאַליע: דער עולם האָט זיך צוקאָכט, צווישעט, ווילד געוואָרען, געשריען, געליארמט, ווילד געלאַכט און אפּלאָדירט. די דאַמען האָבען געקוויטשעט און זיך געדריקט צו די מענער. און באַלד האָט מען געקענט זעהן, ווי איין דאַמע האָלט ארומגענומען א מאַן, ווי א מאַן שלעפּט א צווייטע צו זיך אויף'ן שויס, און ווי א דריטע קריכט צו א מאַן זיך קושען...

ביי אָרע'ן האָט דער פּנים געברענט, אזוי ווי ער וואָלט נור־וואָס פון א שוויץ־באָד ארויס, די אויגען זיינע האָבען פער'שיכור'ט גע־בלישצעט און ער האָט אזוי נאַריש געשמייכעלט.

סעמקע האָט אין גאַנצען געברענט, און דער גאַנצער פּנים זיינער אין געווען איין טהירישער שמייכעל. ער האָט זיך ארומגע־קוקט אויף אַלע זייטען, געזוכט א בעקאַנטע, מיט וועלכער ער האָט פאַריגע וואָך א גאַנצע נאַכט פערבראַכט, און זי ניט געזעהן. ער האָט בעמערקט פיעל פון די דאָזיגע פרויען, וואָס זיינען געקומען אַהער זוכען זייער ברויט ביי רייכע מענער, און ווען אָרע וואָלט ניט גע־ווען מיט איהם, וואָלט ער איינע פון זיי צו זיין טישעל איינגעלאַדען.

„צום שווארץ יאהר" — האט ער א טראכט געטהאן — „צו וואס האב איך איהם מיט זיך געשלעפט!"

דאן האט ער מיט אמאל בעמערקט, אז די צווייטע פלאש שאמפאניער שטעהט אויפ'ן טישעל אן אפענע, און ער האט אנגע־גאסען די גלעזלאך פאר זיך און ארע'ן.

ער האט א שטוים געטהאן ארע'ן ביים אקסעל:

— טרינקט!

ארע האט זיך א כאפ געטהאן, ווי פון שלאף, האט צוטראגען אויסגעטרונקען דאס גלעזעל און זיך אנגערופען מיט דעם נארישען שמייכעל אויפ'ן פנים:

— זאגט מיר, מיסטער בלום, וואס איז דאס? א „טרייאטער", צי וואס?

— יא, יא, א טהעאטער — האט סעמקע געענטפערט — נו, ווי געפעלט אייך?

— פע, ניט פאר קיין אנשטענדיגען אידען. עס וואונדערט מיך, ווי אזוי אנשטענדיגע אידען פערשמעקען גאר אין אזא טרייאטער — האט ארע געזאגט.

סעמקע האט זיך צולאכט:

— פונדעסטוועגען, מיסטער כיריק, קוקט איהר און האט הנאה פון דעם.

ארע האט זיך אויך צולאכט. ער האט זיך גענומען פיהלען פרעהלאך פון דעם שאמפאניער.

— וואס קען איך העלפען? — האט ער געזאגט — א זינדיגער מענש, א בשר ודם... יונגאטש, פארוואס האט איהר מיך אהער פערשלעפט? אויף אייך די עברה!

— אלע בעוואוסטע מענער קומען אהער — האט סעמ'קע גע־ענטפערט — די גרעסטע מיליאנערען, אלץ אנשטענדיגע מענשען.

און ער האט גענומען אויסרעכענען פאר ארע'ן נעמען פון בע־וואוסטע מיליאנערען און וואס פאר א נאמען עס איז איהם אויפ'ן זינען ארויף, האט ער איהם אנגערופען. און אלס בעווייז, אז ער נארט איהם ניט אפ, האט סעמקע איהם אנגעוויזען אויף א פאאר מענער, האט גערופען איינעם „ראקפעלער" און דעם צווייטען „וואנ־

דערבילד" און האָט דערביי שטאַרק הנאה געהאַט, וואָס ער „בלאָפט" איהם.

אַרע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און שיכור'לאך געלאַכט.

— טאָקע? איהר בלאָפט ניט?

— אויף מיין עהרענוואָרט, מיסטער כיריג. און די דאַמען, וואָס איהר זעהט דאָ, זיינען אַלע אַריסטאָקראַטקעס, גרעפינס און מאַר־קיזעס, און פּרינצעסינס. זעהט נור, וואָס פאַר אַ שענע דאַמען!

אַרע האָט זיך אומגעקוקט, בעמערקט בלאָנדע און דונקעלע פרויען־צימער, געפּודערטע און געפאַרבטע, מיט פערפיהערישע מינעס, און געמורמעלט:

— טאָקע, אמת'ע ליאַלקעס...

— וואָלט איהר געוואָלט האָבען אַזאַ פרוי? — האָט סעמקע אַ פרעג געטהאָן מיט אַ ביטרען שמייכעל.

— האַ? — האָט ער אַרויסגעמורמעלט און אָנגעקוקט סעמקע'ן מיט פער'שיכור'טע אויגען און זיך פּלוצים גליקלאך צולאַכט.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן רייטשעלע'ן און ניט ווילענדיג זי פערגליכען מיט די אַלע דאָזיגע שענע פרויען און ביי זיך געטראַכט: „זי איז נאָך אַ שענערע ליאַלקע פון זיי אַלעמען. זיי מעגען אַלע איינגעהמען די כפּרה פאַר איהר מינדעסטען נאָגעל!"

און עס האָט איהם געגומען ציהען זי צו זעהן, אַ קוש טהאָן זי, אַ גלעט טהאָן זי. נאָך קיינמאָל האָט ער אַזוי שטאַרק ניט געגאַרט זי צו קושען, ווי אין דער דאָזיגער מינוט. דאַן האָט ער בעמערקט, ווי אַ פרויענצימער זיצט ביי אַ מאַן אויפ'ן שויס און ווי אַן אַנדערע קושט זיך מיט אַן עלטערען מענשען, און ער איז צומישט געוואָרען.

— זעהט נור, מיסטער בלום — האָט ער סעמקע'ן אויף זיי אָנ־געוויזען — וואָס איז דאָס? וואו זיינען מיר?

סעמקע האָט זיך ווידער צולאַכט.

— דאָס איז גאָר נישט, מיסטער כיריג. צווישען אַריסטאָקראַ־טען און אַריסטאָקראַטקעס פיהרט זיך אַזוי...

— קומט, איך שעהם זיך דאָ צו זיין — האָט אַרע געזאָגט, טראַכטענדיג וועגען רייטשעלע'ן — איך בין אַ פּשוט'ער איד, איך דאַרף דאָ ניט זיין.

סעמקע האָט איהם געוואָלט ענטפּערען, נור אין דיעזער צייט האָט ער בעמערקט ביי אַ טישעל זיין בעקאַנטע, וואָס ער האָט געזוכט, אַ יונגע, בלאָנדע פרויענצימער, מיט אַ הויכען, אויסגעשטעלטען ביוסט, וועלכע האָט פון איהר פּלאַץ געוואונקען צו איהם און געמאַכט צו איהם מיט'ן קאָפּ, און ער האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט צו אָרע'ן:

— מיר פאַהרען גלייך, איך וועל נור צוגעהן צו אַ בעקאַנטער רייכער דאַמע. זי האָט עפּעס צו פערקויפען.

און ער איז אוועק צו יענער.

אָרע האָט איהם נאָכגעקוקט און געדריקט די אַקסלען.

„אַן אמת'ער טייפעל", האָט ער געטראַכט — „קען די גאַנצע וועלט. ווי שען זי איז, און ווי זי איז אָנגעטהאָן, מוז זיין אפּנים זעהר אַ רייכע פרוי. וואָס אזוינס האָט זי צו פערקויפען? מסתמא אַ היבשען „פּאַרסעל"".

אימיצער האָט איהם אָנגעריהרט פון הינטען. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן: אַ הויכע, דונקעלע פרויענצימער, עהנליך צו אַ ציי־גיינעריןן, אין אַ העלען קלייד און אין אַ גרויסען הוט מיט ווייסע פע־דערען, האָט געשמייכעלט צו איהם און גערעדט אויף ענגליש:

— העללאָ, פּאפּ. וואָרום זיצט איהר אליין? קען אַ פריינדין האָבען אַ גלאָז שאַמפּאַניער? איך בין דורשטיג און איך זוך אַ פריינד, אַן אַלטען מיט אַ וואַרימען האַרצען...

אָרע האָט אויסגעגלאָצט אויף איהר די אויגען און ניט פער־שטאַנען, וואָס זי וויל פון איהם.

דאַן האָט זי זיך צוגעשפּאַרט מיט איהר ברוסט צו איהם און גע־פרעגט:

— מעג איך זיך זעצען נעבען אייך?

אָרע איז צוטומעלט געוואָרען און גענומען זוכען מיט די אויגען סעמקען. דער לעצטער האָט דאָס שוין בעמערקט און געאיילט צו איהם צו הילף.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער פרוי און האָט איהר געזאָגט:

— איהר זעהט דען ניט, אַז דאָס איז אַ ראַבי? איהר וועט גאָר ניט מאַכען...

אַרע איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און איז אַ צומישטער ארויסגעלאָפען פון רעסטאָראַן.

ער האָט זיך אַנגעשטויסען ווער די פרוי איז געווען, ווער די אַלע שענע פרויען זיינען געווען, און עס האָט איהם גענומען וואַרפען אין היץ און אין קעלט. „אין כּף הקלע זאָל ער געהן, דער הולטאַי! — האָט ער געטראַכט ווענען סעמקע'ן — ער קען דאָך אויפ'ן פייער ארויפברייני־גען! האָסטו געזעהן וואוהין ער האָט מיך פערשלעפּט?“

סעמקע איז ארויסגעלאָפען מיט אַ געלעכטער.

— וואָס זייט איהר אַנטלאָפען? — האָט ער אויסגעשריען שיכור'־לאַך — איך האָב דאָך בעצאָהלט פאַר דעם שאַמפּאַניער.

— פע! — האָט אַרע זיך אָנגערופען — איהר האָט גאָר קיין חרפּה ניט.

— וואָס „פע“? ווער „פע“? — האָט סעמקע געלאַכט — די מוידען געפעלען אייך ניט?

— איהר געפעלט מיר ניט, מיסטער בלום — האָט אַרע גע־ענטפערט — פע, מיאוס, ניט שען!

— אַזאַ יאָהר אויף מיר, ווי שען די מוידען זיינען! — האָט סעמקע נאָך העכער געלאַכט.

דער ניגער האָט צוגעפיהרט צו סעמקען זיין פערד און וואָגען. סעמקע האָט איהם דערלאַנגט אַ דאָלאַר. דער ניגער האָט זיך פער־נייגט, איז צוגעלאָפען צום פערד און האָט איהם צוגעהאַלטען ביים צוים, ביז אַרע און סעמקע האָבען זיך אויפ'ן וואָגען געזעצט. דאַן איז דער ניגער אָפּגעטראָטען אַן אַ זייט, האָט זיך ווידער פערנייגט און דער וואָגען האָט זיך אַ ריהר געטהאָן.

איצט האָט סעמקע נאָך שנעלער געטריבען דעם פערד. עס האָט אין איהם געקאָכט און אין דעם שנעלען פאָהרען האָט ער געזוכט צו קיהלען זיין צוהיצטע בלוט.

אַרע האָט נאָך אַלץ ניט געקענט קומען צו זיך. פאַר זיינע אוי־גען האָבען זיך געטראָגען די האַלב־נאַקעטע טענצערינס, די אַלע פרוי־ען, די „ליאַלקעס“, וואָס ער האָט דאָרט בעמערקט, די פרוי, וואָס איז צו איהם צוגעגאַנגען און וואָס די וואַרימע בעריהרונג פון איהר בוּ־זים האָט ער נאָך איצט אויף זיין אַקסעל געשפּירט, און ער האָט זיך געשעהמט און אַ מאָדנע אונרוהיגקייט געפיהלט...

— סטייטש, סטייטש — האט ער געמורמעלט — שלעפּען מיך אין אזא פּלאַץ... אַן אנשטענדיגער איד האט מיך דאָרט געדאַרפט זעהן, מעהר וואָלט מיר ניט געפעלט!

— וואָס מאַכט איהר פאַר אַן אַנשטעל, מיסטער בּיריג? — האט סעמקע זיך פּלוצים אַנגערופען און זיינע העלע אויגען האבען געלאַכט — אין אַ שליסעל־לאָך צו קוקען צו אַ מיידעל אין צימער, בעת זי טהוט זיך אָן, איז דען שענער? מאַכט זיך ניט פאַר אזא צדיק, איך קען אייך...!

אָרע איז מיט אַמאָל געוואָרען בּייז.

— איך בעט אייך, מיסטער בּלום, וועגען דעם זאָלט איהר ניט ריידען. זייט ניט קיין הולטאַי, איך בעט אייך.

— איז דען דאָס ניט אמת? האט איהר ניט געקוקט צו רייטשעלע'ן בעת זי האט ביי אייך געוואוינט?

אָרע האט איהם אויף דעם ניט געענטפערט. פאַר זיינע אויגען האט אַבגעלעבט רייטשעל, זיין רייטשעל, ווי ער האט זי אַמאָל געזעהען דורכ'ן שליסעל־לאָך, און ווי אַ ליכטיגע, פרעהליכע זונן וואָלט זיך מיט אַמאָל איבער זיין פּנים צוגאָסען, און ער האט געטראַכט: „מיין פּארשוין, מיין פּארשוין, מיין בת מלכה'לע... נאָך אַ פּאָאַר וואָכען און איך וועל אַלסדינג מעגען!"

און ווידער האט ער זי, ניט ווילענדיג, ווי פריהער, פערגליכען צו די אַלע דאָזיגע שענע פרויען, האט זיך אָבער גלייך אַ כאַפּ געטהאָן: צו וועמען פערגלייכט ער זי? געוואַלד, דער הולטאַי האט איהם דעם גאַנצען מוח צומישט!

— טפוי! טפוי! טפוי! — האט ער אָנגעהויבען צו שפּייען.

סעמקע האט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט:

— וואָס שפּייט איהר?

אָרע האט איהם ווידער ניט געענטפערט. ער האט געטראַכט ווייטער נאָך מיט מעהר ליעבע צו רייטשעלען.

„זי איז אזא עהרליכע, אזא כשר'ע, לעבען זאָל זי, גליקליך זאָל זי זיין, געזונד זאָל זי זיין ביי מיר"!

— וועגען וואָס האט איהר זיך פערטראַכט, מיסטער בּיריג? — האט סעמקע איהם איבערגעשלאָגען די געדאַנקען.

אָרע האט זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— הא?

— זאָגט דעם אמת, מיסטער כּיריג, טראַכט איהר ניט יעצט וועגען יענע שענע פּרויען?

— איך האָב שוין וועגען ווערען צו טראַכטען — האָט ערע געענטפערט — אייערע אַלע שענע פרויען מעגען געהן די כּפּרה צוזאַמען מיט אייך פאַר דאָס עהרליכע, כשר'ע מיידעל, וועגען וועלכע איך טראַכט...

— איהר טראַכט וועגען אייער עטעל'ן?

— איך טראַכט... ניט אייער דאגה וועגען וועמען! — האָט ערע זיך אָנגערופען מיט אַ גליקליכען שמייכעל.

און מיט אמאָל איז איהם איינגעפאַלען: ער וועט דערצעהלען סעמקען זיין סוד. זאָל דער הולטאַי טאַקי וויסען, אַז ווען גאָט וויל, קען מען האָבען אַ ווייב אַ ליאַלקע און זיין דערביי אַן אנשטענדיגער איד. און אַגב טאַקי וועט ער דעמאָלט איהם מעהר ניט אויפוואַרפען, אַז ער האָט געקוקט אין שליסעל־לאָך...

און ער האָט זיך אָנגערופען מיט אַ ברייטען שמייכעל אויפ'ן פּנים:

— הערט נור, מיסטער בלום... אָבער געדענקט, עס מוז דערווייל בלייבען אַ סוד... זאָגט איהר מיר צו, אַז איהר וועט דאָס קיינעם ניט דערצעהלען?...

— איך זאָג אייך צו. איך קען האַלטען אַ סוד.

— מיסטער בלום, איך האָב דאָך באַלד חתונה — האָט ער דאָס געזאָגט מיט אַ קול, וואָס האָט געציטערט פאַר גליק.

— איהר האָט חתונה? מיט וועמען?

— איהר קענט זי.

— איך קען זי? ווער איז זי?

— טאַקי רייטשעל — האָט ערע געענטפערט און זיין גאַנצער פּנים האָט געקוואָלען.

— הא?

סעמקע האָט אויסגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָאָר גרויסע אויגען.

— נו, הולטאַי, האָט איהר מיך גערדאַרפט שלעפען אַהער? איך וועל זיך דאָך איצט שעהמען צו קוקען רייטשלען אין די אויגען!...

— איהר מיינט עס ערנסט, מיסטער כיריג? — האט סעמקע ארויסגעשטאמעלט.

— אודאי, וואס דען מיינט איהר? די וואך פראווע איך אפ עטעלע'ס חתונה און דערנאך, אין א צוויי־דריי וואכען ארום...

ער האט זיך שטיל און גליקליך צולאכט.

סעמקע האט הויך א פייף געטהאן.

— אט דאס איז ווירקליך פאר מיר א נייעס! — האט ער אויסגעשריען.

דערנאך האט ער זיך אויף א ווייל פערטראכט. פלוצים האט ער מיט התפעלות א קלאפ געטהאן ארע'ן איבער'ן אקסעל און אויסגעשריען:

— גוט! עס פרעהט מיך! א וואוילע מויד!...

— אן עהרליכע, א כשר'ע — האט ארע אונטערגעכאפט.

— יא, יא, א כשר'ע, אן עהרליכע — האט סעמקע איהם צוגעבאמקעט — איך וויים דאס...

— זי האט פיינט הולטאיעס און דערפאר האט זי אייך ניט האלט.

— מיך האט זי ניט האלד? האט זי דען דאס אייך געזאגט?...

— יא. איך האב אמאל ביי איהר געפרעגט, פארוואס איז זי בייז אויף אייך, האט זי געענטפערט, אז זי האט פיינד שארלאטאנטשיקעס... א טהייער, עהרליך קינד! — האט ארע גערעדט.

— יא, יא! — האט סעמ'קע צוטראגען ארויסגעמורמעלט און געטראכט: „יעצט וועל איך זי איבערבעטען... יעצט דארף איך פאר איהר ניט מורא האבען... יעצט איז גאר אן אנדער זאך... יעצט... יעצט...“

— העי! — האט ער מיט געפילדער א געשריי געטהאן אויפ'ן פערד און איהם געגומען טרייבען נאך שנעלער. דער פערד האט זיך אוועקגעטראגען אין גאלאפ איבער'ן בולוואר...

פארבייפאהרענדיג ריעד עוועניו, האט ארע מיט אמאל געגומען שרייען:

„טפרו!“ און אנגעכאפט סעמקע'ן ביי'ם ארעם.

סעמ'קע האט אפגעשטעלט דעם פערד.

— וואס איז דער מעהר? — האט ער געפרעגט.

— רייטשעל — האָט אָרע אַרויסגעמורמעלט — זי זיצט דאָרטען.
און ער איז אַרונטערגעקראָכען פון וואָגען.
סעם'קע האָט זיך ארומגעקוקט און דערזעהן ניט ווייט רייטשעל'ן. זי איז געזעסען אונטער אַ בוים און האָט געשמייכעלט פון ווייטען צו אָרע'ן, וועלכער איז געגאַנגען צו איהר.
סעמקע האָט זיך איינגעקוקט אין איהר. זי איז נאָך שענער געווען, ווי אַמאָל.
„איך מויז זי איבערבעטען!“ — האָט ער געטראַכט — „און יעצט איז די בעסטע געלעגענהייט!“
און ניט געטראַכט לאַנג, איז ער אַרונטערגעשפּרונגען פון'ם וואָגען און האָט זיך געלאָזט געהן צו איהר.
זי האָט בעמערקט, אַז ער געהט צו איהר, האָט זי אויסגעשטעלט אַ פּאָאר גרויסע אויגען און איהרע באַקען האָבען זיך אָנגעצונדען. דאַן איז ער צוגעגאַנגען נאָהענט און אַרונטערגענומען פאַר איהר מעשה קאַוואַליער דעם הוט. האָט זי זיך ראַפּטאַם אַ כאַפּ געטהאָן פון ד'ערד, אויפגערעגט. אַ כאַפּ געטהאָן אָרע'ן ביים אָרעם, געוואָלט עפּעס זאָגען, האָט דאָס ניט געזאָגט, איז איבערגעלאָפען אויף דער אַנדער זייט און איז אַוועק אַליין...
אָרע האָט זיך אַוועקגעלאָזט נאָך איהר.
סעם'קע האָט איהר אַ ווײַלע נאָכגעקוקט. דאַן האָט ער אַ טראַכט געטהאָן:
„מיר וועלען שוין זעהן, קעצעלע, ווי לאַנג דאָס וועט נעהמען, זיך איבערצובעטען!...“
דערנאָך האָט ער זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויף זיין וואָגען, אויסגעקירעוועט דעם פערד און איז צוריק אַוועקגעפאָהרען אין דעם רעסטאָראַן, וואו ער האָט פריהער, בעת ער איז צוגעגאַנגען צו דער בלאָנדער פרוי אַבגערעדט מיט איהר צו טרעפען זיך דאָרט שפּעטער...
אין דער אייגענער צייט האָט אָרע אָנגעיאָגט רייטשלען.
— וואָס ביזטו אַנטלאָפען? — האָט ער געפרעגט.
— איך האָב איהם פיינד, איך קען איהם ניט אָנקוקען, דעם זשוליק! — האָט זי געמורמעלט מיט האַס.

---

.21

## ביי עטעלען אויף דער חתונה.

אין דער אייגענער וואך האט סעמ'קע זי נאך אמאל געטראפען. דאס איז געווען ביי עטל'ן אויף דער חתונה, וועלכע איז פארגעקומען אין א ניו־יארקער האלל. סעמ'קע איז דארט געווען דער הויפט מחותן פון חתן'ס צד. די חתונה איז געווען א גרויסארטיגע. דער האלל און דעקארירט געווען מיט דער אמעריקאנער פלעג, מיט שענע בלומען און האט זיך ווי גע'טובל'ט אין א ים פון עלעקטרישען ליכט. אויף דער פלאטפארמע איז געשטאנען א חופה מיט עלעקטרישע לעמפ־לאך. ביי דער זייט זיינען געזעסען א צעהן מאן כלי זמר און האבען געשפיעלט.

בראנוויל איז דא שטארק פערטראטען געווען: כמעט אלע ארע'ס בעקאנטע, פון די רייך־געווארענע ריעל־עסטייטניקעס, מיט זייערע ווייבער און קינדער זיינען אויף דער חתונה געקומען. אויך האבען דא ניט געפעהלט בעקאנטע און לאנדסלייט פון דעם חתן — ס'רוב יונגע לייט און פרויען. סאמועלסאן אן דאקטאר זילבערשטיין זיינען דא ניט געווען, כאטש ארע האט זי איינגעלאדען, ווייל, ער־שטענס, האבען זיי, ראדיקאלען, ניט געהאלטען פון די חתונה־צערע־מאניעס, און, צווייטענס, ווייל ארע איז געווען א מענש ניט פון זייער קרייז.

די דאזיגע אלע איצטיגע בראנזווילער נגידים זיינען געקומען אין הויכע, גלאנצענדיגע צילינדער־היט און זייערע ווייבער און טעכ־טער אויסגעפודערטע און אויסגעפארבטע, אין ווייסע באלל־קליידער, אין ווייסע שיך און האנד־שוה מיט בריליאנטען אין די אויערען, אויף דער ברוסט, אין די האאר און אויף אלע פינגער. עטעל'ס חתונה איז פאר די דאזיגע אויפגעקומענע גבירים געווען א געלעגענהייט צו ווייזען זייערע נייע, רייכע קליידער און זייער ציערונג.

דער רעגען פון גאלד, וואס איז פלוצים צו זיי ארונטערגעפאלען, ווי דורך א כשוף, האט זיי אלעמען אין גאנצען פון דעם געוואהנטען אויסגעטראטענעם וועג ארונטערגעשלאגען, איבער וועלכע זיי האבען

ביז יענער צייט זיך בעוועגט אין זייער וועלטעל. נייע פערלאַנגגען האָבען זיך אין זיי ערוועקט, נייע וואונשען, נייע אונבעקאַנטע לייי־דענשאַפטען... ס'רוב פון די דאָזיגע פרויען האָבען פּלוצים פערגעסען, ווי מען שוילט אַ קאַרטאָפעל, ווי מען סקראָבעט די פּאָדלאָגע, ווי מען וואַשט די וועש און ווי מען קאָכט און מען באַקט. זיי האָבען אריינ־גענומען דיענסטען אין זייערע הייזער, פּוילישע און אידישע, און אָנ־געהויבען זיך צו פּיהלען און צו פיהרען מעשה אמת'ע ליידיעס... מאַנכע פון זיי האָבען זיך דערמאָהנט אָן אַלטע וועהטאָגען, וועגען וועלכע זיי האָבען פריהער קיין צייט ניט געהאַט צו טראַכטען, און זיינען געלאָפען אין ניו יאָרק צו די פּראָפעסאָרען. די אינגערע האָבען בעשטעלט זייערע קליידער אין ניו יאָרק ביי גוטע שניידערס און האָבען גוט בעצאָהלט פאַר מאַכען אַ שענע פיגור. די עלטערע האָבען זיך בעמיהט, אויסצוזעהן אינגער, און פּודרע און פאַרב, און שמעקענ־דיגע זייפען, און פלעשעלאַך מיט פאַרפום זיינען געוואָרען גאַנגבאַרע ארטיקלען אין די בראָנזווילער אפטייקען... איינע די אַנדערע האָבען געזוכט נאָכצוטהאָן, די פרויען אַזוי ווי די מענער, האָבען געזוכט נאָכ־צוטהאָן און פערדונקלען איינע די אַנדערע... האָט איינער אריינ־געציגען אין אַ נייע שענע הויז, האָבען באַלד די אַנדערע אריינגע־צויגען אין נאָך שענערע הייזער... האָט איינער אריינגענומען אין הויז אַ פאָנאָגראַף פאַר פופציג דאָלאַר, האָבען באַלד אַנדערע אריינ־גענומען אין זייער הייזער פאָנאָגראַפען, פאַר וועלכע זיי האָבען גע־צאָהלט פינף און זיבעציג און הונדערט דאָלאַר...

נאָכטהוענדיג איינע די אַנדערע, האָט כמעט יעדער פון זיי ביי זיך אין'ם הויז אַ ביבליאָטעק איינגעריכטעט, מיט ביכער פון שרייבער, וואָס זייערע נעמען האָבען זיי אפילו ניט געקענט ארויס־ריידען. און מען האָט דערצעהלט, אַז ביי מאַנכע אין די ביכער־שראַנקען זיינען געשטאַנען דיקע ביכער מיט פערשיעדענע רעגיערונגס־רעפּאָרטען און סטאַטיסטיק, וואָס יעדער בירגער קען קריעגען צוגע־שיקט אומזיסט פון וואשינגטאָן, וואָס די ביכער־אַגענטען האָבען זיי די דאָזיגע אויפגעקומענע גבירים פערקויפט אַלס בעריהמטע ווערק פון בעריהמטע שריפטשטעלער...

זיי זיינען מיט אַמאָל געוואָרען מבינים און מבינות'טעס אויף מוזיק און האָבען אָפט גענומען בעזוכען די ניו־יאָרקער אָפּערא הויז.

די פרויען זיינען מיט אַמאָל געוואָרען וואָהלטהעטיג און האָבען געגרינ־דעט וואָהלטהעטיגע פרויען פעראיינען, אין וועלכע עלטערע ווייבער, ווי יאכנעטשיק'ס און חיים־זוסע פלויד'ס פרוי, האָבען אויך אנטהייל גענומען און כבוד צוזאַמען מיט מצוות געזוכט... און יעדע פון די דאָזיגע פריען האָט געוואָלט זיין אַ פּרעזידענטשע, לכל הפחות אַ סעקרעטאַרשע, און יעדע פון זיי האָט געוואָלט זיין אַ פיהרערין.

די מענער האָבען אין גאָר נישט געשטערט זייערע פרויען. די מייסטע פון זיי זיינען צופריעדען געווען, וואָס זייערע פרויען זיינען איצט אימשטאַנד אויסצוגעבען פיעל געלד אויף זיך, וואָס זיי קענען זיך איצט ערלויבען הנאה צו האָבען פונ'ם לעבען; און אַנדערע האָבען אויס איי־טעלקייט געלאָזט זייערע פרויען זיך פוצען און אויסגעבען אַ סך געלד. פיר אַזוינע האָבען די רייך אויסגעפוצטע פרויען זייערע געהאַט אונגע־פעהר די אייגענע בעדייטונג, ווי זייערע רייכע הייזער מיט דעם שענעם מעבעל... ווידער אַנדערע האָבען ניט געשטערט זייערע פרויען, ווייל זיי זיינען צופריעדען געווען, וואָס זיירע פרויען שטערען זיי ניט... די דאָזיגע מענער האָבען זיך געפיהלט גענוג זינדיג געגען זייערע ווייבער. ניט יעדער האָט געקענט ביישטעהן דעם יצר הרע, וואָס האָט אַזוי געהערשעוועט אין דער נייער וועלט, וועלכע האָט זיך פאַר זיי אַזוי פלוצים געעפענט, זינט זיי זיינען מיט אַמאָל רייך געוואָרען...

ביי אָרימע שוואַכע מענשען, וואָס האָבען יאָהרען און יאָהרען לאַנג אַזוי ווייניג געוואונשען, וואָס האָבען יאָהרען און יאָהרען לאַנג געזעהן נור דעם קורצען, ניט אַנציהענדען שטח פון זייער היים צום שאַפ, צי פון זייער קרעמעל צום הויז, צו דעם לענגערען, אָבער נאָך צרה'דיגערען שטח פון זייער הויז צום וועג, איבער וועלכען זיי האָבען זיך געשלעפּט מיט'ן שווערען פּאַק אויף די פּלייצעס, פון הינט און פון בייזע מענשען פערפאָלגט, — ביי זיי, די דאָזיגע מענשען, האָבען זיך פלוצים, ווי דורך אַ כישוף, די אויגען געעפענט און אַן אונבעקאַנטע וועלט פול גלאַנץ, פול פערגעניגען, האָבען זיי פאַר זיך נאָהענט דער־זעהען. די הערצער האָבען זיך ברייט פונאַנדערגעעפענט און נייע, אונבעקאַנטע, שטאַרקע פערלאַנגען האָבען דאָרטען ערוואַכט, און זיי האָבען זיך אריינגעוואָרפען, ווי פערטשאַדעטע, די דאָזיגע מענשען, האָבען זיך דאָרט צוגעכאַפּט צו די נייע, אונבעקאַנטע קוואַלען פון

פערגעניגען מיט דורשטיגע ליפּען און גענומען זיך אויפפיהרען, האַנד־לען, יעדער לויט זיין כאַראַקטער, לויט זיין טעמפּעראַמענט...

אַזוי ווי די פאַרזעהונג וואָלט זיך דאָ אַמוזירען געוואָלט מיט די אָרימע מענשען, האָט זי זיי פון זייער טרויעריגער וועלטעל, פול זאָרגען, אַרויסגעשטופּט אין אַ וועלט פול גלאַנץ און וואוילטאָג, און זיך צוגעקוקט, ווי זיי האַנדלען...

און די מייסטען פון די דאָזיגע מענשען האָבען זיך אין פיעלע פעלע אויפגעפיהרט קאָמיש, זאָגאר לעכערליך. כמעט יעדער פון זיי האָט גענומען בעטראַכטען זיך אלס חכם, אלס מענש מיט גרויסע געשעפטס־פעהיגקייטען, וואָס נור זיך האָט ער געהאַט צו פערדאַנקען פאר זיין פלוצים'דיגען רייכטהום... און כמעט יעדער פון זיי האָט געזוכט צו לאָזען זיך פיהלען, בעמערקען, אויסדריקען זיין „איך", צו מאַכען א רושם אויף אַנדערע. אָבער אויך שענע שטריכען, מענש־ליכע, ווי עכט אידישע, האָבען זיי כמעט אַלע ארויסגעוויזען. זיי האָבען אַלע געגעבען צדקה מיט א ברייטער, פולער האַנד. קיינער פון זיי האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון שטיצען וועמען אָדער וואָס ניט איז. די תלמוד תורה, די חברה גמילת חסדים, די בתי מדרשים, דעם קלויי־סטער, להבדיל, און שפּעטער די רוסישע רעוואָלוציאָן — זיי האָבען אַלסדינג געשטיצט מיט דער פולער האַנד...

די פרומערע אידען האָבען זיך מיט פלענער אַרומגעטראָגען, צו בויען אַ נייע, גרויסע כאָהר שוהל, וואו דאָס יונגוואַרג זאָל חשק האָבען צו געהן, און אַ תלמוד תורה א נייע צו בויען, און די ראַדיקאַלע אידען, ווי דער סאָציאַליסט און טרוימער פון בראַנזווילער איסבויאונג, סאָ־מועלסאָן, וועלכער האָט איצט אָפּט געשטיצט מיט אַ פולער האַנד די סאָציאַליסטישע פּרעסע, האָבען גערעדט וועגען בויען א „לייבאָר לייסעאום" — אַ הויז פאַר ארבייטער...

נאָך אַ שטריך האָבען זיי כמעט אַלע אַרויסגעוויזען, אַ מערק־ווירדיגען און זעהר אינטערעסאַנטען שטריך: זיי האָבען ס'רוב גע־האַנדעלט אויפ'ן וואָרט און זעלטען ווער פון זיי האָט אַמאָל זיין וואָרט געבראָכען אָדער האָט אויף זיין וואָרט חרטה געהאַט, עס האָט זיך אפילו געמענט האַנדלען וועגען טויזענדער... אפילו ביי אַזוינע ווי סעמקע בלום איז דאָס וואָרט געווען הייליג, ווען ער האָט געקויפט אָדער פערקויפט א „פּאַרסעל".

קורץ, אזוי זיינען געווען די איצטיגע בראנזווילער גבירים, וואס זיינען געקומען אין הויכע, גלאנציגע צילינדער־היט, מיט זייערע אויס־געפוצטע ווייבער און טעכטער צו עטלען אויף דער חתונה...

* * *

איבער'ן גאנצען האלל האט מען געטאנצט. סעמקע אין א נייעם אנצוג מיט א בלום אין לאץ, האט זיך פרעהליך און לעבעדיג געטראגען איבער'ן האלל, דא מיט איינער, דא מיט א צווייטער און אמאל זאגאר מיט זיין אייגענער פרוי, א קליינציקע, מאגערע ווייבעלע, וועל־כע טאנצענדיג מיט איהם, האט פאר פערגעניגען געהאלטען אפען דאס מויל, און ארויסגעשטעלט צוויי פאדערשטע גאלדענע ציינער. גע־טאנצט האט אויך רייטשעל יעדע ווייל מיט אן אנדערען. די יונגע לייט האבען זי פשוט רוהען ניט געלאזט, און זי האט זיך געטראגען איבער'ן האלל אין א ווייסען קלייד, ווייט אויסגעשניטען ארום האלז און ברוסט, מיט א רויטער בלום איז די טיעף־שווארצע האאר, און איהר בוזים, איהרע רונדע, נאקעטע שולטערען האבען הייס און קא־כעדיג זיך בעוועגט, און איהר פנים האט געברענט, און איהרע גרויסע שווארצע אויגען האבען פרעהליך געגלאנצט. זי האט געטאנצט לייכט, הינגעריסען, און זי האט געבריהט די יונגע לייט, וואס האבען מיט איהר געטאנצט, מיט איהרע אויגען, אטהעם און יעדער בעוועגונג פון איהר יונגען, קאכעדיגען, שענעם קערפער...

ווען זי האט זיך אנגעטראפען מיט סעמ'קען, האט זי דאן אויף איהם א שנעלען בליק געווארפען, פול פערזאכטונג, אוועקגעדרעהט פון איהם דעם קאפ, און זיך צוגעדריקט צו איהר קאוואליער פעסטער, אזוי ווי סעמ'קען אויף צו להכעיס.

טאנצענדיג, האט סעמקע די גאנצע צייט זי געהאט אין זינען...

ער האט אומישנע געטאנצט איהר אין וועג און זיי האבען זיך א פאאר מאל אנגעשטויסען, און איינמאל האט ער אזוי אריינגעטאנצט מיט זיין ליידי איהר אין וועג, דאס זיין ליידי האט זיך מיט האסט אנגעשטויסען אן רייטשעל'ס קאוואליער און אי! מיט א הויכען גע־לעכטער איהם אריינגעפאלען אין די ארעמס, און רייטשעל אליין האט זיך אנגעשטויסען אן סעמקע'ן און מיט איהרע הענד זיך איינגעקלא־מערט אין זיינע אקסלען, כדי ניט צו פאלען. באלד אבער האט זי זיך א

כאַפּ געטהאָן, ווי צושראָקען, מיטביידע הענד אָפּגעשטופּט איהם פון זיך, ארויסגעמורמעלט „זשוליק“, א כאַפּ געטהאָן ווידער איהר קאַ־וואַליער און זיך אוועקגעטראָגען מיט איהם, שטאַ־ק אויפגערעגט...

דאַן האָט סעמקע בעשלאָסען זי לאָזען דערווייל צורוה.

אָרע, אין א צילינדער־הוט, די באָרד פונאנדערגעקעמט אַזוי, דאָס זי האָט איהם אין גאַנצען פערדעקט די ברייטע ברוסט, האָט גע־קוקט, ווי זי טאַנצט מיט די יונגע לייט און צומישט געשמייכעלט.

ער האָט זיך געפיהלט ניט גאַר אנגענעהם, ניט גאַר רוהיג, בעת ער האָט געזעהן, ווי די יונגע לייט האַלטען זי ביי דער טאַליע, און עס האָט זיך איהם אָפּט אויסגעוויעזען, אז טאַנצענדיג קוקען זיי איהר אריין אין דעם אָפּענעם בוזים...

„וואָלט זי כאָטש ניט געגאַנגען אין אַזאַ קלייד! — האָט ער גע־טראַכט — אַן אמת'ע חרפּה!“...

דאַן האָט ער זי געפּרובט פערענטפערען: א יונגע מיידעל... האַלט פון דער מאָדע... קיין סכנה ניט...

אָבער רוהיג האָט ער דאָס ניט געטראַכט...

דערנאָך, ווען ער האָט בעמערקט, אז זי האָט זיך צוגעזעצט, איז ער צוגעגאַנגען צו איהר, האָט זיך אומגעקוקט, אויב אימיצער הערט ניט אונטער, און איהר געזאָגט:

— רייטשעלע, קענסט זיך נאָך, חלילה, פערקיהלען. דעק איבער מיט עפּעס די הייסע פּלייצעס...

זי האָט איהם ניט פערשטאַנען און געענטפערט:

— ניש־קשה, איך וועל זיך ניט פערקיהלען...

דאַן איז צו איהר ווידער צוגעגאַנגען א יונגערמאַן און זי האָט זיך ווידער אוועקגעטראָגען איבער'ן האַלל.

אָרע האָט איהר נאָכגעקוקט. פּלוצים האָט ער א טראַכט געטהאָן מיט טיעפער בענקעניש:

„פאַרוואָס בין איך ניט אינגער אויף צוואַנציג יאָהר?... דאַ־מאָלט וואָלט איך אפשר אויך טאַנצען געגאַנגען!...

און ער איז אוועק צום דעם פּלאַטץ נעבען דער פּלאַטפאָרמע, וואו עטעל און איהר חתן זיינען געזעסען אויף שטוהלען און האָבען פון וויטען צוגעקוקט, ווי דער עולם טאַנצט...

יאבענטשיק און חיים־זוסע פליוך זיינען דא אויך געווען.ביידע האבען געטראגען הויכע, גלאנציגע צילינדער־היט, און וועלכע זיי האבען אויסגעזעהן, ווי די קוטשערס, וואס זיצען אויף די קעלניעס פון די שווארצע לויה־וואגענס...

זיי זיינען געשטאנען צווישען עולם איינער נעבען דעם אנדערען און האבען צוגעקוקט מיט א שמייכעל, ווי סעם'קע טראגט זיך איבער'ן האלל מיט יונגע שענע מיידלאך און פרויען, די האנד ארום זייערע טאליעס, האבען איהם מקנא געווען און געדערדט צווישען זיך:

— פערשמאליעט זאל ער ווערען, אן אמת'ער מאדים... די ערד ברענט גאר אונטער זיינע פיס!...

און חיים־זוסע פליוך האט נאך צוגעלייגט:

— אט ער וויסט, וואס ער לעבט, אט ער!...

זיי זיינען געווען פון די, וואס האבען זיך געכאפט, זינט זיי זיינען רייך געווארען, אז זיי האבען נאך גאר ניט געוואוסט דעם טעם פון עולם הזה און נאכדעם, ווי זיי זיינען א פאאר מאל געווען מיט סעמקע'ן אויף „סמוקערס“, וואו שענע מיידלאך האבען געטאנצט און געזונגען, און עטליכע מאל מיט איהם אין יענעם רעסטאראנט אויף אושען עוועניו, איז זיי ביידען, יאבענטשיק'ן און חיים־זוסע פליוך'ן, קלאהר געווארען, אז זייערע ווייבער זיינען נור א „ברכה לבטלה“, נור אן אפ־קומעניש...

פלוצים האט זיך דורכגעטראגען א טומעל איבער'ן האלל צווישען עולם. די מוזיקאנטען האבען מיט אמאל אונטערבראכען אין מיטען וואלס. די טאנצענדע פאארלעך האבען זיך אפגעשטעלט. „די חופה! די חופה!“ — האט זיך דערהערט א געפילדער פון אלע זייטען. דער עולם האט זיך א רוק געטהאן צו דער פלאטפארמע צו. מענער, פרויען און קינדער האבען זיך געשטופט נעהענטער צו חתן־כלה. רייטשעל האט זיך דורכגעקוועטשט צווישען עולם און זיך געשטעלט נעבען עטלען. דארט זיינען שוין אויך געשטאנען די אלטע פרומע מיט א יום־טוב'דיגען פנים, ארע, פינע, אין א נייעם אנצוג און הוט, וואס ארע האט איהם געקויפט לכבוד דער חתונה, זיין ווייב שרה'קע, א דיקע פרויענצימער, אויך אן אויסגעפוצטע אויף ארע'ס געלד. יאבענטשיק און חיים־זוסע פליוך האבען זיך אויך דורכגעקוועטשט צווישען עולם און זיינען צוגעגאנגען צו ארע'ן.

דאַן האָט דער באַראַבאַן געגומען קלאַפּען, ווי צו אַ טרעוואָגע, און גלייך האָט זיך אויף דער פּלאַטפאָרמע בעוויזען סעמ'קע, דאָס מאָל אין אַ צילינדער־הוט, און אויפגעהויבען אין דער הויך די האַנד. דער באַראַבאַן איז אַנשווייגען געוואָרען און סעמקע האָט אויסגעשריען אַזוי הויך נור ווי ער האָט געקענט:

— ליידיס און דזשענטעלמען! גלייך פאַנגט אַן דער חופּה־מאַרש! אָט דאָ זיינען קערבעלאַך מיט ליכט. זאָל יעדער פון אייך נעהמען אַ ליכט און אָנצינדען. דאַן זאָל יעדע ליידי נעהמען איהר דזשענטעלמאַן און יעדער דזשענטעלמאַן זיין ליידי—אַ דזשענטעלמאַן מעג נעהמען אפילו אַ פרעמדע ליידי, און אַ ליידי אַ פרעמדען דזשענ־טעלמאַן אויך — איך ערלויב דאָס אייך!...

— הורראַ! — האָט דער עולם געענטפערט, און איבער'ן האָלל האָט זיך דורכגעטראָגען אַ געלעכטער פון מענער און אַ קוויטשעריי פון פרויען.

— די עלטערע דזשענטעללייטע מעגען אפילו נעהמען יונגע ליידים — האָט סעמקע ווייטער געשריען.

— נאָ! ניין! — האָבען געשריען די יונגע פרויען און מייד־לאַך און געקוויטשעט.

— יעס! יאָ! — האָבען די עלטערע מענער געלאַכט. און יאַ־בענטשיק און חיים־זוסע פּליוך האָבען מיט התפעלות געשריען:

— גערעכט, מיסטער בלום, גערעכט! טאַקע! טאַקע!

אָבער, ווען דער חופּה־מאַרש האָט זיך אָנגעפאַנגען, איז יעדע „ליידי" געשטאַנען נעבען איהר געזעצליכען „דזשענטעלמאַן" און יעדער „דזשענטעלמאַן" נעבען זיין געזעצליכער „ליידי". יונגוואַרג נעבען יונגוואַרג און אַלטוואַרג נעבען אַלטוואַרג. יעדער און יעדע האָבען געהאַלטען אַ ברענענדע קאָלירטע ליכט אין די הענד. סעמקע איז געווען דער מאַרשאַל פון דעם חופּה מאַרש. ער איז געגאַנגען איג פאָראויס מיט זיין קליינציק, מאָגער ווייבעלע און נאָך זיי האָבען זיך געצויגען די פּאָאָרלאַך איבער'ן האָלל. אפריהער חתן־כלה געאַרעמט. דערנאָך אָרע מיט פרומען, וועלכע האָט מאַרטשירענדיג געבליפּעט פאַר פרייד. (פריהער א'ז זי געווען בייז, ווארום די חתונה איז אָהן אַ ברחן. דערנאָך אָבער, ווען פּינע האָט זי איינגערעדט, אַז אין אַמע־ריקא איז קיין ברחן ניטאָ אפילו אויף אַ רפואה און די רבנים האָבען

דאָ בטל געמאַכט די כלה־בעזעצונג און דעם „כשר־טאַנץ“. האָט זי זיך דאָן בערוהיגט און זיך איבערגעגעבען דעם געפיהל פון שמחה). נאָך זיי זיינען געגאַנגען פינע און זיין ווייב שרה׳קע און דאָן רייטשעל מיט עפּעס אַ יונגען מאַן, דעם חתן׳ס אַ פריינד. יאַכענטשיק און חיים־זוסע פליוך מיט זייערע ווייבער זיינען געגאַנגען גאַר־גאַר פון הינטעז מיט ליכט אין די הענד.

די מוזיק האָט געשפּיעלט אַ חופה־מאַרש. די פּאָאַרלאַך האָבען זיך געצווייגען איבער׳ן האַלל. נאַקעטע פרויען־שולטערן און אָרימס האָבען זיך בעוועגט, רויטע און בלויע פייערלאַך פון בריליאַנטעז האָבען אויפגעפלאַמט און פרויען־אויערען, אין די קאַמען, וואָס האָבען בעציערט פרויען־קעפּ. צילינדער־היט האָבען געגלאַנצט. די פלאַמען פון די ליכט אין די הענד פון די מאַרשירענדע האָבען געציטערט און געפלאַקערט...

אויף דער פּלאַטפאָרמע האָבען אַלע עלעקטרישע לעמפּלאַך פון דער חופה זיך אָנגעצונדען אַ חזן, וואָס איז אויך געווען אַ מסדר קדושין, אין אַ צילינדער־הוט, און זיינע זינגערס, האָבען זיך דאָרט בעוויזען. סעמקע האָט צוריק געפיהרט דעם מאַרש צו דער פּלאַט־פאָרמע.

באַלד זיינען אונטער דער חופה געשטאַנען חתן־כלה. אַרום דער חופה זיינען געשטאַנען נור די נאָהענטסטע מחותנים און פריינד. דער איבריגער עולם האָט זיך צושטעלט אין׳ם האַלל אַרום דער פּלאַט־פאָרמע.

דער חזן מיט זיינע משוררים האָבען גענומען זינגען, די אַלטע פרומע האָט זיך צו־וויינט. שרה׳קע, וועלכע איז געשטאַנען נעבען פינע׳ן האָט זיך מיט אַמאָל צו איהם אָנגערופען: „ווען די מאַמע וואָלט עס דערלעבט!“ און האָט זיך צויאָמערט אויף׳ן קול. אָרע האָט אויך געשמייכעלט שטאַרק אויפגערעגט. רייטשעל האָט געקוקט פער׳גנב׳עט אויף סעמקע׳ן, וועלכער איז געשטאַנען ניט ווייט פון איהר, און דאָס הארץ אין איהר איז צוריסען געוואָרען. זי האָט געטראַכט: „דער לעבעדיגסטער מענש פון אַלע איז ער... אַזאַ פייערדיגער יונג... אַזאַ ברען... ער קען משוגע מאַכען!..“ און דאָן האָט זי געקוקט אויף אָרע׳ן און ניט ווילענדיג איהם פערגליכען צו יענעם און האָט געפיהלט אַ סקרוך איבער׳ן לייב.

א „מזל טוב“ האָט איבערגעריסען איהרע געדאַנקען. פּרומע האָט אַרומגעכאַפּט עטלען און זי געקושט מיט געוויין. דערנאָך האָט זיך אָרע מיט איהר צוקושט, דערנאָך שרה'קע... און דאַן האָט זיך אָרע צוקושט מיט'ן חתן.

רייטשעל האָט זיך אויך א וואָרף געטהאָן צו עטלען קושען. און ווען זי האָט צוגערוקט איהר פּנים צו עטעל'ס, האָט זיך פּלוצים צווישען זייערע ביידענס פּנים'ער אַריינגערוקט א דריטער, מיט בלאָנדע וואָנסעס און העלע, לאַכעדיגע אויגען, סעמקע'ס פּנים, און אנשטאַט עטעל'ס ליפּען האָבען איהרע בעריהרט די ליפּען אונטער די בלאָנדע וואָנסעס... זי האָט א געשריי געטהאָן און איז א צומישטע אַפּגעשפּרונגען...

סעמקע האָט אויך כלומרשט ארויסגעלאָזט א צושראָקענעם געשריי און גלייך זיך צוקושט מיט עטלען...

ער האָט געוואָרט אויף דעם. ער האָט געוואוסט, אַז רייטשעל וועט זיך וועלען צוקושען מיט עטלען. האָט ער בעשלאָסען, אַז ווי נור זי וועט דאָס וועלען טהאָן, אזוי זאָל ער אריינרוקען זיין פּנים אין מיטען... אַלס קאָזין פון חתן האָט איהם געפּאַסט זיך צוקושען מיט דער כלה, און עס וועט זיין גיט זיין שולד, ווען דורך א טעות האָט ער זיך דערווייל צוקושט מיט אַנאַנדערער...

דאָס איז איהם איינגעפאַלען און ער האָט דאָס אויסגעפיהרט...

דערנאָך איז דער גאַנצער עולם ארונטער אין א צווייטען האָלל, מיט איין שטאָק נידריגער, וואו טישען, בעפּוצט מיט בלומען, זיינען געגרייט געווען. און דאָ איז אויך סעמקע געווען דער גאַנצער מאַכער. ער אליין האָט אויסגעזעצט דעם עולם.

אויף דער רעכטער זייט פון חתן־כלה האָט ער אוועקגעזעצט פּרומע'ן, זיין פרוי, פּינע'ן, שרה'קען און א פּאָאר נעהענטערע פריינד פון דעם חתן. אויף דער לינקער זייט האָט ער אוועקגעזעצט אָרע'ן און געזאָגט צו איהם, ער זאָל איינלאַדען רייטשלען צו זעצען זיך נעבען איהם. אָרע האָט עס געטהאָן. רייטשעל האָט זיך געזעצט נעבען איהם און איז צומישט געוואָרען, ווען דעם נעקסטען ליידיגען פּלאַץ פון איהר האָט באַלד פערנומען סעמקע אליין. די איבריגע געסט מיט זייערע פרויען און קינדער זיינען געזעסען ארום די אנדערע טישען, וועלכע צוזאַמען מיט דעם טיש אויבען־אָן, וואו חתן־כלה און די נאָ־

הענטע מחותנים זיינע געזעסן, זיינען אויסגעשטעלט געווען אין דער פֿאָרמע פֿון אַ פּאָדקאָווע...

אַ צעהנדליג קעלנערס האָבען דערלאַנגט און צוגענומען פֿון די טישען. עסען און טרינקען איז געווען איבער גענוג, און קיין אַפּעטיט האָט דעם עולם אויך ניט געפעהלט. סעמקע האָט יעדע ווײַלע צו־גערוקט צו אָרען'ן אַ גלעזעל שאַמפּאַניער. אָרע האָט געטרונקען און איז געוואָרען אַלץ פרעהליכער און פרעהליכער און געלאַכט מיט זיין גליקליכען, קינדערשען געלעכטער. פֿון צייט צו צייט האָט ער אַ קוק געטהאָן אויף רייטשעלען מיט אוויגען, פול פרייד און גליק, און געמור־מעלט: „עס! עס!... עס!... טרינק, אמת'ע שאַמפּאַניער!"... זי האָט איהם קוים געהערט. אין קאָפּ האָט איהר געמישט פון די פּאָאָר גלעז־לאַך שאַמפּאַניער, וואָס זי האָט אויסגעטרונקען, און נאָך מעהר פון סעמקע'ס נאָהענטקייט, פון די בעריהרונג פון זיין אַקסעל, פון זיין קניע... דער פּנים האָט ביי איהר געברענט... אין גאַנצען האָט זי געברענט און זי האָט געטראַכט פערביטערט: „זשוליק, באַנדיט, האָט זיך נאָך געזעצט נעבען מיר!"... און אין דער אייגענער צייט האָבען אַנדערע געפיהלען ערוואַכט אין איהר נשמה, געגען וועלכע זי האָט זיך געפיהלט אַזוי שוואַך, אַזוי הילפלאָז, און וואָס האָבען זי אין גאַנצען צומישט...

און פּלוצים האָט זי אַ טראַכט געטהאָן:

„ער ליעבט מיך!... זיכער, זיכער!"...

און זי האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן...

„איך האָב דאָך נאָך מיט איהם פון יענער צייט אַ וואָרט ניט אויסגערעדט", האָט זי געטראַכט ווייטער — געדאַרפט זיך מיט איהם דורכריידען... אפשר ליידעט ער, אפשר, אפשר..."

און דאָ האָט זי זיך מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטהאָן: גוואַלד, וועגען וואָס טראַכט זי! פערפאַלען!...

און אַזוי ווי זי וואָלט געזוכט הילף געגען איהר אייגענעם האַר־צען, האָט זי זיך אַ קעהר געטהאָן צו אָרע'ן.

— ווילסט עפּעס, רייטשעלע? — האָט ער געפרעגט און גע־שמייכעלט צו איהר אַזוי גוט, אַזוי האַרציג.

זי האָט אַ טראַכט געטהאָן: „און ער, די דאָזיגע בריאה, וועט זיין מיין מאַן!" און האָט איהם ניט געענטפערט.

— טרינק נאָך א גלעזעלע שאַמפּאַניער — האָט ער זיך ווידער אָנגערופען — עס וועט דיר ניט פערשאַדען, חלילה!...

און ער האָט צו איהר צוגערוקט א גלעזעל, פול שאַמפּאַניער, און אליין אויך גענומען אין דער האַנד איינס.

און ווי אויף צו להכעיס איהרע אייגענע געפיהלען, האָט זי א כאַפּ געטהאָן דאָס גלעזעלע, א קלונג געטהאָן אָן זיינער, געזאָגט „לחיים" און אויסגעטרונקען.

דאָן האָט איהר נאָך מעהר גענומען רוישען אין קאָפּ. און ווען סעמ'קע האָט דערנאָך געזאָגט א וויטץ, פון וועלכע אַלע ארום איהר האָבען זיך צולאַכט, האָט זי א טראַכט געטהאָן: „אַזא חכם, קליגער פון אַלעמען!" און זאָגאר א קוק געטהאָן אויף איהם פון דער זייט. זיינע שיכור'ע אויגען האָבען בעגעגענט איהרע מיט א שמייכעל. און רייטשעל, ניט אָפּגעבענדיג זיך קיין רעכנונג, וואָס זי טהוט, האָט זי אליין אויך א שמייכעל געטהאָן צו איהם האַלב שכור, אָבער נור אויף א רגע, ווייל גלייך האָט זי זיך א כאַפּ געטהאָן צושראַקען און אוועק־געדרעהט פון איהם דעם קאָפּ.

נור פּאָר סעמ'קען איז דאָס געווען גענוג. באַלד האָט ער איהר ארויפגעטראָטען אויפ'ן פוס. זי האָט זיך אָפּגערוקט פון איהם, נעהענטער צו אָרע'ן. האָט ער זיך אויך אביסעלע א רוק געטהאָן און א דריק געטהאָן איהר קניע מיט זיינער. זי האָט זיך דאַן א קעהר געטהאָן צו איהם מיט א פלאַמענדען פּנים און האַלב־פּער'שכור'טע אויגען און שטיל ארויסגעמורמעלט:

— בעסער זיצט איין. עס וועט זיין א סקאַנדאַל!

ער האָט איהר געענטפערט, אויך שטיל:

— איך מוז אייך זעהן, האָט רחמנות!

און זיין פּנים האָט דערביי אויסגעדריקט אַזוי פיעל ליידען, דאָס אין איהר האַלב־שכור'ען צושטאַנד, איז זי איצט מעהר ווי זיכער געווען, אַז ער ליעבט זי און ליידעט דערפון.

זי האָט ווידער ארויסגעמורמעלט און איהר האַרץ האָט דערביי געוויינט:

— צו־שפּעט!... פערפאַלען!... וואו זייט איהר פריהער געווען?

און זי האָט ווידער אוועקגעדרעהט פון איהם דעם קאָפּ.

דערנאָך האָט ער זי שוין מעהר רוהען ניט געלאָזט. געדריקט איהר קניע מיט זיין קניע, דאַן מיט זיין האַנד. אַפריהער האָט זי זיך געוועהרט געגען דעם, געדרעהט זיך אויפ'ן שטול, געוואָרפען אויף איהם קרומע בליקען, שפּעטער אָבער האָט זי זיך אויפגעהערט צו וועהרען, און איהר האַנד, פערבאָרגען אונטער'ן טיש, איז געלעגען שוואַך און הילפלאָז אין זיינער, און זי האָט געקוקט אויף איהם אַזוי צוטומעלט, ווי אַ געהעצטע חיה, וועלכע דערזעהט זיך פלוצים אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען און פיהלט, אַז קיין אויסוועג איז פאַר איהר ניטאָ...

דערנאָך האָט מען גענומען האַלטען טאָאַסטען לכבוד חתן־כלה. און ווען סעמקע האָט זיין טאָאַסט געהאַלטען „צור עהרע דער ליעבע. וועלכע איז געטליך, הימליש, וואָס נור זי אַליין שאַפט דעם פּאַראַדיז, וואו מען פיהלט זיך אויף ענגעל־פליעגלען" (ער האָט אומישנע אַזאַ טאָאַסט געהאַלטען, זוכענדיג צו מאַכען אויף איהר דעם „ריכטיגען" איינדרוק), האָט זי, רייטשעל, שיער זיך ניט צוזאַמערט אויפ'ן קול, און אַז ער האָט געענדיגט און זיך אויף זיין אָרט געזעצט, האָט זי איהם שטיל מיט אַ ציטערענדיג קול געזאָגט:

— איך וועל וואַרטען אין ליידיס דרעסינג רום... מיר מוזען זיך דורכריידען.

און זי האָט זיך אַרויסגע'גנב'עט פון'ם טיש און איז פון'ם האַל אַרויס.

דאַן האָט ער אַ ווײַלע געוואַרט, אויפגעהויבען זיך פון אָרט און איז אַרויס נאָך איהר.

און געהענדיג איבער'ן קאָרידאָר אין דער ריכטונג פון דער „ליידיס דרעסינג רום", האָט ער אונטערגעטאַנצט אויף די פיס און געמורמעלט צום טאַקט:

— איך האָב זי! איך האָב זי!

דאָרט איז געווען האַלב־דונקעל. אויסער איהר איז דאָרט קיינער ניט געווען. זי איז געזעסען, פערדרוקט אין אַ ווינקעלע, דעם קאָפּ מיט די טיעף־שוואַרצע האָאַר ניעדריג אַרונטערגעלאָזט, און האָט האַלב שטור געשלוכצעט.

ער האָט זיך געזעצט נעבען איהר. איהרע נאַקעטע שולטערן און איהרע אָרעמס, וואָס האָבען דורכגעלייכט דורך די פיינע, ווייסע

שפּיצען פון איהרע אַרבעל, האָבען איהם געצווינגען צו זיך. ער האָט איהר אַ גלעט געטהאָן איבער'ן קאָפּ און אַרויסגעפּליסטערט:

— דו שלעכטע, שלעכטע רייטשעל... נו, וויין ניט, יו בעד גוירל!...

און ער האָט אומגעדרעהט איהר פּנים און צוגעדריקט זיינע ליפּען צו איהרע... זי האָט איהרע ליפּען ניט אַוועקגעדרעהט פון זיינע און איהר גאַנצע ליעבע צו איהם, וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געזוכט צו דערשטיקען אין דעם פייער פון האַס, איהר גאַנצע בייגקעניש נאָך איהם, האָט זי איצט אויסגעהויכט אין איהרע לאַנגע, פייערדיגע קוּשען. אַזוי ווי זי וואָלט פון איהם דעם בלוט געוואָלט אַרויסזויגען, אום דעם פייער, וואָס אין איהר האָט געפלאַקערט, צו לעשען...

דאַן האָט זי זיך מיט אַמאָל אַ ריס געטהאָן פון איהם, איז אויפגעשפּרונגען און האָט אַרויסגעמורמעלט הייזעריג:

— גזלן, וואָס האָט איהר צו מיר? גזלן, וואָס האָט איהר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? גזלן, האָט רחמנות!

ער האָט זיך אויך אויפגעהויבען, פערמאַטערט פון איהרע קושען, און זיך אָנגערופען:

— איהר האָט מיך גערופען...

— אַז איהר מאַכט מיר משוגע! אַז איך ווייס אַליין ניט וואָס איך טהו — האָט זי געמורמעלט פערשטערט.

און פּלוצים האָט זי זיך צו־וויינט אַזוי רחמנות'דיג:

— איך בעט אייך, טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר. איהר מאַכט מיך משוגע. מיידעט מיך אויס. סיי־ווי־סיי קען גאָר נישט אַרויסקומען. איך בעט אייך...

— אייך אויסמיידען? ניין, רייטשעל — האָט ער געענטפערט — גיכער וועל איך זיך ביידע הענד לאָזען אָבהאַקען, די האַלז דורכשניידען, דעם קאָפּ צושמעטערען. גיכער וועל איך זיך הייננען, טרינקען, שיסען, פערגיפטען זיך, ווי צו פערליערען מיין ענגעל, מיין פּאַראַדיז!... אַך, רייטשעל, וויפיעל איך האָב געליטען! — האָט ער צוגעלעגט מיט אַ קרעכץ און זיך אַזש שיער ניט צו־וויינט.

— אָבער וואָס קען פון דעם אַרויסקומען — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט פערצווייפלונג אינ'ם קול — קומענדיגע וואָך... איהר ווייסט?...

— וואָס?

— הייראַטה איך מיט... מיט אָרע׳ן...

— איהר הייראַטה?

ער האָט זי אָנגעקוקט פערוואונדערט, אַזוי ווי ער וואָלט פון דעם גאָר ניט געוואוסט. האָט אַ קרעכץ געטהאָן, אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ און פערדעקט דעם פּנים מיט ביידע הענד, נור אונטער די הענד האָט ער אַרויסגעשטעלט די צונג...

— נו, האַ?... נו?... — האָט זי פערשטיקט געשלוכצעט — קען שוין עפּעס ארויסקומען פון אייער ליעבע? פיין מיינער? וואָס האָט איהר די גאַנצע צייט געשוויגען? וואָס זאָל איצט זיין, וואָס?

ער האָט געענטפערט:

— איך האָב ניט געשוויגען. איך האָב ניט געוואָלט שווייגען. איך האָב אייך געזוכט. איהר האָט מיך אָבער אויסגעמיעדען...

— ווייל איך האָב אייך געהאַסט. ווייל איהר האָט געהאַנדעלט ווי אַ באַנדיט — האָט זי געוויינט...

— אמת, אמת — האָט ער געמורמעלט — איך האָב געהאַנ־דעלט געגען אייך נאָך ערגער ווי אַ באַנדיט, דערפאַר בעשטראָפט מיך אַזוי גאָט... פערצייהעט מיר, פערצייהעט!...

ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר די הענד און נאָך אַמאָל געזאָגט מיט אַ קרעכץ אין׳ם קול:

— אַי, פערצייהעט מיר!...

זי האָט נאָך אַלץ געוויינט:

— אָבער וואָס זאָל איצט זיין?

ער האָט געשוויגען.

— איצט איז נאָך ערגער... איצט ווען איך האָס אייך ניט... אָה, מיסטער בלום, איצט איז מיר אַזוי מורא׳דיג, חתונה צו האָבען מיט דעם אַלטען!

זי האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און רחמנות׳דיג געוויינט.

ער האָט געהאַלטען איהרע הענד אין זיינע, געשוויגען און אַרומ־געטראַכט. דאַן האָט ער געזאָגט:

— וועל, רייטשעל, מיר ביידע זיינען אין אַ שרעקליכע לאַגע. מיר מוזען דערשטיקען אין זיך אונזערע בעסטע, הייליגסטע געפיהלען

און ליידען. איך וויל מיט אייךריידען אָפען: מיט מיין פרוי צו שיידען זיך איז יעצט אונמעגליך. פריהער, ווען איך בין געווען אַן אָרימאַן, איז דאָס מעגליך געווען, דערפאַר האָב איז זיך דאַן אייך טאַקע ערקלעהרט אין ליעבע. היינט אָבער, ווען איך בין רייך, וועט מיין פרוי זיכער ניט וועלען צו שיידען זיך מיט מיר... וועל, פער־פאַלען! מיר מוזען ליידען, ווי בראַווע מענשען!... מיר וועלען פער־בלייבען פריינד, עהרליכע איבערגעגעבענע פריינד, ווי ברודער און שוועסטער, און מעג איך אייך ווי ליעב האָבען, וועל איך זיך בע־הערשען. איהר וועט זעהן, רייטשעל, דער בעסטער פריינד אייערער וועל איך זיין, אימער, אימער וועל איך זיין, אימער, אימער וועל איך זיין גרייט אייך צו העלפען!...

זי איז צוגעפאַלען צו זיין ברוסט און האָט געוויינט.

— מיסטער בלום, מיסטער בלום! אַי, וואָס איז דאָס פאַר אַן אונגליק! איך וועל משוגע ווערען! אַי, איך וועל פון'ם זינען אַראָפּ!...

צום סוף האָט זי זיך בערוהיגט.

— אָלל־רייט — האָט זי ארויסגעמורמעלט — וואָס קען מען זיך העלפען? באַשערט אַן אונגליק!...

זי האָט מיט אַ טיכעל אָפּגעווישט די טרעהרען פון איהרע אויגען און צוגעלעגט:

—קומט אין האָלל... וואַרט, איך וועל פריהער אליין אַריינ־געהן!...

און זי איז אַוועק.

ער האָט זי בעגלייט מיט די אויגען און דאָס הארץ אין זיין ברוסט האָט געהוליעט.

„סעמקע, דו ביזט אַ חכם!" — האָט ער געטראַכט — „נור דו אליין האָסט אזוי קונציג זיך געקענט ארויסדרעהען!"

— יעצט איז זי מיינע, מיינע, מיינע — האָט ער ארויסגע־מורמעלט.

אין אַ ווײילע ארום, ווען ער איז אין האָלל אריין, האָט דער עולם דאָרט געזונגען. ביי יעדען טיש האָט זיך אַנאַנדער מין געזאַנג גע־הערט, און ענגלישע און אידישע ליעדער, צוזאמען מיט חזן'ישע שטיק־לאַך האָבען זיך געפלאָכטען.

סעמקע האָט זיך געזעצט אויף זיין פֿריהערדיגען פּלאַץ, נעבען רייטשלען און האָט זי איצט כמעט כלומרשט ווי גאָר ניט בעמערקט...
דערנאָך האָט מען פאַר דעם עולם אוועקגעשטעלט טעלער פאַר דער „תלמוד תורה", פאַר „ביקור חולים", פאַר „הכנסת אורחים" און פאַר אַנדערע אידישע צדקה אַנשטאַלטען, און די אויפגעקומענע גבירים האָבען גענומען וואַרפען פינפערלאַך און צעהנערלאַך אויפ'ן טעלער. איינער האָט געגעבען מעהר פאַר דעם צווייטען. ווען די טעלער פאַר „הכנסת אורחים" איז צוגעקומען צו יאכענטשיק און חיים־זוסע פּליוך, וועלכע זיינען געווען גוט בעשאנסקעט און האָבען זיך יעדע ווייַלע געקלאַפּט איינער דעם אַנדערען איבער'ן אַקסעל, האָט חיים־זוסע פּליוך ארויסגעלעגט אַ פינפעריל אויפ'ן טעלער. דאַן האָט יאכענטשיק אַ געשריי געטהאָן צו איהם: „הכנסת אורחים", פּאַרך, וואָס גיסטו? !" און אַ וואַרף געטהאָן אַ צעהנעריל. האָט חיים־זוסע פּליוך אַ וואַרף געטהאָן נאָך אַ צעהנעריל אויפ'ן טעלער און איהם געענטפערט צוריק מיט אַ געשריי: „דו ביזט אליין אַ פּאַרך! איך גיב מעהר פון דיר!"... האָט יאכענטשיק געוואָרפען נאָך אַ צעהנעריל און געזאָגט: „אַט איצט גיב מעהר פון מיר, פּאַרך!"

און אַלע ארום זיי האָבען זיך צולאַכט, און אַזוי האָט יעדער פון זיי געזוכט איבערצושטייגען זיין שכן ביים טיש...

סעמקע האָט אויך געגעבען געלד, און מעהר פון אַלעמען אָרע.

זיין איידעם פינע איז צו איהם צוגעגאַנגען שיכור'לאָך.

— שווער — האָט ער געזאָגט — מען דאַרף דאָ געבען שענע נדבות און איך קען געבען סיידען מיין דלות...

האָט איהם אָרע דערלאַנגט אַ פינף־און־צוואַנציגער, האָט פינע פון דעם אָפּגעלעגט דריי דאָלאַר, דאָס איבריגע האָט ער ארונטער־געלאָזט אין קעשענע.

„פאַר הכנסת פינע" איז מעהר מצוה!" — האָט ער געטראַכט, און כיטרע געשמייכעלט.

דאַן האָט זיך אָרע מיט אַמאָל אויפגעשטעלט און אויפגעהויבען די האַנד.

— אָרדער! מיסטער כיריג וויל עפּעס זאָגען! — האָט סעמקע אַ געשריי געטהאָן.

— אָרדער! אָרדער! —— האָט מען גענומען שרייען און קלאַפּען פון אַלע זייטען.

אָרע האָט געקוקט און געשמייכעלט מיט זיין בעזונדערען גוט־הארציגען שמייכעל. דאַן, ווען עס איז שטיל געוואָרען, האָט ער געזאָגט:

— אידען, זייט עדות, איך טהו א נדר צו גאָט, ברוך הוא, וואָס ער האָט אונז אַלעמען געהאָלפען, צו בויען פאַר זיין כבוד א נייע שוהל!...

— בראוואַ! בראוואַ! — האָט מען איהם געענטפערט פון אַלע זייטען, און די אַלטע פרומע האָט זיך פאַר גדולה אַזש צו־וויינט, און פינע האָט זיך אָנגעבויגען צו זיין ווייב שרה'קע און איהר שטיל געזאָגט:

— ער ווייסט ניט, וואו אהינצוטהאָן זיין געלד, דער טאַטע דיינער!...

און זי האָט געזאָגט:

— מעהר מצוה וואָלט, דוכט זיך, געווען, ווען ער וואָלט פאַר אונז א הויז געקויפט...

ווען אָרע האָט זיך צוריק געזעצט, האָט ער זיך געווענדעט צו רייטשעלען:

— נו, ווי געפעהלט עס דיר? איה'ש באַלד נאָך אונזער חתונה וועל איך די שוהל בויען...

און ער האָט זיך צולאַכט מיט זיין גליקליכען, קינדערשען געלעכטער.

שפּעטער איז דער עולם צוריקגעגאַנגען אין דעם האָלל, וואו די מוזיקאַנטען האָבען געוואַרט. דער עולם האָט ווידער גענומען טאַנצען. איצט האָט רייטשעל געטאַנצט מיט סעמקע'ן און נור מיט איהם, ביז'ן גרויסען טאָג האָבען זיי געטאַנצט...

דאַן איז זיך דער עולם צופאָהרען. חתן־כלה זיינען אוועקגעפאָהרען אין א קאַרעטע נאָך בראָנזוויל, וואו זיי האָבען איינגעריכטעט א נייע הויז אויף סטאָון עוועניו. באַלד נאָך זיי זיינען אויך אוועקגעפאָהרען אָרע און פרומע, פינע און שרה'קע, רייטשעל, סעמקע און זיין פרוי, יאַכענטשיק און חיים־זוסע פּליוך מיט זייערע ווייבער — אַלע אין קאַרעטען.

רייטשעל איז געפֿאָהרען גאַנץ אליין, בעזונדער אין אַ פערמאַכ־טער קארעטע.

און וויגענדיג זיך אויף איהר זיץ, האָט זי געטראַכט וועגען טעמקע'ן און מיט דעם געדאַנק האָט זי איינגעדרעמעלט און עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז ער קושט זי...

---

.22

## אָרעים חתונה.

יענעם פאַרנאַכט, צוויי וואָכען נאָך עטעל'ס חתונה, איז אָרע גע־קומען אהיים אַן אויפגערעגטער.

ער איז אַ היבשע ווײַלע ארומגעגאַנגען איבער'ן עס־צימער, טיעף פערטהאָן אין זיך, האָט זיך געגלעט די באָרד און געוואָרפען פער־גנב'עטע בליקען אויף זיין מאַמע'ן, וועלבע איז געזעסען ביים טיש מיט די ברילען אויף די אויגען און האָט געצירעוועט אַ זאָק אויף אַ גלאָז.

דאַן האָט ער זיך פּלוצים אַנגערופען:

— מאַמע, איך האָב צו דיר אַ בקשה. זיי אַזוי גוט, טהו אַ רוף אַהער שרה'קען און פּינע'ן...

— שרה'קע און פּינען רופען? וואָס דאַרפסטו זיי?

— איך דאַרף זיי וועגען זעהר אַ נויטיגען ענין... האָב קיין פּאַראיבעל ניט, מאַמע, וואָס איך בין דיך מטריח. עטעלע און דער דאָקטאָר וועלען דאָ אויך באַלד זיין...

— וועגען וואָס איז דאָס, אָרע?

— אָט דו וועסט שוין הערען — האָט ער געענטפערט אויפ־געיעגט — געה, טהו זיי אַ רוף...

— גוט, מיין זוהן, איך געה גלייך.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, ארונטערגענומען די ברילען און דאַן האָט זי איהם אָנגעקוקט.

— אָרע — האָט זי ווידער געפרעגט — וועגען וואָס איז דאָס, מיין זוהן?...

ער האָט ניט געענטפערט.

— דו ווילסט מיר ניט זאָגען?...

— מאַמע — האָט ער ארויסגעמורמעלט — אַט שפּעטער... דו וועסט שוין הערען!

— נו, מילא, זאָל זיין שפּעטער — האָט די אַלטע געזאָגט און איז ארויסגעגאַנגען.

אָרע האָט זי בעגלייט ביז'ן גאַניק. דאָן האָט ער זיך דאָרט אוועקגעזעצט און נאָכגעקוקט איהר, ביז זי איז פון די אויגען פערשוואונדען. אין דער לופטען האָט שוין געדונקעלט...

אזוי איז ער דאָרט געזעסען ארום אַ פערטעל שעה. דערנאָך איז רייטשעל אָנגעקומען. ער איז מיט איהר אריין אין הויז.

— זיי וועלען דאָ באַלד זיין. איך האָב אוועקגעשיקט די מאַמע'ן נאָך זיי — האָט אָרע געזאָגט.

— וואָס האָט איהר דאָס געדאַרפט אין גאַנצען? — האָט זי זיך אָנגערופען — קיינער האָט קיין רעכט ניט אייך צו זאָגען אַ דעה!...

— יאָ, רייטשעלע, דו ביזט טאַקי גערעכט, אָבער דו פערשטעהסט?... כ'וויים?... קינדער, ערוואַקסענע קינדער... און איך בין אַ איד ניט קיין הולטיי, חלילה, וויל איך עס זאָל זיין גלאַט...

— און ווי וועט זיין, אַז זיי וועט דער שידוך ניט אָנשטעהן?...

— וועל איך זיי הערען, ווי די קאַץ — האָט אָרע געענטפערט אויפגערעגט — וואָס זיי וועט ניט אָנשטעהן, אַרט מיך ניט. איך וויל נור יוצא זיין און ווייטער... איך הער זיי אַלעמען ווי די קאַץ!...

— וואָס דאַרפט איהר מיך האָבען דערביי? — אָהן מיר וועט איהר זיי דען דאָס ניט קענען ערקלעהרען? — האָט רייטשעל זיך אָנגערופען.

— זיי דאָ, זיי דאָ, וואָס אַרט דיך? וואָס האָסטו מורא? איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט: אַזוי וועט מיר זיין גרינגער.. ווען זיי וועלען דיך זעהן, וועלען זיי פערשטעהן, אַז זייערע רייד וועלען זיין ארויסגעוואָרפען... רייטשעלע, זעה, איך בעט דיך, איך וויל דאָס וואָס גיכער אָב'פּטור'ן — האָט אָרע גערעדט מיט געבעט און איהר געגלעט איבער'ן ארעם.

זי האָט ניט געוואָלט זיין דערביי, ווען אָרע וועט ערקלעהרען זיין פאַמיליע אַז ער געהט מיט איהר חתונה האָבען: זי האָט זיך גע־

שעהמט און אַ סקאַנדאַל ערוואַרטעט. אין דער אייגענער צייט אָבער האָט זי זיך דערמאָהנט אָן די אַלע פריהערדיגע בעליידיגונגען, וואָס זי איז אַמאָל אויסגעשטאַנען פון עטלען און דער אַלטער פרומע'ן און, פערביטערט ווי זי איז יעצט געווען, האָט די דאָזיגע ערינערונג אין איהר דעם פריהערדיגען האס און דעם צו־להכעיס געפיהל אויפגעוועקט און דאָס האָט זי אָנגערעגט, אַז זי זאָל דוקא דערביי זיין און זאָל זי זעהן, ווי זיי צאַפּלען זיך, ווי זיי ווערען צופּוקעט...

זי איז געווען פערביטערט... בכלל האָט זי די לעצטע צוויי וואָכען, זינט זי איז ווידער גוט געוואָרען מיט סעמקען, דורכגעלעבט אַ שווערען קאַמפּף מיט זיך אליין. זי האָט פּלוצים דערפיהלט אַן עקעל צו דעם אַלטען אָרע'ן און אַ האַס, למאי ער איז אַזוי רייך געוואָרען, דאָס ער קען זי קויפען... וואָלט סעמקע איהר איין וואָרט געזאָגט, זי זאָל מיט אָרע'ן ניט חתונה האָבען, וואָלט זי מיט פרייד איהם געפאָלגט. ער, אָבער, האָט זי דוקא צוגערעדט צו דעם דאָזיגען שידוך. און צורעדענדיג זי צו דעם, האָט ער זיך דערווייל פערהאַלטען צו איהר „אנשטענדיג", אויסגעמיעדען צו ריידען מיט איהר וועגען זיין ליעבע און אין דער אייגענער צייט האָט ער טיעף אין זיין האַרצען געבויט זיינע שפּעטערדיגע פּלענער, ווען זי וועט שוין זיין פערהייראַט און וועט ניט דאַרפען מורא האָבען פאַר טענות און מעגליכע סקאַנדאַלען...

זי האָט געליטען און, ליגענדיג ביינאַכט אין איהר פינסטערען צימער, האָט זי אָפט געוויינט און איהר האַרץ האָט געקרעכצט: „סעם! סעם!..." אין דער אייגענער צייט אָבער האָט זי געטראַכט אַז ווי באַלד ניט סעם, זאָל זי לכל־הפּחות חתונה האָבען מיט אַ רייכען מאַן, ביי וועמען עס וועט איהר גאָר ניט פעהלען... ווייל נאָך סעמ'ען וואָלט קיין מאַן איהר איצט ניט געפעהלען געווען, וואָלט זי יעדען מאַן, ווי איהר האָט זיך אויסגעוויעזען, איצט געהאַסט... און, אַזוי, אַט מיט דעם דאָזיגען וויר־וואַר אינ'ם האַרצען, האָט זי זיך געקליעבען צו דער חופּה מיט אָרע'ן...

זי האָט זיך געפיהלט ווי פערלאָרען, פערבלאָנדזשעט אין דעם לאַבירינט פון איהרע אייגענע געפיהלען און געדאַנקען און די גאַנצע צייט האָט זי געפיהלט און געטראַכט צומישט און צוטומעלט...

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג.

רייטשעל האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן. איהר איז ווידער אונ־אַנגענעהם געוואָרען, זי האָט שנעל אויסגערעדט:

— זיי געהן... מיר איז אונאַנגענעהם צו זיין דערביי... איך וועל אַריינגעהן אין לייברערי... ווען איהר וועט פאַרטיג ווערען, וועט איהר מיך אריינרופען...

און זי איז שנעל פערשוואונדען אין דער טהיר פון'ם לייברערי צימער.

פינע איז אַריינגעקומען.

— העללאָו, שוועסר! די באָבע האָט מיר געזאָגט, איהר דאַרפט מיך זעהר נויטיג.

— יאָ, פינע. איך האָב אָבער, אַז דו וועסט היינט ניט זיין קיין שגץ... זעץ זיך...

— זיץ איך! — האָט פינע געענטפערט, געזעצט זיך אויף אַ שטוהל און אויסגעצויגען די פיס מיט די אַלטע, צוקרימטע שיך...

ערע האָט אויפגערעגט אַ קוק געטהאָן אויף זיינע פיס און גע־זאָגט:

— אָט אַפילו זיצען זיצסטו אויך, ווי אַ שגץ! וואָס האָסטו אַזוי די פיס אויסגעצויגען? ווילסט מיר ווייזען דיינע שענע שיך? אוי, פינע, פינע! אַ מענש טראָגט שיך... מיט צוקרימטע קנאָפּעל, מיר אויף צו־להכעיס!...

— זעהט איהר, שוועסר, און איהר זאָגט, אַז איך בין אַ שייגעץ! אין איין מינוט האָט איהר שוין עטליכע מאָל בעליידיגט אי מיך, אי מיינע פיס, אי מיינע שיך... נו, זאָגט אַליין, שוועסר, קען דען אַן אָרימאַן האָבען גאַנצע שיך? דערמאָהנט זיך נור, אין וואָס פאַר אַ שיך איהר זייט אַרומגעגאַנגען, בעת איהר זייט געווען אַן אָרימער פּעדלער...

— פּינע! — האָט ערע שטרענג אויסגעשריען.

— איך מיין אייך ניט, חלילה, צו בעליידיגען, שוועסר־לעבען — האָט פינע געערעדט ווייטער — באַשר איהר זייט היינט אַ איד אַ גביר מיט געלד, מיט כבוד... מען האָט אייך נאָך נעכטען געמאַכט פאַר'ן פּרעזידענט פון דער תלמוד־תורה אויך, דאַרף אייך טאַקי ניט אַנשטעהן, איך פערשטעה דאָס גאַנץ גוט, אַז אייער איידים זאָל אַרומ־געהן אין אַזוינע שיך; אוודאי איז דאָס פאַר אייך ניט קיין גרויסער

כבוד... אָבער, שווער־לעבען, ווער איז אין דעם שולדיג, חוץ אייך אליין? איהר האָט מיר פערשפּראָכען אויסצוהעלפען נאָך עטעלע׳ס חתונה. האָט איהר געהאַלטען אייער וואָרט?... ביי אַ פּרעזידענט פון אַ תלמוד־תורה דאַרף דאָס וואָרט זיין הייליג, שווער־לעבען!...

— מיין וואָרט וועל איך האַלטען — האָט אָרע איהם אונטער־בּראָכען שטרענג — (ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, היינט צו האַלטען זיך מיט אַלעמען שטרענג) — איך האָב דיר געזאָגט, אַז דו קריגסט ביי מיר צוויי טויזענד דאָלאַר און דו וועסט קריעגען!... פאַרשוואַרץ מיר ניט די אויגען, דו הולטיי דו!...

— צוויי טויזענד דאָלאַר זיינען גאָר נישט היינטיגע צייטען, שווער־לעבען — האָט פינע זיך אָנגערופען — פינף טויזענד דאָלאַר דאַרפט איהר מיר געבען...

— וואָס הייסט, איך דאַרף דיר געבען? —— האָט אָרע אויס־געשריען — פאַרך וואָס דו ביזט, דו האָסט ביי מיר עפּעס איינגעלעגט? איך שיק דיך צום שוואַרץ יאָהר. אַזאַ׳ן עזות פּנים!...

— שווער לעבען — האָט פינע געזאָגט געלאַסען — וואָס דאַרפען מיר זיך קריעגען? איהר טהוט זיך אייערס און איך וועל זיך טהאָן מיינס. איך האָב בעשלאָסען ארויסצוגעהן פעדלען, אפשר וועט מיר דאַן גאָט אויך העלפען...

— פּעדלען? — האָט אָרע אַרויסגעמורמעלט צומישט — אויף אַזאַ צו־להכעיס׳ניק ווי דו קען מען אַלסדינג גלויבען!... פינע! פאַרוואָס צאַפּסטו מיר מיין בלוט?... נו, גוט, איך וועל דיר געבען דריי טויזענד...

פינע האָט זיך אויפגעהויבען פון׳ם אָרט און אָנגערופען זיך מיט אַ גנב׳יש קול:

— שווער־לעבען ביי אייך איז דאָ איינגעריכט פון הינטען... גיט, איך וועל אייך אָבּפּוצען!...

ער האָט איהם אַ גלעט געטהאָן מיט דער האַנד פון הינטען און צוגעלעגט:

— שוין, פאַרטיג!...

— נו, פינע? איך וויל היינט מאַכען אַ סוף... און קריעגען זיך מיט דיר וויל איך אויך ניט...

— אוי, שוואַר־לעבען. זאָלט איהר מיר געזונד זיין, צו־וואָס זאָלען מיר זיך קריגען? עס איז אַ פּשוט'ער רעכנונג, שוואַר־לעבען: ווען איהר האָט געוואָלט האָבען אַן איידים אַ דאָקטאָר, האָט איהר ארויסגעלעגט צעהן טויזענד מזומנים, דאַרף איך לוינען ארויסצו־לעגען פינף טויזענד, כדי ניט צו האָבען אַן איידים אַ פּעדלער... דאַכט זיך, אַ קלאָהרער חשבון, ניט אַזוי, שוואַר־לעבען?...

אַרע איז זיך דורכגעגאַנגען איבער'ן צימער און זיך געגלעט פערטראַכט די באָרד. דערנאָך האָט ער זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און אַ רוף געטהאָן:

— קום אהער, שקץ!

פינע איז צוגעגאַנגען.

— ווערסטו זיין אַ מענש?

— וואָס הייסט? אודאי אַ מענש. — האָט פינע געענטפערט.

— ניט קיין שקץ? ניט קיין הולטאַי? ניט קיין עזות פּנים? ווערסטו האָבען דרך־ארץ פאַר דיין שווער?...

— אודאי, אודאי! איך וועל האָבען פאַר אייך דרך־ארץ בנפשי ובהיי... ווי דען?...

— געדענק־זשע! מאָרגען קריגסטו דיין טשעק!...

— די גאַנצע פינף?...

— יאָ — האָט אַרע געענטפערט — אויב דו ווערסט זיך נור היינט האַלטען ווי אַ מענש...

— נור היינט? — האָט פינע אויסגעשריען מיט התפעלות — איך וועל זיך אַלע מאָל האַלטען ווי אַ מענש! שווער, איך דאַנק אייך!

— ניט מיר דאַנק, נור דעם אל רחום וחנון, וואָס האָט געהאָלפען דיין שווער — האָט אַרע געזאָגט.

— איך דאַנק אייך ביידען!... שוואַר־לעבען, איהר ווייסט, ווי איהר קוקט אויס איצט מיט אייער באָרד? — האָט פינע גערעדט ווייטער מיט אַ חנפה'שען טאָן — ווי אַ גרויסער רב!... נעכטען שטעה איך אַזוי אויף פּיטקין עוועניו מיט עטליכע אידען פון ניו יאָרק, געהט איהר פערביי, פרעגען די אידען ביי מיר: „ווער איז דער שענער איד? אַ רב?" האָב איך געענטפערט: „דאָס איז מיסטער בירינג, דער בעריהמטער פּרעזידענט פון דער היגער תלמוד תורה"...

ניש קשה, שווער לעבען, פון מיר וועט איהר, חלילה קיין בזיון ניט ליידען...

— געדיינק־זשע, פינע! — האָט אָרע געזאָגט פערטראַכט און פּלוצים זיך א כאַפּ געטהאָן — פינע, איך האָב דאָס שוין לאַנג געוואָלט דיך בעטען... היינט אָבער איז ניט די צייט פאר דעם. אַן אַנדערס מאָל, בלא נדר, איז מוז דאָס טהאָן...

— וואָס, שוועסטער?

— דו ביזט דאָך אַ גרויסער בעל כתב... דו קענסט דאָך שען שרייבען!...

— אודאי, אודאי! — האָט פינע אויסגעשריען — נו!...

אָרע האָט זיך אומגעקוקט אהינטער, אקוראַט ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגען, אז קיינער הערט איהם ניט אונטער, דערנאָך איז ער צו איהם נאָהענט צוגעגאַנגען און שטיל געזאָגט:

— דו הערסט? איך שרייב אונטער די טשעקס, אז עס איז אַ חרפּה און אַ בושה צו קוקען... איך ווער פּשוט אָפּגעגאָסען מיט שוויים... לערן מיך אויס, אונטערצושרייבען זיך שען, אזוי עפּעס מיט א צאַצקע, עס זאָל זיין אַ חתימה מיט אַ צוק...

— אה, מיט פערגעניגען! זעצט זיך אַוועק שוין, וועל איך אייך באַלד אויסלערנען מיט אַ צוק, ווי אַ ריכטיגען שלשלת...

— איצט האָב איך קיין צייט ניט, איך דאַרף נאָך אָבפּטר'ן אַ וויכטיגען ענין... וואו איז שרה'קע? די מאַמע?...

— איך האָב זיי געלאָזען פון הינטען. זיי וועלען מסתמא באַלד זיין — האָט פינע געענטפערט.

מען האָט ווידער אָנגעקלונגען.

— מסתמא זיי — האָט פינע געזאָגט און זיך אַ קעהר געטהאָן צו דער אריינגאַנגס־טהיר.

דאָקטאָר הודקין און עטעל מיט אַ ווייס הינטעלע אין די אָרעמס זיינען אריינגעקומען.

אָרע האָט דערזעהן דאָס הינטעל און איז אָפּגעטראָטען אהינטער.

— אַ הינטעל גאָר? וואָס דאַרפסטו אַ הינטעל? — האָט אָרע ארויסגערעדט.

האָב ניט מורא, פּאַפּאַ — האָט עטעל געענטפערט — פּרינצעלע בייסט זיך ניט. פּרינצעלע, פּרינצעלע — האָט זי זיך געווענדעט

צום הינטעלע מיט ליעבע אין'ם קול און איהם א קוש געטהאָן אויפ'ן מויל.

— עטעל, וואָס טהוסטו? ווענען קושט דו? — האָט אָרע אויס־געשריען.

דאָקטאָר הודקין האָט זיך צולאַכט:

— אָח, עס מאַכט נישט. זי מאָג איהם קושען.

— עס איז שוין אזא הינטישער איבערגאַנג, שוועה־לעבען — האָט זיך פּינע אריינגעמישט — דער ריעל־עסטייט בום האָט איהם געבראַכט. וואו מען טהוט זיך נור א קעהר, זעהט מען ווי רייך־גע־וואָרענע ווייבלאך און מיידלאך קושען ווייסע הינטעלאך און רייך־געוואָרענע מאַנסבילען קושען שוואַרצע צייגעלאך...

— אזא „פערגעניגענד" פערשטעה איך ניט — האָט אָרע זיך אָנגערופען — ביי מיר איז א הונד אַן אונריינע חיה...

— אייך פעהלט דער הינטישער יוצר הרע, שוועה־לעבען! — האָט פּינע בעמערקט.

— פּאָפּאָ, איהר האָט אונז וועגען וואָס גערופען — האָט דאָק־טאָר הודקין מיט אמאָל אונטערבראָכען דעם געשפּרעך — איך האָב קיין צייט ניט צו הערען פּינע'ס חכמות און קיין בעזונדערען פער־גניגען פערשאַפען זיי מיר אויך ניט.

עטעל איז אויך געוואָרען בייז אויף פּינע'ן.

— ער מוז אַרויסווייזען, אַז ער איז א גראָבער יונג. ער מיינט, אַז דער דאָקטאָר איז דער פּאָפּאָ! — האָט זי געזאָגט.

אָרע האָט זיך א כאַפּ געטהאָן. זי איז געדערשראָקען. בעט דעם דאָקטאָר, ער זאָל דיר מוחל זיין! — האָט ער זיך געווענדעט צו פּינע'ן מיט א שטיל קול — נו? א מהומה אויף דיר, דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט!...

— דאָקטאָר, זייט מיר מוחל! — האָט פּינע זיך געווענדעט צו יענעם מיט לייכטען שפּאָט אין'ם קול.

— אָה, איהר האָט מיך ניט בעליידיגט — האָט דער דאָקטאָר ארויסגערעדט.

— עטעל, זיי מיר מוחל! פּרינצעסע, זיי מיר מוחל! — האָט פּינע זיך געווענדעט צום הינטעל אויך און זיך פערנייגט פאַר איהם.

אָרע האָט זיך צולאַכט:

— פאַר דעם הונד אויך?

— דער הונד איז אַ יחסן היינטיגע צייטען אין בראַנזוויל — האָט פינע געענטפערט.

פרומע און שרה'קע זיינען אריינגעקומען, די לעצטע מיט אַ טוך איבער די אַקסלען.

זי איז גלייך צוגעגאַנגען צו פינע'ן, ניט זאָגענדיג קיינעם קיין „גוט אָבענד“ און ארויסגערעדט:

— איך קען אויף איהם ניט קוקען, אויפ'ן דאָקטאָר... צעהן טויזענד דאָלאַר, אויסקרענקען זאָל ער!...

— מילא, מיר האָבען איהם אין דער ארמה! — האָט פינע געענטפערט — הער נור אויס: איך האָב טאַקי אויסגעפיהרט ביי דיין טאַטען...

— וואָס?

— איך קריעג פינף טויזענד.

ביי שרה'קען האָט אַזש דער פנים זיך אָנגעצונדען.

— זאָלסטו אַזוי לעבען?

— מיט דיר צוזאַמען, שרה'לע! — האָט פינע געענטפערט — נו, ווער האָט אַ קעפּעלע, הא?

— טאַקע אמת, פינעלע? אוי, אַז דיין קאָפּ זאָל נור לעבען! אַ גוט אָבענד דיר, טאַטעניו! — האָט זי זיך דאַן געווענדעט צו אָרע'ן מיט פרייד אין'ם קול.

אָרע, וועלכער איז איצט ארומגעגאַנגען איבער'ן צימער מיט אַן אויפגערעגטער מינע, האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— הא? אַ גוט אָבענד, שרה'קע, אַ גוט אָבענד!...

אין דיעזער צייט האָט פרומע בעמערקט ביי עטלען דעם הינטעל.

— זעה נור, וואָס האָלסטו עפּעס אַ הינטעלע, עטל? — האָט זי אויסגעשריען פערוואונדערט.

אָרע האָט זי אונטערבראָכען:

— מאַמע, האָב ניט מורא, אַ שטיל הינטעלע... מיש זיך ניט!... הערט אויס, קינדער, איך האָב אייך גערופען וועגען אַ נויטיגען ענין.

ער האָט זיך אויסגעהוסט און דערנאָך גערעדט ווייטער אויפ־געגרעגט:

— קינדערלעך, דאַנקען גאָט, איהר זייט ביי מיר אַלע פערזאָרגט. הלואי זאָלט איהר ניט דאַרפען אייער טאַטען'ס, נור, טאָמער, חלילה, וועט איהר יאָ אַמאָל דאַרפען אָנקומען צו מיר, וועל איך אייך אודאי העלפען... דאָקטאָר, דו ביזט אַ „געבילדעוועטער", וועסטו מיך פערשטעהן. און דו, פינע און דו, שרה'קע, און דו, מאַמע, און איהר אַלע, האָף איך, וועלען געגען דעם גאָר ניט האָבען...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געטראַכט, וואָס ווייטער צו זאָגען.

פינע האָט ארויסגעפּליסטערט צו זיין פרוי:

— אוי, שרה'קע, עס שמעקט מיט אַ שידוך...

— וועה איז מיר! — האָט זי ארויסגעמורמעלט.

— קינדערלאך — האָט אַרע ווידער אָנגעהויבען — איהר ווייסט, אַז מיין לעבען מיט אייער קראַנקער מאַמע'ן, אונז אַלעמען צו לאַנגע יאָהר, איז ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. וואָס איז, דאַ צו ריידען?... נור וואָלט אייער מאַמע געלעבט, וואָלט איך זיך אודאי מיט איהר ניט גע'גט. אין דעם שענעם הויז וואָלט זי געוואָהנט... די בעסטע וואוילטאָגען וואָלט זי ביי מיר געהאַט... עס איז איהר אָבער ניט באַשערט געווען... הקיצור, קינדערלאַך, נעהמט ניט פאַר אומגוט. צו לעבען אַן אַלמן איז גאָר קיין לעבען ניט... אַ הויז מוז האָבען אַ בעל-הבית'טע. איך האָב זיך מיישב געווען, איך זאָל חתונה האָבען...

— דו הערסט? — האָט עטל צושראָקען זיך אָנגערופען צו איהר מאַן.

— דאָס איז אינטערעסאַנט! — האָט ער געענטפערט.

שרה'קע האָט אויסגעשריען:

— אוי, אַ וועהטאָג איז מיר! וואָס הייסט, עס פעהלט אַ בעל הבית'טע? און וואו איז די באָבע?

פרומע האָט זיך אריינגעמישט:

וואָס הייסט, די באָבע?... איך האָב שוין לאַנג געזאָגט, אַז ער דאַרף חתונה האָבען. אַ איד לעבט ניט אָהן אַ ווייב און אַ שטוב דאַרף האָבען אַן אינגערען מענשען, ווי איך בין!...

— וועל איך אריינמופען צו אייך, פיהרען די בעל-הבית'שקייט — האָט שרה'קע מיט היטץ אויסגעשריען — ניט אמת, פינע? וואָס שווייגסטו?

פינע האָט זי אַ צופּ געטהאָן ביים קלייד.

— אומזיסט די רייד — האָט ער שטיל און שנעל געענטפערט — דו שריי אויך ניט. איך דאַרף קריגען מאָרגען דעם טשעק...

שרה'קע האָט זיך צויאָמערט:

— אַזוי גיך און די מאַמע'ן האָט מען שוין פערגעסען!...

עטעל האָט זיך אויך צוכליפּעט און צוגעדריקט דעם שטערען צום הינטעלע אויף איהרע אָרעמס.

— איך וועל פיהרען די בעל הבית'שקייט! — האָט שרה'קע געיאָמערט ווייטער.

— דו פיהר זיך אין דיין הויז די בעל הבתיש'קייט, דאָ וועט אַן אַנדערע פיהרען! — האָט פרומע איהר געענטפערט.

— טאַקי זעהר שעהן! אַן עלטערער איד! — האָט שרה'קע נאָך העכער געקלאָגט.

אָרע אַזי געשטאַנען צומישט און געקוקט ארום זיך מיט צו־טומעלטע אויגען. פּלוצים האָט ער אַ געשריי געטהאָן אויסער זיך:

— שווייג, דו חצופה! איך האָב אייך גערופען, ווי אַן עהרלי־כער, גוטער טאַטע, צו דערצעהלען אייך, אַז איך געה חתונה האָבען. אָבער אייערע עצות האַלט ביי זיך! עס וועט אייך ניט העלפען! איך בין נאָך אַ לעבעדיגער מענש — האָט ער זיך נאָך מעהר צוקאָכט — איהר הערט: אַ לעבעדיגער מענש! פון אייער מאַמען האָב איך קיין האָניג ניט געלעקט, שווייגט, אַניט געהט מיר צו אַלדי שוואַרץ יאָהר!...

און ער האָט גענומען לויפען איבער'ן צימער שטאַרק אויפגערעגט.

— נו, טאַקי, נו! האָט פינע זיך אַנגערופען — דער שווער איז גערעכט! עס איז אַ בפירוש'ע גמרא: „נשה אשה בילדותו, ישא אשה בזקנותו“ — אַ איד, הגם ער האָט שוין מקיים געוועזן די מצוה פון חתונה האָבען אין זיינע יונגע יאָהרען, איז אויף די עלטערע יאָהרען, אויב ער האָט ניט קיין ווייב, דאַרף נאָך אַמאָל מקיים זיין די דאָזיגע מצוה... שווער־לעבען, איך קען אַן אלמנה אין אייערע יאָהרען, רעכען איך, אַז עס וואָלט געוועזן אַ וואוילער שידוך פאַר אייך... אפשר זאָל איך...

— איך בעט דיך ניט — האָט איהם אָרע אונטערבראָכען מיט כעס, אָפּשטעלענדיג זיך געגען איהם: — איך האָב שוין איינע...

מעג זי אייך ניט געפעהלען, מיר אָבער געפעהלט זי... א כשר'ע אידישע טאָכטער, אַן עהרליכע מיידעל...

— וואָ־אָס?! א מיידעל?! — האָט זיך ביי אַלעמען ארויס־געריסען.

פרומע איז צוגעגאַנגען צו אָרע'ן.

— ווער איז דאָס מיידעל, אָרע? — האָט זי שטיל געפרעגט — אַן עלטערע, מסתמא, הא?

— מאַמע — האָט אָרע געענטפערט מיט אַזא קול, אַזוי ווי ער וואָלט ביי איהר שוין געבעטען — מאַמע, זי איז זעהר אַן עהרליך קינד, מיט א גאָלדען האַרץ, א דימענט. איך האָב צוויי טעכטער און קיין קדיש ניט — האָט ער צוגעלעגט שטיל — דער דאָקטאָר איז ניט קיין קדיש און אויף פינע'ן קען מען זיך אויך ניט פערלאָזען...

פרומע האָט געענטפערט:

— מיין זוהן, זאָל זיין מיט מזל! דיר דאַרף קיינער קיין דעות ניט זאָגען. פון יענער ווייב, זאָל זי מיר מוחל זיין, האָסטו קיין נחת קיינמאָל ניט געהאַט... ווער איז זי, מיין זוהן?...

— אַ באַלד! — האָט אָרע געענטפערט, א לאָז געטהאָן זיך צו דער טהיר פון דער לייברערי־צימער, זיך ווידער אומגעקעהרט מיט א רחמנות'דיגער, בעטענדער מינע, אויסגעשטעלט צו זיי ביידע הענד און ארויסגערעדט שיער מיט טרעהרען אין קול:

— האָט רחמנות, קינדערלאך, מאַמע... ווייזט איהר אַלע א פריינדליכע מינע... נעהמט זי אויף שען... וואָרים, חלילה וחס, איך קען נאָך פון די כלים ארויס... איך בעט אייך נאָך אַמאָל!...

און ער איז שנעל פערשוואונדען געוואָרען אין דער טהיר פון לייברערי־צימער.

דאַן האָט פינע אויסגעשריען:

— מזל טוב אייך, מחותנים פון חתן'ס צד!...

און בעמערקט אַז זיין ווייב שרה'קע וויינט, האָט ער צוגעלעגט:

— וויין ניט, שרה'לע לעבען, בעהאַלט דיין קוואַל טרעהרען פאַר די צייט, ווען מען וועט דיין טאַטען'ס כלה בעזעצען!...

— א מיידעל האָט זיך איהם פערוואָלט — האָט שרה'קע גע־כליפּעט.

— נישקשה, קיין עולה ניט! — האט פרומע זיך אנגענומען פאר ארע'ן — ביי אונז אין שטעדטעל האט משה־חיים דער שוחט אפילו זיין דריטע ווייב אויך גענומען א מיידעל...

— אודאי, באבעניו, — האט פינע געזאגט —— אז מען וויל מקיים זיין אזא גרויסע מצוה, קען מען מיט א מיידעל אויך...

ארע האט אריינגעפיהרט רייטשלען. זי איז געגאנגען מיט ארונטערגעלאזענע אויגען.

— שעהם זיך ניט, רייטשעלע — האט ער געזאגט — האב מיט מורא... אט דאס איז זי...

אלע זיינען געבליבען שטעהן פערשטיינערט, אהן לשון, מיט די אויגען אויסגעגלאצט אויף רייטשלען.

דאן האט דאקטאר ארויסגעמורמעלט:

— דאס איז אינטערעסאנט!...

און עטעל האט אזש דעם הינטעל פאר איבערראשונג ארונטערגעווארפען און האט ארויסגעשטאמעלט:

— רייטשעל?!...

שרה'קע האט א פאטש געטהאן אין די הענד און אויסגעשריען:

— מאמעלאך, איך וועל זיך די באקען צוקנייפען!...

פינע האט ארויסגעמורמעלט:

— אי, איך געה באלד אוועק טאנצען א דזשיק...

נור איין פרומע האט קיין ווארט ניט געקענט אויסריידען. זי איז געשטאנען מיט פערבראכענע הענד און אויסגעגלאצטע אויגען. פלוצים האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען א פערצווייפעלטער געשריי:

— ארע, וועה איז צו מיר, אט די טענצערקע?... ביזטו משוגע?...

רייטשעל האט זיך צו־וויינט. ארע איז ווילד געווארען, האט גענומען קלאפען מיט'ן פויסט אן טיש און שרייען:

— קיין דעות! קיין דעות! קיין דעות! שווייגט! שווייגט! שווייגט! איהר איין נאגעל איז ביי מיר טהייערער ווי אייער לייב און לעבען! זי איז עהרליכער און בעסער פון אייך אלעמען!...

רייטשעל איז צוגעפאלען צו זיין ברוסט און האט געבליפעט.

— בלוט־זויגער! איהר זאלט מיר איהר בלוט ניט פערצאפען, א־ניט וועט אייער סליאד דא ביי מיר ניט זיין... נו, שא, שא, רייטשעלע, הער זיי אלעמען ווי די קאץ! — האט ער זי געגלעט.

אַלע זיינען געשטאַנען פערגאַפט. עטעל נעבען איהר מאַן; שרה'קע נעבען פינע'ן און די אַלטע פרומע אין מיטען צימער מיט פערבראָכענע הענד.

מיט אַ מאָל האָט זיך די אַלטע גענומען טרייסלען מיט'ן גאַנצען קערפּער, האָט זיך שטיל און רחמנות'דיג צו־וויינט און איז מיט אַן ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ ארויסגעגאַנגען פון צימער.

נאָך איהר זיינען ארויס עטעל און איהר מאַן, ניט געזעגענענדיג זיך, מיט פּנים'ער, אַזוי ווי זיי וואָלטען פון אַ צימער ארויס, וואו אַ טויטער איז געלעגען...

דערנאָך זיינען ארויס שרה'קע מיט פינע'ן, אויך ניט זעגענדיג זיך. נור ביי דער טהיר האָט פינע חרטה געהאַט.

— גוטע נאַכט אייך, שוועגער לעבען — האָט ער געזאָגט — מיר געפעלט דוקא דער שידוך. זאָל זיין מיט גליק! מאָרגען וועל איך זיין ביי אייך.

ווען אָרע איז געבליבען מיט רייטשלען אַליין, האָט ער זי בע־רוהיגט:

— נו, שאַ, שאַ, הער זיי ווי די קאַץ. זיי וועלען בעסער ווערען. אַ־ניט זאָל דיך אויך ניט אַרען!...

און ער האָט זי אַ קוש געטהאָן און צוגעלעגט:

— דו ביזט מיר טהייערער פון זיי אַלעמען, הולטייקע דו!...

* * *

נאָך אין דער אייגענער וואָך האָט אָרע געשטעלט אַ „שטילע חופּה“ מיט רייטשלען ביי זיך אין דעם רייכען הויז. ביי דער חופּה זיינען געווען רייטשעל'ס שוועסטער און איהר מאַן, משה־בער, וועמען רייטשעל האָט פערשפּראָכען צו מאַכען עפּעס אַ געשעפט און וועלכער האָט שוין דערצעהלט זיינע לאַנדסלייט, אַז זיין שוואָגער, דער מי־ליאָנער, גיט איהם דערווייל 20 טויזענד דאָלאַר אויף אַ גרויסען גע־שעפט און שפּעטער נאָך, און טאָקע אפשר אַ פופציג טויזענד דאָלאַר... און אפשר גאָר אַ הונדערט טויזענד דאָלאַר... פון אָרע'ס פאַמיליע איז, אויסער פינען'ן און דער אַלטער פרומע'ן, קיינער מעהר ניט געווען, און די אַלטע איז מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און מיט שרעק צו איהר זוהן'ס חופּה געגאַנגען. נאָך דער חופּה האָט זי זיך מיט

רייטשלען צוקושט און מיט אַ רחמנות'דיגען קול אַרויסגעפּליסטערט: „זיי איהם אַ לייטישע וויב, רייטשעלע... איך בעט דיך..." חיים־זוסע פּליוך און יאכנעטשיק זיינען אויך דאָרט געווען, האָבען שטאַרק מקנא געווען דעם גליקליכען אָרע'ן.

— אזא מזל אביסעל! — האָבען זיי צווישען זיך גע'סוד'עט זיך — אַ מויד אביסעל, אי, אי, אי!...

סעמקע איז דאָ אויך געווען און ער האָט זיך געפיהלט אזוי גליקליך און פרעהלאך, אקוראט ווי מען וואָלט דאָ געפייערט ניט אָרע'ס חתונה מיט דער שענער, געזונדער רייטשעל, דער מיידעל מיט די פייערדיגע, קאָבעדיגע, שווארצע אויגען, נור זיין, סעמ'קעס חתונה מיט איהר...

ברוקלין, נ. י., 1913.

**ע נ ד ע.**